# אינהאַלט:

# אַ דאַנק

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין טיפסטן דאַנק די אַלע, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן מיט ראָט און טאָט אין פאַרפאַרטיקן דעם דאָזיקן בוך. און כאָטש עס איז נישט מער ווי "איין לעבן" פון אונזער פרעזידענט, ווי די ערשטע לעדי האָט באַמערקט אין איינעם פון אירע טעגלעכע קאָלומס ("איך האָב געערדט מיט אַ דזשענטלמאַן, וועלכער שרייבט אַ לעבן פונם פרעזידענט"), איז אויך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפון געווען גענוג גרויס. ווייל אַפילו "איין לעבן" פון דעם איצטיקן פרע־זידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז פאַרבונדן מיט הונדערטער מיליאָנען אַנדערע לעבנס איבער דער גאַנצער וועלט — איצטיקע און קומענדיקע.

מיין ערשטער און לעצטער דאַנק גייט צו דער גרויסמוטיקער ער־שטער לעדי, מרס. עלינאָר רוזוועלט, פאַר איר אומפאַרגלייכלעכער הילף; פאַר איר עפענען פאַר מיר די טירן פונם ווייסן הויז און פון הייד פאַרק; פאַר איר וואונדערבאַרן צוטרוי צו מענטשן וואָס שפּיגלט אָפּ איר אייגענעם כאַראַקטער.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט אויך אויסדריקן מיין דאַנק דער מיס מאַלווינא ס. טאָמפּסאָן, מרס. רוזוועלטס סעקרעטאַרין און לעבנספריינט, פאַר איר קאָאָפּעראַציע.

מיין אויפריכטיקן דאַנק מעידזשאָר דזשענעראַל עדווין מ. וואָטסאָן פאַר זיין קאָאָפּעראַציע און געדולד.

אַ האַרציקן דאַנק דעם מעיאָר פון ניו יאָרק, דער האָנ. פיאָרעלאָ ה. לאַגוואַרדיאַ, פאַר דער ברייטהאַרציקייט וואָס ער האָט מיר אַרויס־געוויזן. איך וועל לאַנג געדענקען די אינטערעסאַנטע מאָמענטן וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט אים צוזאַמען.

מיינע דאַנקען צו: מר. ווילאַם ד. העססעט, סעקרעטאַר צום פרע־זידענט; מר. ווילאַם א. פלאָו, אויפזעער פון רוזוועלט עסטעיט

אין הייד פּאַרק; מר. בעיסיל אָ׳קאָנאָר פון דער דזשאָרדזשיא וואָרם ספּרינגס פאונדעישאָן; מר. פרעד באטס, רעגיסטראַר פון וואָרם ספּרינגס, דזשאָרדזשיא; מר. פּאול ראדזשערס, געוועזענער פּאַציענט אין וואָרם ספּרינגס; מר. ס. דירינג ווידער, פון וואָרם ספּרינגס; מר. בען האָ־בעלאַנד, דער זקן פון פּרעזידענט רוזוועלטס געבוירן־אָרט — הייד פּאַרק; מר. עלען פּראַסט, דעם פּרעזידענטס יוגנט־חבר, און מר. אי. ב. ניקסאָן, ביבליאָטעקאַר פון דער רוזוועלט־לייברערי אין הייד פּאַרק. אויך צו די אַלע, וועלכע האָבן מיט אַזאַ גרייטקייט מיר אָנטקעגנגע־טראָגן זייער הילף און וועלכע ווילן, צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, נישט דערמאָנט ווערן ביים נאָמען, שיק איך מיינע האַרציקסטע דאַנקען.

איך דאַנק אויך די דריי דזשענטללייט — דעם האָנ. וויס־פּרעזי־דענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, הענרי א. וואַלעס; מר. אַלפרעד ע. סמיט און מר. אַרטור גאַרפילד העיז — פאַר זייערע גוטע עצות. אַ דאַנק אויך מר. וועגדעל ל. ווילקי פאַר זיין גוטן ווילן, וועלכן ער האָט, ביי די געשאַפענע אומשטענדן, נישט געקאָנט אינגאַנצן נאָכקומען.

ל. פאַרעם

# אַריינפיר

דאָס דאָזיקע בוך ווערט געשריבן אין אַ צייט, ווען עס קומט פאָר די גרעסטע וועלט־שרפה אין דער מענטשלעכער געשיכטע. די אָדערן פון דער וועלט זענען אונטערגעצונדן געוואָרן פון עטלעכע געוויסנלאָזע אַוואַנטוריסטן און די פלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט דאָס האַרץ און דעם קאָפּ פון דער מענטשהייט. דער באָדן פאַר דער שרפה איז געווען אַ פּרוכטבאַרער. די ערד, אַן אויסגעווייקטע פון בלוט און רשעות, גיט זיך אונטער די גיהנומדיקע כוואַליעס מיט אַ זעלבסטמערדערישער הנאה. אפשר וועט מיט דער צייט דאָס בלוט זיך אויסטריקענען. אפשר וועט די רשעות אָפּגעמעקט ווערן אויף אייביק און אַ נייע ערד וועט געבוירן ווערן — אַן ערד, אויף וועלכער דער מענטש, צו וואָסער רעליגיע און ראַסע ער זאָל נישט געהערן, וועט קאָנען לעבן און אָטעמען.

אויב דאָס דאָזיקע וועט מקוים ווערן, וועט גאָר אַ סך זיין צו פאַרדאַנקען איין מענטשן, וועלכער טראָגט דעם נאָמען פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אונזער אומגליקלעכע וועלט האָט נאָך מסתמא אַ שטיקל צד אין הימל, וואָס דווקא אין אַזאַ צייט איז אויסגעפאַלן דער גורל אויף רוז־וועלטן צו זיין דער פּרעזידענט פון אַזאַ גרויסער מלוכה. עס האָט געקאָנט זיין אַנדערש אויך. די וואַלן אין די יאָרן 1932 און 1936 האָבן זיך געקאָנט ענדיקן אַנדערש ווי זיי האָבן זיך געענדיקט. אַזוי אַנדערש, אַז דער גאַנצער גאַנג פון דער געשיכטע, נישט נאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר פון דער וועלט, וואָלט זיך געווען פאַר־קירעוועט אין אַזאַ ריכטונג אַריין, פון וועלכער מען וואָלט זי נאָכדעם דורות־לאַנג נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן.

שטעלט אייך פאָר אַ זאַך. אינעם יאָר 1932 ווערט, אנשטאָט רוז־וועלטן, דערוויילט הוירבערט הואווער אויף אַ צווייטן טערמין. וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע דאָס וואָלט געווען פאַר אונזער לאַנד קאָן מען זיך קוים אויסמאָלן. עס זענען געווען פון עלף ביז דרייצן מיליאָן

אַרבעטלאָזע. דאָס האָט אָנגעריכט אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג — דירעקט. אומדירעקט האָט זיך עס אָפּגערופן אויף דעם גאַנצן עקאָנאָמישן אַפּאַראַט פון די בירגער. קיין אויסזיכטן אויף בעסערס זענען נישט געווען. הוּווער האָט נישט געהאַלטן פון קיין ״קינסטלעכע״ מיטלען עפּעס צו טאָן אין אַ קריזיס. האָט ער דעריבער אַלץ געלאָזט גיין מיט דעם נאַטירלעכן וועג. און דער ״נאַטירלעכער״ וועג איז דאמאלס געווען הונגער און אומצופרידנקייט אין דעם רייכסטן לאַנד אין דער וועלט. דער איינציקער אָפּענער וועג פאַר איינעם וואָס האָט נישט געוואָלט שטאַרבן פון הונגער איז געווען אַרויסצוגיין אין גאַס און זיך אַוועקשטעלן מיט אַ קעסטעלע עפּל. דאָס איז געווען די ״אינדוסטריע״ וואָס האָט געבליט אונטער דעם איינגעשפּאַרטן און אין זיך פאַרגליבטן הוּווער.

אַ גרעסער אומגליק וואָלט געווען פּאַסירט, ווען עס זאָל אין 1936 געווען דערוויילט געוואָרן דער דזשענטלמאַן פון קענזאַס, אַלפרעד מ. לענדאָן. ווייל די צייטן זענען שוין געווען אָנגעשטרענגטער און קריטישער. עס איז שוין געווען אַ היטלער אויף דער וועלט, און ער און זיין שוואַרצע באַנדע האָבן אַרויסגעקוקט אויף לענדאָנס דערוויילונג ווי אויף זייערס אַ ישועה. נישט דערפאַר ווייל לענדאָן איז אַ פאַשיסט. ניין, דער דזשענטלמאַן פון קענזאַס איז דווקא אַ פיינער און לייטישער בירגער. ער האָט אָבער אַזאַ באַגריף אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק מיט די אַלע לאַבירינטישע שמד־שטיק, מיט וועלכע זי ווערט ארומגעוועבט, ווי היטלער און דעם מיקאַדאָס געאַכפּערטע מיניסטאָרען, אַ שטייגער, האָבן וועגן מענטשלעכקייט און יושר. אַ גרויסן טייל פון זייערע פּלענער פון טעראָר און וועלט־מאַכט האָבן די נאַצי־פאַשיסטישע געמבלערס געבויט אויף אַזעלכע לענדאָנס און טשעמבערלעינס. ווען עס זאָל היטלערן געווען געלונגען צו ״נייטראַליזירן״ אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע כאָטש אויף פיר יאָר צייט — וואו וואָלטן מיר היינט געווען אָנגעשלאָגן? ווי וואונדערבאַר עס איז נישט געווען דער ענגלישער ווידערשטאַנד אין די קריטישע טעג פון 1940, איז עס נישט אויסגעשלאָסן, אַז ער וואָלט דאָך געווען געבראָכן געוואָרן, ווען די ענגלישע פירער און דאָס ענגלישע פאָלק זאָלן נישט געווען וויסן, אַז פרעזידענט רוזוועלט און די מעכטיקע פאַראייניקטע־שטאַטן שטייען מיט זיי. ווען דער הויפּט אינם ווייסן הויז זאָל דאַמאָלס געווען זיין נישט רוזוועלט, נאָר אַן ״אַפּיזער״ (אַ פּשרה־מאַכער) פון טשעמבערלענס שניט, ווער קאָן זאָגן, אַז עס וואָלט נישט געקאָנט פּאַסירן מיט ענגלאַנד דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט טשעכאָסלאָוואַקיע אָדער מיט פראַנקרייך?

און ווי הערבאיש דער סאָוועטישער קאַמף קעגן די נאַציס זאָל נישט זיין, קאָן דען עמיצער אָפּלייקענען, אַז אָן אַמעריקעס הילף וואָלט עס געווען אַ ביסעלע שווערער? דער עיקר האָט זיך דאָ גערעכנט די מאָראַלישע הילף פון אַזאַ באַליבט לאַנד און פון אַזאַ באַליבט פאָלק, ווי די רוסן זעען אַמעריקע און די אַמעריקאַנער.

נאַטירלעך, האָט דער שפּעטערדיקער שטראָם פון "לענד ליס" פון אַמעריקע קיין סאָוועט־רוסלאַנד געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער מלחמה אין מזרח אייראָפּע.

אין יאָר 1940, נאָכן פאַלן פון פראַנקרייך, האָט טשוירטשיל גע־זאָגט וועגן די ענגלישע לופטפּליער, וועלכע האָבן אָפּגעשלאָגן די נאַ־צישע לופט־איבוואַזיע אויף ענגלאַנד:

"זעלטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע האָט אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן געהאַט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען אַזאַ קליינער צאָל."

דאָס זעלבע, נאָך אין אַ ברייטערן פאַרנעם, קאָן מען זאָגן וועגן פּרעזידענט רוזוועלט. זעלטן האָט אַ גאַנצע וועלט אַזוי פיל צו פאַר־דאַנקען איין איינציקן מענטשן פאַר זיינע אויפטואונגען. מען דאַרף נאָר אויפמישן עטלעכע בלעטלעך געשיכטע פון אונזערע אייגענע טעג צו זען וואָס דער מענטש האָט אויפגעטאָן פאַר זיין לאַנד, פאַר זיין פאָלק און פאַר דער וועלט.

ווען רוזוועלט האָט איבערגענומען די פּרעזידענטשאַפט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס לאַנד, ווי שוין דערמאָנט, געווען קראַנק אויף אַ שווערער עקאָנאָמישער קרענק. עס האָט זיך גענויטיקט אין אַ גוטן דאָקטאָר, וועלכער זאָל, פאַר אַלעם, קאָנען שטעלן דעם ריכ־טיקן דיאַגנאָז, כדי נאָכדעם צו קאָנען געפינען די ריכטיקע מיטלען מיט וואָס עס צו היילן. אַזאַ דאָקטאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט. מיט אַ גלויבן אין זיך, אַז ער האָט די רפואה פאַר דער חולאת; מיט אַ מוט וואָס איז נאָר צו געפינען ביי די גרויסע דאָקטוירים האָט ער אָנגעהויבן די שווערע אָפּעראַציע. ווען דער ערשטער קריזיס איז אַריבער און דער חולה האָט געעפנט די אויגן, האָט מען געוואוסט, אַז מען האָט זיך נישט אָפּגענאַרט אינעם "דאָקטאָר". דאמאָלס האָט מען שוין געקאָנט רואיקער זוכן מיטלען ווי אַזוי דעם קראַנקן אינגאַנצן געזונט צו מאַכן.

אינעם נייעם טעסטאַמענט געפינט זיך אַן אויסדרוק (לוקאַס 4, 23): "דאָקטאָר, הייל זיך!" דאָס מיינט, אַז איידער איינער איז גרייט צו היילן אַנדערע דאַרף ער פריער זען זיך אליין אויסצוהיילן פון אַלערליי חולאתן. רוזוועלט האָט אין דעם פאַל, מער ווי וועלכער עס איז אַנ־

דערער מענטש, געקאָנט זאָגן אויף זיך, אַז ער איז דורכגעגאַנגען די סטאַדיע פון זעלבסטהיילונג — נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך פסיכיש. ווייל רוזוועלט, אַליין אַ געטראָפּענער פון אַ קראַנקהייט וואָס אַנטהאַלט פסיכישע פּונקט ווי פיזישע יסורים, און וועלכער האָט באַוויזן מיט זיין גייסטיקן כח זיך אַליין געזונט צו מאַכן, איז געווען דער זעלטענער מאַן פאַר דעם מאָמענט.

פּרעזידענט רוזוועלט האָט נישט דורכגעפירט קיין רעוואָלוציע אין אַמעריקע, ווייל ער איז בטבע נישט קיין רעוואָלוציאָנער. די אומ־שטענדן אונטער וועלכע ער האָט זיך געהאָדעוועט, די סביבה וואָס ער האָט אַריינגעאָטעמט, זענען נישט געמאַכט געוואָרן פון קיין פולווער־שטאָף. רוזוועלט איז אָבער אַ מענטש מיט זייער אַ ברייט און מיט־פיליק האַרץ. האָט ער דעריבער גענומען דעם ווייטסטן וועג וואָס זיין שטאַנד און זיין דערציאונג האָט געקאָנט נעמען. ער איז געוואָרן אַן עקסטרעמער רעפאָרמער, אַ טראַדיציע־ברעכער, אַ פּרעצעדענטן־שאַפער. אויב דאָס קאָן אָנגערופן ווערן רעוואָלוציאָנעריש, דאַן איז רוזוועלט אַ רעוואָלוציאָנער אין דער מילדסטער פאָרם.

דאָס וואָס רוזוועלט האָט אָפּגעראַטעוועט די מיט שווייס אָפּגע־שפּאָרטע גראָשנס פון די נישט־פאַרמעגלעכע אין דעם באַרימטן באַנק־קריזיס באַלד אין אָנהויב פון זיין אַדמיניסטראַציע, וועט פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע מיט אַ לויב אויף זיין נאָמען. רוזוועלטס געזעץ פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג, פּענסיעס פאַר אַלטע לייט, אלמנות און קינדער — וועט אויך פאַרשריבן ווערן אויף זיין חשבון. און וואָס איז מיט דעם פיינעם עקספּערימענט מיט די סי־סי־סי קעמפּס? איר האָט דאָך אוודאי געהערט פון די היימלאָזע קינדער אין די נאָך־מלחמה לענדער פון אייראָפּע מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק און די פּראָבלעמען וואָס זיי האָבן געשאַפן. ניין, אין אַמעריקע איז עס נישט געווען אַזוי שלעכט. דאָ זענען סתם אַרומגעגאַנגען יונגעלייט אין די הונדערטער טויזנטער און האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיך. קיין אַרבעט איז פאַר זיי נישט געווען. פאַר די עלטערן איז געווען שווער זיי אויסצוהאַלטן. ווען מען זאָל עס געווען לאָזן אַזוי גיין, וואָלט עס געווען געקאָנט אויסוואַקסן אין אַן ערנסטן סאָציאַלן פּראָ־בלעם. האָט רוזוועלט באַשלאָסן צו גרינדן קעמפּס, וואו מען האָט די יונגע מענטשן (אַרום דריי הונדערט טויזנט) געגעבן אַרבעט און ביל־דונג. עס זענען געווען אָנגעשטעלט ספּעציעלע דאָקטוירים וואָס האָבן אכטונג געגעבן אויף זייער געזונט. רוזוועלט האָט זיך נישט געזוכט דערמיט אויסצופיינען. ער האָט פּשוט געטאָן אַ זאַך פאַר זיינע מיט־

בירגער און ער האָט נישט איינגעזען, אַז עס קומט אים וועלכע נישט איז לויב דערפאַר.

וואָס רוזוועלט, וועלכער האָט פריער, איידער ער איז אַריין אין הויכפּאָליטיק, אין זיין לעבן אפשר קיין שאָפּ נישט אָנגעזען, האָט אויפגעטאָן פאַר די יוניאָנס (אידישע אַריינגערעכנט) וואָלטן אייך גע־קאָנט דערציילן די יוניאָן־פירער גופא. ווען רוזוועלט האָט איבער־גענומען די פירערשאַפט פון לאַנד איז די לאַגע פון די יוניאָנס געווען אין אַזאַ קלאָגעדיקן צושטאַנד ווי זי איז שוין לאַנג נישט געהאַט גע־ווען אין אַמעריקע. שכירות זענען געווען קליין, די באַדינגונגען אין די שעפּער זענען געווען שלעכט, כמעט ווי אין די אַלטע צייטן, ווען אַרבעטער האָבן זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. וואָס האָט דער "בורזשואַזער" רוזוועלט געטאָן? וואו נאָר ער האָט געקאָנט צו־לייגן אַ האַנט אויפצולעבן אַ יוניאָן, האָט ער עס געטאָן. ער האָט נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו געבן זיין הילף אויף צו פאַרבעסערן דעם אַרבעטערס לאַגע, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס וועט אים קאָסטן די "פריינטשאַפט" פון די גרויסע אינדוסטריעלער און אַפילו פון אַ טייל פון זיינע "פּראָגרעסיווע" אַנהענגער.

אָבער אין זיין גאַנצער גרויס האָט רוזוועלט זיך ערשט אַרויס־געוויזן, ווען עס איז געקומען צו פאָרמירן זיין אויסלענדישע פּאָליטיק. צום באַדויערן האָבן די דריי פריערדיקע פּרעזידענטן פאַר אים, אַריינ־גערעכנט דעם "וועלטלעכן" הואווער, נישט צופיל פאַרשטאַנען (אָדער זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין) דעם דאָזיקן ענין. רוזוועלט האָט דאַן אַלעמען איבערראַשט מיט זיין ברייטן קוק און מיט זיין שנעלער און גרינטלעכער אָריענטאַציע אין דער דאָזיקער נייער דעליקאַטער אויפגאַבע זיינער. ווייל פריער, אַלס גאָווערנאָר פון ניו יאָרק (וואָס כאָטש עס איז דער גרעסטער סטייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז עס דאָך נישט מער ווי אַ לאָקאַלע רעגירונג), האָט ער נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצעוויזן זיין בקיאות אין הויכפּאָליטיק. אמת, ער האָט שוין געהאַט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע שטעלע אין דער פעדע־ראַלער רעגירונג. ער איז געווען געהילף פלאָטן־מיניסטער אין ווילסאָנס קאַבינעט. אים איז אַפילו אויסגעקומען צו זיין אין איראָפּע ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַהיימצופאָרן פון דאָרטן מיט ווילסאָנען אויף איין שיף. דאָס איז אָבער פאָרגעקומען אין יאָר 1919, ווען רוזוועלט איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן און די באַיאָרנטע דיפּלאָמאַטן איז נישט אָנגעשטאַנען זיך צופיל צו רעכענען מיט אים.

דעם ערשטן גרויסן אומאָפּהענגיקן שריט בנוגע אויסלאַנד האָט ער געמאַכט מיט זיין אנערקענען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד באַלד אין אָנהויב פון זיין אַדמיניסטראַציע. אין אַ בריוו, וואָס ער האָט דאַמאָלס אָפּגעשיקט צו מיכאַאיל קאַלינין, האָט ער געשריבן:

”מיין טייערער פּרעזידענט:

עס איז אַן אַבסורד וואָס הונדערט־און־זעכציק מיליאָן רוסן און הונדערט מיט פינף־און־צוואַנציק מיליאָן אַמעריקאַנער זאָלן זיין צוקריגט איינע מיט די אַנדערע.“

אָט אַזוי. פּשוט, שיין, מענטשלעך, אין אַ פּערזענלעכן טאָן, וואָס האָט אַזוי אימפּאָנירט די סענטימענטאַלע, קינסטלעריש־געשטימטע רוסן. און אין דערזעלבער צייט איז דאָס געווען אַ געוואַגטער שריט פון זיין זייט, מיט אַ טיפן קוק אין דער צוקונפט אַריין.

ווייל מיט זיינע וויטערדיקע האַנדלונגען האָט רוזוועלט באַוויזן, אַז ער האָט גוט באַנומען דאָס אומגליק וואָס האָט זיך גענומען אַנרוקן אויף דער וועלט. איז וואָס האָט געקאָנט זיין לאָגישער, קליגער און פּאַטריאָטישער ווי אָט דער דאָזיקער שריט זיינער? באַוואָרענען זיך מיט דער פריינטשאַפט פון אַ הונדערט־און־זעכציק מיליאָניק פאָלק אין אַ צייט פון אַן אַנקומענדיקן קריזיס איז געווען אַ האַנדלונג וואָס האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער ראַם וואָס שטעלט צוזאַמען דאָס בילד פון פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט.

אויסער דעם, האָט ער אין איין וועגס געוואָלט פאַרריכטן די עוולה וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן פון די פריערדיקע פיר אַדמיניסטראַציעס קעגן אַזאַ גרויס לאַנד, ווי רוסלאַנד, און קעגן אַזאַ טיפּפיליק פאָלק, ווי די רוסן, פאַר נישט וועלן אַנערקענען אַ געשעענעם פאַקט, דערפאַר ווייל דער דאָזיקער פאַקט האָט נישט אַפּעלירט צו די פריערדיקע פיר פּרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די געשיכטע האָט אַ טבע זיך איבערצוחזרן און גאַנץ אָפט אפילו נקמה צו נעמען אויך. ווייל פונקט מיט אַזאַ אומטאָלעראַנץ האָט אַמאָל די צאַרישע רעגירונג באַהאַנדלט די יונגע פראַנצויזישע רעפּובליק באַלד נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אָבער רוזוועלט, מיט זיין חוש פאַר גערעכטיקייט, מיט זיין מוט אָפּצוּוואַרפן אַנגענומענע פאַראורטיילן, האָט דאָס דאָזיקע נישט אנערקענען אַ רעגירונג, וועלכע האָט, ביי זיין קומען צו דער מאַכט, שוין געהאַט עקזיסטירט פופצן יאָר צייט, געהאַלטן פאַר אַן אַבסורד. בפרט, ווען אַזעלכע גאַנץ פאַשיסטישע רעגירונגען פון אַ מוסאָליני און האַלב און דריי פערטל פאַשיסטישע רעגירונגען פון אייראָפּע, אַזיע און לאַטיין־אַמעריקע זענען יאָ געווען אנערקענט.

אַז רוזוועלט איז אַ מוטיקער מענטש, גיבן־צו אַפילו זיינע שונאים. ווען עס קומט זיך איינצושטעלן פאַרן אמת, וועט אים קיין זאַך נישט אָפּהאַלטן צו לאָזן הערן זיין שטים. ער האָט אַרויסגערופן צו זיך די ליבע פון די אַמעריקאַנישע מאַסן, ווען ער האָט, גלייך ביים איבער־נעמען די מאַכט, אַטאַקירט די גרויסע העכט פון דער אַמעריקאַנער פינאַנץ־וועלט, אָנרופנדיק זיי "מאָני טשעינדזשערס" (חלפנים) — אַ זאַך, וואָס פריערדיקע פרעזידענטן האָבן נישט געוואָגט. אַזוי האָט דערזעלבער רוזוועלט אין יענער צייט נישט געשאַנעוועט ענגלאַנד — דער דאַמאָלסדיקער ענגלאַנד פון די באַלדווינס, טשעמבערלענס און סיימאָנס. ער האָט זיי ביטער קריטיקירט פאַר זייער שעדלעכער און קורצזיכטיקער פּאָליטיק וואָס זיי האָבן דאַמאָלס געפירט; אַ פּאָליטיק, וואָס האָט טאַקע שפּעטער געפירט צו דעם גרויסן וועלט־אומגליק.

אין אַ רעדע וואָס רוזוועלט האָט געהאַלטן דעם 28־טן דעצעמבער, 1933, האָט ער געזאָגט:

"איך גלויב, אַז איך וועל אויסדריקן די מיינונג פון דעם אַמערי־קאַנישן פאָלק, ווען איך וועל זאָגן, אַז די אַלטע פּאָליטיק פון פּשרות און פון די קאָמבינאַציעס אָנצוהאַלטן דעם באַלאַנס פון די מלוכות (נישט לאָזן איין מאַכט זיך צעוואַקסן צו־שטאַרק — ל. פּ.) האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט גענוג אָנצוהאַלטן דעם וועלט־שלום."

אַז ער האָט גוט פאַרשטאַנען וואו דער שוך קוועטשט, באַווייזן זיינע ווערטער ביי דערזעלבער געלעגנהייט:

"מען קאָן זען, אַז אַ באַהאַלטענע מורא רעדט אַרויס פון די, וועלכע רעדן פון שלום. זיי שרעקן זיך, אַז די אַנדערע פעלקער וועלכע הערן זיך צו צו זייערע פירער וועלן זיך לאָזן פון זיי אָנרעדן און זיך סוף כל סוף אַריינלאָזן אין אַוואַנטורעס אויסצוברייטערן זייערע טערי־טאָריעס אויפן חשבון פון זייערע שכנים."

ווי מען זעט — אַ שאַרפער אַרויסטריט קעגן דער נעבאַכדיקער פּאָליטיק פון "אַפּיזמענט" שוין אין אָנהויב פון זיין אַדמיניסטראַציע, ווען היטלערס וואָלפישע אַמביציעס זענען נאָך געווען איינגעוויקלט אין שעפּסענע פעלן.

עס איז אינטערעסאַנט אַריינצוקוקן אין דעם דאָזיקן עפּיזאָד מיט אַביסעלע מער אויפמערקזאַמקייט. עס איז געווען אין דעם ערשטן יאָר פון היטלערס קומען צו דער מאַכט. עס איז געווען אין דער צייט, ווען מוסאָליני, אַלס דער פאָטער פון מאָדערנעם פאַשיזם, איז געווען אין זיין פולן אויפגעבלאָזענעם בלי. די פאַשיסטישע פירער פוןביידע גרויסע לענדער האָבן אָנגעהויבן אויספּרואוון זייערע מעטאָדן. זיי

האָבן אָנגעהויבן פּאַכען מיט זייערע שווערדן איבער די קעפּ פון די דאַמאָלסדיקע וואקלענדיקע, איבערגעשראָקענע פירער פון ענגלאַנד און פראַנקרייך. עס איז נאָך דאַמאָלס נישט געווען קיין אמתדיק פּאַכען פון אמתע שווערדן. עס איז געווען מער אָנשטעל איידער רעאַליטעט, מער אַן אינסצענירטע אָפּערעטע מיט מוסאָליני אַלס דעם רעזשיסאָר איידער אמתער מיליטערישער כח. היטלער, ווי גערזאָגט, איז נאָר־וואָס געהאָט געקומען צו דער מאַכט און זיין מיליטערישע מאַשין איז נאָך געווען אין דער סטאַדיע פון געבוירן ווערן. מוסאָליני האָט מסתמא אַלעמאָל געוואוסט וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע מאַכט ער באַזיצט אין זיינע פאַשיסטישע לעגיאָנען. אָבער ביי די פירער פון די צוויי גרויסע מערב־לענדער האָבן סיי ווי געציטערט די קני. די צוויי פאַשיסטישע פירער האָבן נישט געקאָנט בלייבן בלינד צו דעם.

דעם דאָזיקן אומגליקלעכן שפּיל האָט אויך דערזען רוזוועלט. עס איז אים דאַן קלאָר געוואָרן, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן, און באַלד, כדי צוריקצוהאַלטן דאָס אָנקומענדיקע געוויטער. אָבער וואָס אַזוינס? דאָס איז געווען די שווערע פראַגע.

ער האָט געמוזט זיין פּאַרזיכטיק. אַלס דער הויפּט פון אַ גרויס לאַנד, מיט אַ גרויס מאָראַליש געוויכט אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים, האָט ער געמוזט וועגן און מעסטן זיינע רייד און האַנדלונגען. דערצו ליגן די פאַראייניקטע שטאַטן אויף דער אַנדערער זייט פון אַטלאַנטיק. וואָס האָט ער געקאָנט זאָגן פאַר אַ האַרבע רייד, ווען די אַנדערע צוויי גרויסע לענדער פון מערב, ענגלאַנד און פראַנקרייך, וועלכע זענען געאָגראַפיש געווען אַזוי נענטער צום אומגליק, האָבן געשוויגן? האָט ער געפּרואווט מיט גוטן. אפשר, האָט ער געטראַכט, וועלן די צוויי פאַשיסטישע פירער, דערהויפּט מוסאָליני (מען האָט נאָך דאַמאָלס געמיינט, אַז ער איז אַ גרויסער שטאַטסמאַן), זיך לאָזן רעדן. אפשר וועלן זיי איינזען, אַז מיט גוטן, דורך אַ פאַרשטענדעניש מיט די אַנ־דערע מלוכות, וועלן זיי דערגרייכן בעסערע רעזולטאַטן איידער דורך שווערד און בלוט.

האָט דעריבער רוזוועלט, אין איינער פון זיינע רעדעס (יאַנואַר, 1934), אַריבערגערעדט צו די פאַשיסטן קיין איראָפּע:

״ . . . אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט (מיינענדיק איראָפּע) הערשט אַ מורא פאַרן מאָרגן. מען גיט אויס גרויסע סומען געלט אויף באַוואָפענונג. איך האָב עס געמאַכט קלאָר ווי מעגלעך, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנען נישט נעמען קיין אָנטייל אין אַט דעם געיעג. אָבער מיר זענען גרייט צו יעדער צייט זיך צו באַטייליקן

אין אַן אַנטוואָפּענונג־פּראָגראַם וואָס זאָל זיין בינדנד פאַר אַלע מלוכות.״

אָבער די פאַשיסטן האָבן זיך צו אים נישט צוגעהערט. דער פּרעזידענט האָט שוין געוואוסט, אַז זיי האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון אָנגריף און טעראָר. האָט ער שוין אַזוי פרי ווי אין חודש יולי, 1934, ווען עס איז פאָרגעקומען היטלערס ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער מאָרד קעגן עסטרייכישן קאַנצלער דאָלפוס, אָפּגעשיקט אַ טעלעגראַם צו ווילהעלם מיקלאַס, דעם פּרעזידענט פון עסטרייך, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

״מיט שוידער און טיפן פאַרדראָס האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם מאָרד פון ענגעלבערט דאָלפוס, קאַנצלער פון עסטרייך. איך דריק אויס דורך אייך מיין טיפסטן מיטגעפיל צום עסטרייכישן פאָלק אין מיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פונם אַמעריקאַנישן פאָלק.

״מרס. רוזוועלט שליסט זיך אָן מיט מיר אין אויסדריקן אונזער סימפּאַטיע צו דער מאַדאַם דאָלפוס אין איר גרויס אומגליק.״

דאָס איז געווען אַ קלאָרער און אָפענער אַרויסטריט קעגן דעם פאַשיסטישן טעראָר וואָס האָט זיך גענומען אויסשפּרייטן איבער אייראָפּע. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז רוזוועלטן איז נישט געגאַנגען אַזוי פיל אין לעבן צו באַוויינען דעם דערמאָרדעטן דאָלפוס, וועלכער איז אַליין אויך געווען נישט קיין קליינער פאַשיסט אונטער אַן אַנדערער מאַסקע, ווי אין באַווייזן היטלערן און זיין באַנדע וואָס ער דענקט וועגן זיי און וועגן זייערע מעשׂים.

און אַזוי פרי ווי אין אַפּריל, 1935, האָט רוזוועלט, רעדנדיק וועגן די דערגרייכונגען פון די דעמאָקראַטישע לענדער, געלאָזט פאַלן אַזאַ באַמערקונג:

״עס איז שוין צייט צו דערלאַנגען אַ צושטערנדיקן ענטפער יענע ציניקער, וועלכע זאָגן, אַז אַ דעמאָקראַטיע קאָן נישט זיין ערלעך און שעפעריש.״

און דעם 2־טן אָקטאָבער פון דעם זעלבן יאָר, ביי דער וועלט־אויסשטעלונג אין סאַן דיעגאָ, קאַליפאָרניע:

״... אַ מלחמה פונדרויסן איז איצטער אַ גרעסערע מעגלעכקייט און אַ גרעסערע געפאַר פאַר דער צוקונפט פון דער ציוויליזאַציע ווי ווען נישט איז פריער.״

עס איז אַ ווייטיק אין האַרץ וואָס מיט רוזוועלטן אין ווייסן הויז האָט דאָך נישט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן דער וועלט־חורבן. אָבער

די געשיכטע וועט וויסן, אַז פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט האָט געטאָן אַלץ וואָס איז געלעגן אין זיין כח צו טאָן צו פאַרמיידן דאָס אומגליק. ער האָט אָוועקגעלייגט געזונט און יאָרן צוזאַמענצוברענגען די גרויס־מאַכטן, כדי צו געפינען אַ פאָרמולע פאַר אַ פאַרשטענדעניש. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך אַן ענגלישן פריים מיניסטער, ראַמזעי מעקדאָנאַלד, פאַר אַזאַ צוועק. ער איז גרייט געווען צו שטעלן זיין לאַנד אויף דער ליסטע פון די לענדער, וועלכע זאָגן זיך אָפּ פון אימפּעריאַליסטישע אַספּיראַציעס און הערן־אויף בויען קריגשיפן. אָבער עס האָט אַלץ נישט געאַרבעט. ער האָט נישט געקאָנט אויסבעסערן דעם פעלער וואָס דער אַמעריקאַנער סענאַט איז באַגאַנגען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין זיין באַשלוס, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זאָלן גאָר נישט האָבן צו טאָן מיט דער קראַנקער אייראָפּע אין אַזאַ קורצער צייט. די אייראָפּעאישע מלוכות האָבן, פון איין זייט, נישט געהאַט קיין צו־גרויסן בטחון אין די גוטע כוונות פון אַן אַמעריקאַנישן פרעזידענט, וועלכער איז אָפּהענגיק אַן דעם גוטן ווילן און אין דער ברייטער פאַר־שטענדעניש פון דעם סענאַט. צווייטנס, זענען אַן דער שפּיץ פון דער ענגלישער רעגירונג געשטאַנען מענטשן, וועלכע האָבן גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט. די בריטישע אימפּעריע האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעדרייט פון אַ צרה און זי וועט עס ווייטער טאָן. וואָס איז פאַראַן זיך אָפּצועסן דאָס האַרץ? פראַנקרייך האָט זיך געשפּילט אין קאַבינעטן. יאַפּאַן האָט געבאַלעבאַטעוועט אין אַזיע. היטלער האָט זיך געגרייט צו דער בלוטיקער סעודה אין אייראָפּע. אַמעריקע איז געווען געאָגראַפיש צו־ווייט צו קאָנען עפּעס אויפטאָן איינע אַליין.

רוזוועלט האָט זיך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געלאָזט הערן זיין שטים. ער האָט געוואָלט וויזן די דיקטאַ־טאָרס, אַז ער פאַרשטייט זייער שפּיל און זאָלן זיי וויסן וואָס ער דענקט וועגן זיי. אין זיין יערלעכן מעסעדזש צום קאָנגרעס, דעם 3־טן יאַנואַר, 1936, האָט ער געזאָגט:

. . . ״זיי (די דיקטאַטאָרס) האָבן זיך גענומען צום אַלטן מיטל — צו דער שווערד. זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי אַליין זענען באַרופן אויסצופירן אַ מיסיע איבער דער מענטשהייט.״

ניין, רוזוועלטן האָט מען נישט אָפּגענאַרט — נישט דער ״גרויסער״ דיפּלאָמאַט מוסאָליני און נישט דער הויז־מאַלער שיקלגרובער. ער האָט די גאַנצע צייט פאַראויסגעזען וואָס עס גייט אויף אונז. אָבער ער איז געווען מאַכטלאָז אָפּצושטעלן דעם בלוטיקן שטראָם. דער בייזער ווייזער פון דער געשיכטע האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטאָכן אין דער זייט אַריין פון דער זינדיקער וועלט און מען האָט אים שוין

נישט געקאָנט פון דאָרטן אַרויסציען. אַפילו אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע האָט דאָס נישט געקאָנט באַווייזן.

ער האָט אָבער באַוויזן אַן אַנדערע זאַך: אַז ער האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר די שוואַרצע און ברוינע "בלעקמעילערס". ער האָט צושמעטערט איינעם פון די נאַצי־פאַשיסטישע הויפּט־פּלענער; אַנ־צוואָרפן אַ שרעק אויף זייערע קעגנער און זיי פּריטשמעליען מיט אָפּגעטאָנענע מעשים. רוזוועלט האָט געהאַלטן אַ חשבון פון אַלע זייערע געמיינע טאַטן. יאַפּאַן איז געשטאַנען די ערשטע אויפן צעטל פאַר דער פאַרכאַפּונג פון מאַנדזשוריע און די פינף פּראָווינצן אין כינע גופא; איטאַליע — פאַר איר אַנעקסירן אַביסיניע און שפּעטער אַל־באַניע; היטלער — פאַר ברעכן איין אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ נאָכן אַנדערן.

רוזוועלט האָט אויך געהאַלטן אַ חשבון פון אַמעריקעס פריערדיקע פעלערן. ווי יעדער רעאַל־פּאָליטיקער האָט ער געוואָלט וויסן פון וואַנען עס וואַקסט אַרויס אַ צרה, כדי צו קאָנען זי פאַרמיידן אין צייט, אָדער, אויב דאָס איז אַמאָל אוממעגלעך, צו פאַרריכטן דעם פעלער. איין פעלער אַזאַ — דאָס נישט אָנערקענען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד — האָט ער שוין געהאַט פאַרריכט. עס איז אָבער איבערגעבליבן די ירושה פון אָפּגעזונדערטקייט, די חכמה פון דעם אַמעריקאַנישן פּראָ־ווינציאַל — אייסאָלעישאָניזם. דאָס האָט געדאַרפט אָפּגעווישט ווערן, כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד און די וועלט. דאָס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע. עס איז אוממעגלעך געווען איבערצוצייגן דעם אַמערי־קאַנישן קאָנגרעסמאַן פון אַ קליינעם שטאַט אין דער וועסט אָדער אין דער סאַוט, אַז דאָס וואָס עס קומט פאָר אין אייראָפּע אָדער אַזיע אָדער וואו נישט איז — איז נוגע זיין אייגן לאַנד. ווייל די וועלט באַשטייט נישט פון קיין צופעליקע אָפּגעריסענע שטיקער לענדער. די וועלט איז איין שטיק. די מענטשן זענען איין משפחה. דערפאַר איז אומ־מעגלעך צו זיין אָפּגעזונדערט, אַפילו ווען מען וויל דאָס. אַ לאַנד איז נישט קיין מעבלירטער צימער אין וועלכן מען קאָן זיך פאַרשליסן און צופרידן אַ זאָג טאָן צו זיך: "איצטער בין איך אַליין; קיינער שטערט מיר נישט."

די וועלט האָט וועגט וואָס פאַרבינדן איין לאַנד מיטן אַנדערן און פענצטער דורך וועלכע מען קאָן כסדר זען וואָס ביי יענעם טוט זיך. דאָס האָט געוואוסט רוזוועלט. דערפאַר האָט ער טאַקע אַזוי פרי ווי אין דעם ערשטן יאָר פון זיין אַדמיניסטראַציע (מאַי, 1933), ביי דעם צווייטן "היימישן שמועס" וואָס ער האָט געהאַט מיט דער פּרעסע, געזאָגט:

" . . . איך וויל פאַר אייך אונטערשטרייכן, אַז די סיטואַציע אין לאַנד איז ענג פאַרבונדן מיט דער לאַגע פון אַנדערע טיילן פון דער וועלט . . . אַז . . . פּראָספּעריטי . . . אין די פאַראייניקטע שטאַטן . . . וועט נישט זיין קיין שטענדיקע, אויב עס וועט גלייכצייטיק נישט הערשן קיין פּראָספּעריטי איבער דער גאַנצער וועלט."

געדענקט: דאָס האָט געזאָגט רוזוועלט אינם ערשטן יאָר פון זיין פּרעזידענטשאַפט. דאַרפט איר נאָך אַ שטאַרקערן באַווייז ווי שנעל ער האָט זיך אָריענטירט אין דער וועלטס פּראָבלעמען?

ווער עס וויל האָבן אַן אמתן באַגריף וואָס רוזוועלט האָט אויפ-געטאָן צו ראַטעווען די וועלט פון די נאַצי־פאַשיסטישע הענט, דער דאַרף זיך גאָר נישט אַוועקזעצן שטודירן זיינע אויפטואונגען אויף דעם געביט. עס איז בלויז נויטיק זיך איינצוהערן צו די גיפטיקע רייד וואָס די פאַשיסטישע פירער און כמעט פירער לאָזן אויף אים פאַלן. רוזוועלט איז פאַרהאַסט אומעטום וואו דער שוואַרצער לאַגער האָט פאַרזייט זיינע נעסטן: אין דייטשלאַנד ווי אין מוסאָליניס איטאַליע; אין יאַפּאַן ווי אין לאַוואַלס פראַנקרייך. אַפילו אונזערע אייגענע רע־אַקציאָנערן אידענטיפיצירן זיך אָפט מיט די אויסלענדישע פאַשיסטן — באַוואוסטזיניק אָדער נישט. זיי וואָלטן אַלע געוואָלט זען רוזוועלטס בלוט. און אין דעם — אויב נישט צוליב צענטליקער אַנדערע אור־זאַכן — באַשטייט רוזוועלטס גרויסקייט אַלס הומאַניסט און מענטשן־באַפרייער. דער טיפער האַס צו אים פון זיינע און אונזערע שונאים דאַרף אונז אָנרעגן צו דער טיפסטער ליבע צו אים. ער איז די פאַר־קערפּערונג פון דעם כח וואָס וועט באַזיגן אונזער אַלעמענס בלוטיקן שונא — דער עיקר טאַקע דעם ערגסטן, דעם געמיינסטן און דעם ווילדסטן שונא וואָס אידן האָבן ווען עס איז געהאַט אין זייער לאַנגער און טראַגישער געשיכטע פון בלוט און טרערן.

# די ערשטע לעידי

איך בין אויפן וועג קיין וואַשינגטאָן. די באַן איז געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, ציווילע און מיליטערישע. עס איז שווער צו קריגן אַ פּלאַץ צו זיצן. דאָס איז אַ נייס אין אַמעריקע. אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה.

אָבער די אַמעריקאַנישע באַן איז נאָך אַלץ ציכטיק און באַקוועם — אין פאַרגלייך מיט די באַנען אין דער קריגערישער אייראָפּע און אַפילו מיט די באַנען אין דער פרידלעכער לאַטיין-אַמעריקע. די מי־ליטערישע פּאַסאַזשירן פאַרהאַלטן זיך רואיק און שיין. די אַמערי־קאַנישע אַרמעי מעג זיין שטאָלץ מיט אירע זין. מיר איז אויסגעקומען צו זען אַ סך אייראָפּעאישע אַרמייען אין מלחמה-צייטן. זיי וואָלטן זיך אַ סך געקאָנט לערנען פון אונזערע בעיסבאָל באָיס.

מאָרגן, דעם 14־טן מאַי, דריי אַזייגער בייטאָג, דאַרף איך זיין אין ווייסן הויז צו זען די ערשטע לעידי פונם לאַנד. איך מאַך־צו די אויגן. איך וויל גוט באַנעמען דעם געדאַנק. איז עס אַן אמת, צי בלויז אַן אילוזיע? איז עס נישט אַמאָל פון די אויסגעחלומטע וואונטשן וואָס ווערן צו אונז פאַרבלאַנדזשעט ווער ווייסט פון וואַנען און זיי ווערן קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט?

איך ווייס ווער איך בין: אַ מענטש פון דעם געפּלאָגטן אידישן פּוילן. פון יענעם פּוילן, וואָס איז פריער געווען אַ טייל פון דעם צאַרישן רוסלאַנד. נישט איין קאָזאַקישער שטיין האָט פאַרבייגעהו־דזשעט מיינע אויערן אין יענע אינגלשע יאָרן מיינע. און נישט איין צעבלוטיקטע אידישע באָרד האָבן מיינע אויגן צוגעזען, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ "פרייע" רעפּובליק. יעדער רוסישער סטראַזשניק האָט אין מיינע קינדערשע טעג אויסגעקוקט ווי דער קיסר אַליין. און יע־דער פּוילישער פּאָליציאַנט האָט שפּעטער מיט זיך פאַרגעשטעלט די העכסטע מאַכט, פאַר וועלכער מיר, אידישע אינגלעך, פלעגן ציטערן מיט דעם שפּלן גלות-ציטער.

נייך, איך פאַרגעס נישט ווער איך בין, פון וואַנען איך שטאַם — אָט אַצינד, ווען איך בין אויף מיין וועג צום ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן.

איך טראַכט איצטער פון מיין אַלטער מאַמען. וואָס וואָלט זי געזאָגט, ווען זי ווייסט וואוהין איך פאָר אַצינד? וואָס פאַר אַ געפיל וואָלט זי דורכגענומען? יאָ, וואָס וואָלט זי געזאָגט, ווי וואָלט זי געפילט — ווען זי לעבט נאָך ערגעץ אין דער נאַצישער געטאָ? און מיינע ברידער? און מיינע ברידערס קינדער? וואָלטן זיי נישט אויסגע־שטרעקט צו מיר זייערע הענט נאָך הילף — נאָך הילף קעגן זייערע מערדער און פייניקער — ווען זיי לעבן דאָרט ערגעץ? . . .

און איך ווייס ווער מרס. עלינאָר רוזוועלט איז. זי איז די ער־שטע לעידי פון אונזער גרויסער, מעכטיקער מלוכה. דאָס מיינט כמעט די ערשטע לעידי פון דער וועלט. אָבער זי איז עס נישט דווקא דער־פאַר ווייל איר מאַן איז דער פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. מרס. עלינאָר רוזוועלט איז די ערשטע לעידי פון אַמעריקע אויך פאַר אירע אייגענע מעלות. זי איז אַ גרויסע עטישע פערזענלעכקייט און אַ מוטיקע קעמפערן פאַר רעכט און יושר. זי איז אַן אָריגינעלע דענ־קערן און אַ פיינע שריפטשטעלערן. און ווען מען האָט דעם כבוד זיך צו באַקאַנען מיט איר, זען זי פון דער נאָענט, נעמען אָט די אַלע מעלות אירע אַן אַ קלאָרער און בולטער ליכט.

עס איז אַ קילער טאָג. דערפאַר טראַכט זיך לייכטער, פלינקער. לעבן מיר זיצט מיין פרוי. זי באַגלייט מיך ביז ניו יאָרק. נאָכדעם וועט זי אַראָפּשטייגן. בטבע אַ מילדער מענטש, אָן קנאה, איז זי מיך איצטער אַביסל מקנא מיט מיין רייזע. מרס. עלינאָר רוזוועלט איז ביי איר די פאַרקערפּערונג פון פרויען־מוט. זי האָט זי ליב פאַר איר אומקאָמפּראָמיסלעכן קאמף פאַר דעם וואָס זי האַלט פאַר רעכט און מענטשלעך אויף דער וועלט.

איך בלייב אויף אַ ווײַלע אַליין אויף מיין פּלאַץ. די פּאַנאָראַמע בייט זיך. פּאַסאַזשירן שטייגן אַרויס און אַריין. לעבן מיר זעצט זיך צו אַ זעלנער, אַ הויכער, אַטלעטיש געבויט. ער איז אַ קאָרפּאָראַל. די באַן הויבט אָן גיין. מיר רעדן נישט איינער צום אַנדערן. דאָס איז אַן אַמעריקאַנער אינסטיטוציע וואָס ווערט אונטערוועגס אָפּגעהיט הייליק. מען שטערט זעלטן איינער דעם אַנדערנס שטילקייט.

אָבער פּונקט ווי אויף אַנדערע זאַכן, האָט די מלחמה אויף דעם אויך ארויפגעלייגט איר חותם. מען טרעט שוין פון צייט צו צייט אָפּ פון אָנגענומענע געוואוינהייטן. ער נעמט אַרויס אַ פּעקל ציגאַרעטן און פאַררויכערט. ער שלאָגט מיר פאָר איינעם. איך דאַנק אים. איך רויכער נישט. אָבער די שטומקייט איז געבראָכן. די אינסטי־טוציע פון שווייגעניש אויף די באַנען האָט געליטן אַ קלאַפּ.

ער פֿאָרט אויף אַ צען־טאָגיקן אורלויב. וואוהין? צו וועמען? בעסער נישט פֿרעגן. עס איז מלחמה. דער קאָרפּאָראַל ווייסט נישט צו וועמען ער רעדט. דער שונא איז ברוטאַל און געמיין. ער האָט טויזנטער אויערן. אוודאי פֿרעג איך אים נישט פֿון וואַנען ער קומט. ער אַליין זאָגט מיר, אַז ער איז שוין אַנדערטהאַלבן יאָר נישט געווען אינדערהיים. דער קאָרפּאָראַל איז אויסגעהונגערט נאָך ווערטער. ער וויל רעדן. אָבער אויך ער פֿאַרשטייט, אַז עס איז בעסער צו זיין פֿאָר־זיכטיק.

איך פֿרעג אים, צי ער וויל כאַפּן אַ קוק אויף אַ צייטונג. פֿאַראַן היינט וויכטיקע נייס אויף דער סאַמע ערשטער זייט. אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן זענען אַרויף אויף דעם אינזל אַטו, אַראָפּצוטרייבן פֿון דאָרטן די יאַפּאַנעזער. ער נעמט די צייטונג. ער גיט אַפֿילו נישט קיין קוק אויף דער ערשטער זייט. ער מישט־אויף די ספּאָרט זייט. ״אַי וואוד לייק טו סי די בעיסבאָל סקאָר . . . ״

עכט אַמעריקאַניש, פֿול מיט חן. ווייזט אויס, אַז איין מלחמה, אַפֿילו אַזאַ ווי די איצטיקע, קאָן נאָך נישט בייטן די טבע פֿון אַ פֿאָלק.

עס איז נואַרק, טרענטאָן, פֿילאַדעלפֿיע. מיין קאָרפּאָראַל שלאָפֿט. איך ווייס נישט, צי ער דאַרף ווייטער פֿאָרן, צי ער פֿאַרשלאָפֿט אפשר זיין סטאַנציע. איך האָף, אַז נישט.

די פּנימער פֿון די פּאַסאַזשירן בייטן זיך כסדר. סאָלדאַטן, סאָל־דאַטן. מערסטנס זענען דאָס יונגע מענטשן, אין די אָנהויב צוואַנ־ציקער. מען קאָן זען, אַז זיי זענען פֿריש אַרויסגעריסענע פֿון די מאַמעס׳ אָרעמס. באַגרייפֿן זיי זייער לאַגע? ווייסן זיי וואָס עס דער־וואַרט זיי אויף די שלאַכטפֿעלדער? זיי לאַכן — לאַכן הויך אויפֿן קול. די וויצן, וואָס זיי דערציילן זיך איינער דעם אַנדערן, זענען יונגע, זאָרגלאָזע, נישט קיין צו־געזאַלצענע. לעבן איינעם פֿון זייערע חברים האָט זיך צוגעזעצט אַ מיידל. זענען אים די אַנדערע מקנא. ציען זיי אים אָן. די מיידל, זאָגט איינער פֿון זיי, האָט זיך אויסגע־קליבן נישט דעם ריכטיקן פּלאַץ; זי האָט זיך געדאַרפֿט צוזעצן לעבן אים. ניין, לעבן דזשימין — זאָגט אַן אַנדערער. לעבן בילין — זאָגט דער דריטער. טאַמי, לעבן וועמען עס זיצט די מיידל, לאַכט פֿאַרשעמט. אויך די מיידל שמייכלט. די פּאַסאַזשירן אַרום שמייכ־לען־מיט גוטמוטיק.

וואַשינגטאָן איז איינע פֿון די ווינציק אָריגינעלע שטעט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן — לויט איר אויסערלעכן אויסזען. לויט מיין מבינות און פּערזענלעכער דערפֿאַרונג, זענען פֿאַראַן בלויז פֿיר שטעט

אין אונזער לאַנד וואָס זעען אויס אַנדערש ווי די אַנדערע. דאָס זע־נען: סאַן פראַנציסקאָ, סאַן אַנטאָניאָ, ניו אָרלינס און וואַשינגטאָן. פאַרוואָס וואַשינגטאָן, די הויפּט־שטאָט, קוקט אויס אַזוי ווייניק אַמע־ריקאַניש לויט איר פיזישן געבוי, ווייס איך נישט. אפשר איז פאַראַן אַ ביסל אמת אין דעם וואָס מען זאָגט, אַז וואַשינגטאָן איז נישט נאָר די הויפּט־שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, נאָר פון דער גאַנצער וועלט. דערפאַר אפשר טרעפט מען דאָ אַן אַזאַ שפּע פון אַרכיטעקטורישע סטילן.

אָבער עס איז גוט צו שפּאַצירן איבער די ריינע, ברייטע, בול־וואַר־אַרטיקע גאַסן, מיט די פרישע צעבליטע ביימער אַרום, און פילן די אַנגענעמע רואיקייט פון אַ צעוואַקסענער שטאָט פון אַ קנאַפּן מיליאָן איינוואוינער. מען ווייסט, אַז עס אַרבעט זיך און עס קאָכט אין אַלע ווינקלען, אין יעדער רעגירונגס־געביידע, וואָס געפינען זיך דאָ אין אַזאַ גרויסער צאָל. דווקא אָט־די שטילקייט אימפּאָנירט, ווייל מען ווייסט, אַז דאָס איז אַ סימן פון שטאַרקייט, פון זיכערקייט אין זיך. מען זעט נישט קיין פּאָליסלייט לויערן אויף אַ פרעמדן. מען באַמערקט נישט קיין דעטעקטיוו הינטער זיך. און מען זעט נישט קיין צעשטערטע הייזער פון נאַצישע באָמבעס, ווי אין אנדערע הויפטשטעט פון דער וועלט.

„ביסט אַ גליקלעכע שטאָט, וואַשינגטאָן," — גיט זיך אַ טראַכט פון זיך אַליין. גליקלעך, וואָס דו רעגירסט איבער אַזאַ לאַנד; גליק־לעך, וואָס דו האָסט געהאַט אַזאַ מאַן ווי טאָמאַס דזשעפערסאָן וואָס האָט דיר געגעבן אַ קאָנסטיטוציע און אַ דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענ־גיקייט; גליקלעך, וואָס דיין ערשטער בירגער הייסט פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט; און גליקלעך, וואָס דו האָסט געהאַט דאָס געאָגראַפישע גליק געבוירן צו ווערן ווייט פון די אייראָפּעאישע און אַזיאַטישע „אי־בערמענטשן".

דאָס ערשטע וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מען גייט אַרויס פון יוניאָן סטעישאָן, איז די קעפּיטאל געביידע, אין וועלכער עס גע־פינען זיך ביידע „הייזער", דער סענאַט און דער קאָנגרעס. דאָרטן ווערן געשאַפן די פרייע געזעצן פאַר אונזער לאַנד. שאַצן עס די בירגער אָפּ? ווער ווייסט. מיט פרייהייט איז ווי מיט יעדער אַנדערער זאַך: מען דערפילט ערשט די אמתע ווערט דערפון, ווען מען הייבט אָן איינזען, אַז מען קאָן עס פאַרלירן.

פיר הונדערט מיט איין־און־דרייסיק צימערן פאַרמאָגט די קעפּיטאל געביידע. דער קאָנגרעס־זאַל איז שוין אַלט באַלד הונדערט יאָר. אוי־

סערלעך איז די קעפּיטאל געבויט אין קאָרינטישן (גריכישן) סטיל. אַרום דער געביידע געפינען זיך ביימער פון כמעט אַלע לענדער פון דער וועלט.

איך שפּאַן ווייטער. איך געפין זיך ביי דעם לינקאָלן־מאָנומענט. דאָ רוט דער אָנדענק פון איינעם פון די שענסטע און איידלסטע פּער־זענלעכקייטן פון דער וועלט. ער זיצט אויף אַ שטול, פאַרטראַכט, פאַראייביקט אין זיינע ליכטיקע געדאַנקען. פון וואָס טראַכט לינקאָלן? פון די שקלאַפן, וועלכע ער האָט פאַרוואַנדלט אין פרייע מענטשן, אָדער פון דעם משוגענעם אַקטיאָר דזשאָן ווילקס בוט, וועלכער האָט איבערגעשניטן זיין לעבן אַזוי פרי? הונדערט און פופציק טאָן וועגט די לינקאָלן־סטאַטוע. וויפיל מאָל הונדערט און פופציק טאָן פריי־הייט האָט לינקאָלן געקאָנט שאַפן פאַר די וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין דעם, ווען מען לאָזט אים אָנגיין מיט זיין אַרבעט כאָטש נאָך אַ צען יאָר?

מען גייט אַוועק פון דעם פּלאַץ אַ טרויעריקער, מיט גאָר נישט קיין געהויבענע געדאַנקען וועגן מענטשן, וועלכע שאַצן טיילמאָל אַזוי וויניק אָפּ די קרבנות וואָס מען ברענגט פאַר זיי. אַט שפּאַנען נעגערס איבער די וואַשינגטאָנער גאַסן — די, פאַר וועלכע לינקאָלן האָט אפשר מיט זיין לעבן באַצאָלט. ווייסן זיי עס כאָטש?

מען זעט זיי אין גרויסע צאָלן אין דער הויפּטשטאָט. פון דער דערבייאיקער סאָוט קומען זיי אַהער, אין דער שטאָט פון פרייהייט פאַר זיי; אין דער שטאָט, וואו זיי מעגן זיצן, פאָרן און עסן צוזאַמען מיט זייערע ווייסע ברידער. דאָס איז דער זכות פון אַמעריקע. דער צדיק קויפט אויס די זינד פון דעם רשע. די הויפּטשטאָט אָנערקענט אַלע זין און טעכטער פון איר לאַנד. לינקאָלנס אַרבעט איז נישט גע־ווען ארויסגעוואָרפן. זייַ רואיק אויף דיין מירמלשטיינערער שטול, אָרנטלעכער אייב. קאָנסט ווייטער שפּינען דיינע חלומות פון באַפריי־אונג. סוף כל סוף וועלן אפילו די טויבע אויערן זיך צוהערן צו דיינע רייד וואָס זענען אויסגעהאַקט אויף די גראַניטענע טאָוולען פון דער געשיכטע.

וואַשינגטאָן איז רייך אין זאַכן וואָס מען דאַרף זען. אַט איז די פּאַן־אַמעריקאַנישע געביידע. זי איז געבויט געוואָרן פון די איין־און־צוואַנציק אמעריקאַנישע רעפּובליקן פונם קאָנטינענט בשותפות. איר האָט דאָ אַ געמיש פון סטילן. אָבער דער דאָמינירנדיקער סטיל איז דער לאַטיין־אַמעריקאַנישער. דאָס הייסט — דער קאָלאָניאַלער. עס

איז נישט אזוי די געביידע און נישט אזוי דער סטיל, ווי די אידעי דער־פון, דער אויפטו.

איין־און־צוואנציק מלוכות פון אַ גאַנצן קאָנטינענט זענען דאָ פאַר־טראָטן ווי גלייכע. פאַראַגואַי און ארגענטינע; בראַזיל און קאָסטאַ־ריקאַ; עקוואַדאָר און קאַנאַדע; ניקאַראַגואַ און מעקסיקע; קאָלאָמביאַ און אַנקל סעם . . . אַלע זענען דאָ גלייכע יחסנים. אוודאי מאַכט דאָס אַן איינדרוק אויף די קלענערע פעלקער. אוודאי זענען זיי אין דער שטיל דאַנקבאַר דעם גרויסן שכן מיטן שפּיציקן בערדל . . . הערשט טאַקע אַ ברידערלעכע אַטמאָספער אין די סאַלאָנען פון דער דאָזיקער געביידע. אַ ברוינהויטיקער פּערואַנער שטייט און רעדט מיט זיין ברודער פון קובא און דער ברודער פון ווענעזועלאַ גיט דעם ברודער פון טשילע אַ האַרציקן לאַטייניש ן "אבראַסאָ" (אַרומנעם) ביים געזעגענען. דער קאַנאַדער מישט זיך אויס מיט דעם דאָמיניקאַנער און דער אורוגוואַיער מיט דעם צפון־אַמעריקאַנער. אַן אַטמאָספער פון אייניקייט און פון שטאָלץ נעמט אַלעמען אַרום אין דעם סאַלאָן פון דער פּאַן־אַמעריקאַנישער געביידע. מען גייט אַרויס פון דאָרטן מיט דעם געפיל, אַז דאָרט וואו עס איז פאַראַן אַ ווילן עפּעס אויפצוטאָן, קאָן מען עס דערגרייכן.

דער טייך פּאָטאָמאַק גיט אַ שלאָג איבערן אויג. איז דאָס דער זעלבער טייך, אין וועלכן עס האָבן מיט יאָרן צוריק זיך געבאָדן די ערשטע איינוואוינער פון דעם לאַנד? אָט דאַכט זיך טאַקע וועט אַרויס־שטעקן אַ ברוין־פּנימדיק און אַ שוואַרץ־אויגיק קעפּל פון אַן אינדיאַ־ניש אינגל. ווען וועט ער זוכן? ער וועט גאַפן אין דער לופט אַריין פון דעם בילד וואָס ער וועט דערזען. וואו האָבן זיך גענומען אַזעלכע הויכע געביידעס? — וועט ער אַ פרעג טאָן. און פון וואַנען קומט דאָס גערודער? און וואָס פאַר אַ הילצערנע און שטאָלענע שדים זענען עס אָט די וועגענער, וועלכע איילן זיך פאַרביי די גאַסן? און נישט געפינענדיק קיין ענטפער צו זיינע אייגענע פראַגעס וועט ער פאַר שרעק צוריק פאַרשוואונדן ווערן אונטער די דינע כוואַליעס פונם טייך . . .

געדענקסטו נאָך, טייך פּאָטאָמאַק, ווי דזשאָן סמיט האָט זיך גע־וויגט אין דיינע ווייכע אָרעמס? אויף די בלעטער פון דער געשיכטע איז פאַרשריבן ווי פיין דיינע ברוינהויטיקע שכנים האָבן אויפגענומען די ערשטע ווייסע מענטשן, וועלכע זענען געקומען אַהער פון ווייטע וועלטן. אויף דיינע באַגראָזטע ברעגן האָסטו געגעבן די ערשטע רו לעאָנאַרד קאַלווערטן און זיינע קאָלאָניסטן.

און געדענקסטו, פּאָטאָמאַק, איינעם אַ דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וועלכער האָט אַרומשפּאַצירט אין דיינע מקומות און געמאַכט פּלענער? גליקלעכע פּלענער זענען דאָס געווען. און — אַ גליקלעכער בעל־חלום. ווייל כמעט אַלע פּלענער זיינע זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן. זיין לאַנד איז געוואָרן פריי און גרויס. זיין פאָלק — רייך און מעכ־טיק. איז עס נישט אַ זעלטענע דערגרייכונג פון אַ זעלטענעם מאַן?

און געדענקסטו איינעם, אַ פרענסיס סקאָט קי, דעם פּראָפעסער פון סטאַר ספּענגלד באַנער? ער פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען צו דיינע ברעגן. אפשר האָט דער ריטם פון דיינע כוואַליעס אַ חלק אין אָט דעם אומשטערבלעכן אַמעריקאַנישן ליד, פּאָטאָמאַק?

איך גיב אַ קוק אויפן זייגער. די צייט רוקט אָן. איך פרעג אַ טראַפיק־פּאָליסמאַן וואו דאָס ווייסע הויז געפינט זיך. ער זאָגט מיר. איך באַשליס צוצוגיין. איך וויל גוט באַטראַכטן די געגנט אַרום. דאָ, נאָכאַלעמען, איז דאָך די אַטמאָספער, וואו עס ווערן אַריינגעאָטעמט און אַרויסגעאָטעמט אַלע פּלענער צו פאַרניכטן דאָס בייזע און דאָס מיאוסע אויף דער וועלט. וויל איך אויך אַריינאָטעמען אין זיך אָט די לופט, וואָס גיט כח, מוט און אינספּיראַציע צו פירן דעם קאַמף קעגן די וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו צושטערן אונזערע היימען, אונ־זער פרייהייט, אונזער לעבן.

אָט איז דער דרומדיקער פליגל פונם ווייסן הויז. אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט שפּאַנט אַרום אַהין און צוריק. נישט ווייט פון אים שטייט אַ פּאָליסמאַן. עס איז אַן אַריינגאַנג צו אַ קליינעם פּאַרק, אין וועלכן דאָס ווייסע הויז געפינט זיך. איך גיי־צו. דער פּאָליסמאַן גייט מיר אַנטקעגן. איך זאָג אים, אַז איך האָב אַ באַשטעלונג מיט מרס. רוזוועלט.

ער זאָגט מיר, אַז איך דאַרף גיין דורך דעם אַנדערן ענד פונם פּאַרק, אין צפון־זייט. פונקט אין אַזאַ טאָן האָט מיר אַמאָל אַ פּאָליס־מאַן אין ניו יאָרק געזאָגט ווי אַזוי צו גיין אויף בערעט סטריט. ער קוקט אויף מיר גלייך. אפשר שטודירט ער מיך. מען קאָן עס אָבער נישט באַמערקן. איך באַדאַנק אים. איך דאַרף דורכגיין די גאַנצע דרויסנדיקע לענג פונם פּאַרק. איך האָב אַ געלעגנהייט אַריינצוקוקן אינווייניק. אַ פּאַרק ווי אַ סך פּאַרקן. אַביסל ציכטיקער. די ביימער שטייען אין שאָטן פונם ווייסן הויז ווי פּריווילעגירטע שומרים.

איך קום־צו צום צפונדיקן אַריינגאַנג. אַ מאַן גייט מיר אַנטקעגן. איך נעם אַרויס דעם בריוו פון מרס. רוזוועלטס סעקרעטאַרן, מיס מאַלווינא סי טאַמפּסאָן, און גיב עס אים. ער גייט־צו צום בודקעלע, וואָס שטייט ביים אַריינגאַנג פון טויער, און באַראַט זיך מיט עטלעכע

מענטשן וואָס זיצן דאָרט. איינער פון זיי קומט אַרויס און פרעגט מיך אין אַ פריינטלעכן טאָן, צי איך טראָג עפּעס נישט מיט זיך צו באַ־ ווייזן, אַז איך בין טאַקע איך. אַ בריוו פון מרס. רוזוועלט איז פאַר אים גענוג. איך קאָן אַריינגיין.

קיינער באַזוכט מיך נישט. מען פרעגט מיך נישט אויף קיין דאָקומענטן. מיין האַרץ זינגט־אויף אין מיר פאַר פרייד און דאַנק־ באַרקייט. פרייד פאַר דער גרויסער איבערלעבונג און דאַנקבאַרקייט צו אַזאַ לאַנד, אַזאַ פרייהייט. בלויז די, וועלכע זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אייראָפּע, וועלן באמת קאָנען באַנעמען מיין געפיל אין דעם מאָמענט.

איך שפּאַציר אין דעם גאָרטן פון פרייהייט. דאָס ווייסע הויז שמייכלט מיר אַנטקעגן. איך בין אויף דער שוועל פון איינעם פון די פרייסטע קעניגלעכע (פּרעזידענטישע) פּאַלאַצן אין דער וועלט. אַ מאַן עפנט פאַר מיר די טיר און אַ נעגער נעמט פון מיר אַראָפּ דעם מאַנטל, טוט מיר אויס דעם הוט. עס גיט אויף מיר אַ פלייץ אַ שטראָם פון נייע זעאונגען. דער געדאַנק ווייסט נישט וואָס פריער צו באַנעמען. אַן אַנדערער מאַן שטייט שוין לעבן מיר און פירט מיך דורך דעם הויפּט־קאָרידאָר אין דעם רויטן אויפנעם־צימער.

דאָס אויג האָט קוים אַ מעגלעכקייט אויפצוכאַפּן די גרויסקייט פון דעם שטח, די ציכטיקייט און פּאַלאַץ־אַרטיקייט. נישט ווייט פון דעם אַריינגאַנג זעט מען דעם פּרעזידענטס זיגל פון געלן בראָנז אַריינ־ געוואָקסן אינעם דיל. אַ גרויסער מאָנומענט וואָרפט זיך אין די אויגן. דאָס איז די פיגור פון ענדריו דזשעקסאָן, דער זיבעטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס רויטע צימער איז זייער גרויס, מיט אַ הויכן באַלקן. אַלץ איז דאָ פון רויטן קאָליר. כמעט די גאַנצע לענג און ברייט פונם דיל איז באַדעקט פון אַ רויטן טעפּעך. די ווענט זענען באַדעקט מיט רויט געוואַנט. איבער די פענצטער הענגען רויטע פאָרהאַנגען. מיך זעצט מען אַוועק אויף אַ רויטער קאַנאַפּע. אין צימער געפינען זיך נאָך דריי אַזעלכע רויטע קאַנאַפּעס און אַ צאָל רויטע, אויסגעבעטע שטולן.

אויף דער רעכטער זייט וואָנט הענגט אַ פּאָרטרעט פון גראָווער קליוולאַנד, דער צוויי־און־צוואַנציקסטער פּרעזידענט פון די פאַראיי־ ניקטע שטאַטן. אויף דער לינקער זייט וואָנט הענגט אַ פּאָרטרעט פון טעאָדאָר רוזוועלט, דער זעקס־און־צוואַנציקסטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דער אָנקל פון דער פרוי, וועמעס גאַסט איך

בין אַצינד. אַנטקעגנאיבער מיר איז אַ קאַמין. לינקס — אַ שענקל מיט ביכער. איך פֿאַרצייכן דאָ עטלעכע פֿון זיי.

"די עקזאַיל" (דער גלות), פֿון פּוירל ס. באַק.

"די דעניוב" (דער טייך דאַנוי), פֿון עמיל לענגיעל.

"די האַדסאַן" (דער טייך האַדסאַן), פֿון קאַרל קאַרמער.

"די סאָרד אין די סטאָון" (די שווערד אינם שטיין), פֿון ט. ה. ווהייט.

"סאַוט אַמעריקע" (דרום אַמעריקע), פֿון אַגנעס ראָטהערי.

דאָס רויטע צימער, וואָס ווערט באַנוצט הויפּטזעכלעך פֿון דער ערשטער לעידי, האָט, ווייזט אויס, אַ פֿאַרשידנאַרטיקע גאַלעריע פֿון געסט, און די דאָזיקע ביכער זענען דאָ אַריינגעשטעלט געוואָרן מיטן צוועק, כּדי די געסט זאָלן האָבן מיט וואָס די צייט צו פֿאַרטרייבן בשעת זיי וואַרטן אויף זייער געשעצטער גאַסט־אויפֿנעמערן.

אָבער איך בין גאָר נישט זיכער, צי דאָס איז נויטיק. איך בין זיכער, אַז יעדער באַזוכער, אויסער, אפשר, גאָר נאָענטע, וועלכער וואַרט אויף מרס. רוזוועלט, איז איינגאַנצן אַריינגעטאָן מיטן געדאַנק וועגן דער מערקווירדיקער פֿרוי וואָס באַווייזט אַריינצונעמען אַזוי פֿיל אַרבעט אין אַ טאָג לעבן. ווער שמועסט נאָך פֿון דעם, וועלכער פֿאָלגט נאָך איר אַקטיוויטעט, לייענט אירע אַרטיקלען, אירע ביכער און די ביכער וועגן איר, — דער איז אַזוי פֿול מיט דערוואַרטונג פֿון איר דערשיינונג; זיין געדאַנק איז אַזוי אויסגעפּילט מיט דער פּערזענלעכקייט, מיט וועלכער ער דאַרף זיך באַלד באַגעגענען, אַז אים ליגט זיכער נישט אין זינען אַריינצוקוקן אין אַ פֿרעמדן בוך.

איך קוק אויפֿן זייגער, וואָס אויף דער רעכטער זייט וואַנט. עס איז פֿינף־און־דרייסיק מינוט צו דריי. איך האָב נאָך צייט. איך גיי אין געדאַנק איבער וואָס צו רעדן מיט דער ערשטע לעידי. איך הויב מיר אָן מאַכן נאָטיצן אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר. איך כאַפּ אַלע ווײַלע אַ קוק אויפֿן זייגער. עס איז צוואַנציק צו דריי, פּופֿצן צו דריי. מיין אויג פֿאַרכאַפּט אַ שטיק שטח פֿון דעם דערבייאיקן צימער לינקס. דאָס איז דער בלויער צימער, אין וועלכן דער פּרעזידענט, אָדער די מרס. רוזוועלט — ווען דער פּרעזידענט איז שטאַרק פֿאַרנומען — נעמט־אויף אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן און געסט. אַלצדינג, וואָס דאָס אויג קאָן אַריינגעמען, איז דאָרטן בלוי, פּונקט ווי אין דעם צימער, אין וועלכן איך געפֿין זיך, איז אַלצדינג רויט.

מיין פֿען גייט לאַנגזאַם איבער די ווייסע שטיקלעך פּאַפּיר — לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיק, פּונקט ווי דער געדאַנק. מען מוז זיין טאַק־

טיש מיט די פראַגן. מען מוז זיין עקאָנאָמיש מיט דער צייט. די ערשטע לעידי איז זייער אַ פאַרנומענער מענטש. עס איז דעריבער בויטיק אַריינצופּאַקן אין די עטלעכע מינוט וואָס זי וועט מיר געבן דעם סאַמע עסענץ פון דער אינפאָרמאַציע וואָס איך וויל פון איר.

פּלוצלינג גיט זיך די פען אַ שטעל־אָפּ. ראַפּטום, דאַכט זיך, אָן אַ סיבה. אַ פען, ווייס איך, קאָן זיין זייער סענסיטיוו. זי קאָן טייל־מאָל דערפילן די מינדסטע ענדערונג פון אַ סיטואַציע, נאָך פריער פאַר דעם מענטש. וואָס־זשע פּאַסירט דאָ? אַ געוויש, נישט ווייט פון מיר, דערטראָגט זיך צו מיר. נישט קיין גערויש פון שטימעס, נאָר זייער אַ דראָבנער גערויש פון מענטשלעכע טריט וואָס בלויז אַזאַ גרויס פּלאַץ קאָן אַרויסגעבן. איך שטעל זיך אויף און איך קוק צו דעם אַריינגאַנג. די ערשטע לעידי דערנענטערט זיך, צוזאַמען מיט דעם דזשענטלמאַן, וועלכער האָט מיך פריער אַריינגעפירט אַהער.

— מרס. רוזוועלט. — שטעלט ער פאָר און פאַרשווינדט.

אין איר אויטאָביאָגראַפיע זאָגט ערגעץ מרס. רוזוועלט אויף אַן אומשולדיקן אופן, אַז עמיצער פלעגט איר מוטער אָנרופן "די קווינ" (די קעניגן). דער ערשטער לעידיס מוטער איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ גרויסע שיינקייט און האָט דערצו פאַרמאָגט אַ שיינעם, שטאָלצן געשטעל. ווייס איך נישט וואָס עס הייסט שיינקייט ביי אַנדערע, און וואָס עס הייסט אַ מאַיעסטעטיש דערשיינונג. אויב דער אויסדרוק "קעניגלעך" און "מאַיעסטעטיש" האָט בכלל עפּעס אַ באַדייט, בין איך גרייט צו זאָגן, אַז מרס. עלינאָר רוזוועלט זעט ביי איר ערשטן דער־שיינען אויס ווי אַן אמתע קעניגן דאַרף אויסזען און נישט ווי אַזאַ וועגן וועלכע מיר האָבן געלייענט אין די מעשה ביכלעך. זי איז הויך. זי שפּאַנט גלייך, שטאָלץ, אָבער אָן גאווה. זי טראָגט אייך אַנטקעגן אַ וואַרימע פריינטלעכע האַנט, צוזאַמען מיט איר באַקאַנטן שמייכל, וואָס איז דורכאויס עכט און נישט געקינצלט.

מען שטעלט פראַגן און זי ענטפערט — גערן, פריי, אָן אָנשטעל. מען וויל אַליין זיין טאַקטיש. אָבער אַמאָל גיט מען אַ פרעג וועגן אַן ענין וואָס זעט דעם פראַגע־שטעלער גופא אויס צו טראָגן אַן אינטימען כאַראַקטער. אָבער מרס. עלינאָר רוזוועלט ענטפערט אויף אַלץ קלאָר, מיט אַ נאַטירלעכער אָפנהאַרציקייט וואָס רופט אַרויס געפילן פון העכסטער אָפּשאַצונג. מען האָט די גאַנצע צייט אין זינען, אַז די צייט איז קורץ און מען איז דעריבער גרייט צו "אבדיקירן" ביי דעם ערשטן אָנדייט, אַז די אוידיענץ איז געענדיקט. אָבער מרס. רוזוועלטס ברייט־האַרציקייט שעפּט זיך נישט אַזוי גיך אויס. ביז עס קומט אָן אַ סעק־

רעטאַר און מעלדעט שטילערהייט, אַז אַמבאַסאַדאָר . . . (דער סעק־
רעטאַר זאָגט דעם נאָמען) וואַרט. זי שטעלט זיך אויף. איך, נאַ־
טירלעך, אויך. אָבער זי באַמערקט, אַז איך בין נישט גאָר געךן
אוועקצוגיין. זאָגט זי דעם סעקרעטאַר, אַז ער זאָל מיך איבערגעבן
צו איר אייגענער ערשטער סעקרעטאַרן און פריינט, מיס מאַלווינא
סי טאמפסאָן, און זי, זאָגט זי מיר צו, וועט שפּעטער אַליין ארויפקומען.

אין אָנפאַנג ווייס איך נישט וואָס זי מיינט מיט דעם "אַרויפ־
קומען". אָבער באַלד דערוויס איך זיך. דער פריערדיקער דזשענטלמאַן
נעמט מיך אַריין אין אַן עלעוועיטאָר מיט פרו ורבודיקע שפּיגלען און
הויבט מיך אַן פירן אַרויף.

איך האָב געוואוסט, אַז איידער מיר האָבן געגעבן דעם ערשטן
פּאָר, זענען מיר געווען צוויי מענטשן אינם עלעוועיטאָר. אָבער איך
קוק זיך אַרום — מיר זענען גאַנצע פיר, ניין — גאַנצע אַכט מענטשן!
פון וואנען האָבן זיי זיך גענומען? טאַקע פון די שפּיגלען אַרויס.
אויסער מיר אַליין, ס׳הייסט דעם לעבעדיקן איך, וועלכן איך האָב גע־
קאָנט אָנטאַפּן, האָב איך צו מיין שטוינען דערזען אַנדערע דריי אין
שפּיגל, ס׳הייסט דריי אנדערע איכן. און אויסער דעם דזשענטלמאַן,
וועלכער איז אַזוי גוט צו מיר, האָב איך, פון דער צווייטער זייט שפּי־
גל, געזען אַנדערע דריי דזשענטללייט. מיר זענען ביידע געשטאַנען
אין דער ברייט, ווי שורות סאַלדאטן אין ציווילע קליידער. איצטער
איז געווען אַ פראַגע, צי די אנדערע דריי איכן פאַרן טאַקע מיט מיר
מיט אַלס שטענדיקע באַגלייטער, צי בלויז אַ קליין שטיקל וועג, כדי
בלויז אַכטונג צו געבן אויף מיר אין דעם פרעמדן גרויסן הויז. די
צווייטע פראַגע איז געווען, צי די אַנדערע דריי דזשענטללייט, פון
דער צווייטער זייט שפּיגל, וועלן מיר אויך ארויסווייזן אַזאַ גאַסט־
פריינטלעכקייט ווי דער אָריגינעלער דזשענטלמאַן, צי זיי וועלן זיך
איינציקווייז אָפּטיילן פון אים און מיך אַ פרעג טאָן וואָס אַזוינס איך
וויל דאָ.

אָבער עס איז צו דעם נישט געקומען. דער עלעוועיטאָר האָט זיך
אָפּגעשטעלט. מיר האָבן ארויסגעשטייגט — מיר צוויי. מיר האָבן
זיך געפונען אין דעם גרויסן אויפנעם־צימער פון די רוזוועלטס.

איידער איך האָב צייט זיך גוט ארומצוקוקן, שטייט שוין לעבן
מיר די מיס מאַלווינא טאמפּסאָן. דער מאַן איז ווידער ערגעץ פאַר־
שוואונדן. זי בעט מיך זיצן.

זי איז אַ מיטליאָריקע פרוי מיט אַן איידעלן אויסזען. זי איז
זייער פריינטלעך און דירעקט. איר בליק איז אַ מילדער און אַ צו־

טרויליכער. עס איז נישט קיין וואונדער. צוואנציק יאָר זיין צוזאַמען מיט אַזאַ מענטש, ווי מרס. עלינאָר רוזוועלט, קאָן פון דעם גרעסטן מיזאַנטראָפּ ווערן אַ גלויביקער אין דעם מין וואָס רופט זיך מענטש, כאָטש איך פאַרזיכער איך, אַז מיס טאָמפּסאָן וואָלט, לויט איר כאַראַקטער, אַזוי אויך נישט געוואָרן קיין מענטשנהאַסערן.

זי דערציילט מיר אינטערעסאַנטע זאַכן פון זייער לעבן און פון זייער נע ונד זיין. זאַכן, וועגן וועלכע מרס. עלינאָר רוזוועלט וואָלט מסתמא נישט געוואָלט רעדן, אָדער זי וואָלט זיי אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. שוין מער ווי צוואַנציק יאָר ווי אונזער ערשטע לעידי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר אייגן לעבן. צי עס איז דער אייגענער מאַן, וועמען מען דאַרף לייכטער מאַכן דאָס לעבן, צי עס איז אַן אייגן קינד, אָדער אַ געזעלשאַפטלעכער ענין — מרס עלינאָר רוזוועלט איז גרייט מיט איר דינסט. „שי איז קאָמפּליטלי סעלפלעס" (זי איז דורכאויס אַ מענטש פאַר אַנדערע) — צו באַניצן דעם בוכשטעבלעכן אויסדרוק פון מיס מאַלווינא טאָמפּסאָן.

עס איז אָנגענעם צו הערן פון איינער, וועלכע איז צוואנציק יאָר צוזאמען מיט נאָך אַ מענטש; וועלכע זעט אוודאי אַלע שוואַכקייטן וואָס אַלע שטערבלעכע פאַרמאָגן, אַז „אַ גרויסער מענטש פילט נישט די אייגענע גרויסקייט". עס איז געגוג צו פאַרברענגען מיט מרס. רוזוועלט אַ קליינע ווילע דאָס איינצוזען. געוויס קאָנען זיין קרענק־לעכע מענטשן, וועלכע קאָנען אפילו אַזאַ עכטע דעמאָקראַטישקייט, ווי מרס. רוזוועלטס, אויסטייטשן אַלס נישט עכט און פאָזירנדיק, אָבער די דאָזיקע וועלן זיין גרינטלעך אומגערעכט. ווער עס לייענט עלינאָר רוזוועלטס ווערק, סיי אין בוך־פאָרם, סיי אירע צייטונג־אַרטיקלען, דער וועט פאַרשטיין ווי טיף־סענסיטיוו זי איז; ווי גוט זי פאַרשטייט דעם מענטשלעכן כאַראַקטער, און ווי גוט זי וואָלט גע־וואוסט וואו זיך אָפּצושטעלן, ווען די השערה פון איר פאָזירן זאָל פאַר־מאָגן אַ כזית אמת.

איך פרעג ביי דער מיס טאָמפּסאָן ווי אַזוי מרס. רוזוועלט האָט זיך געהאַלטן אינם עראָפּלאַן, וואָס האָט זיי געפירט קיין ענגלאַנד.

— אויסגעצייכנט. — ענטפערט זי.

— און אין ענגלאַנד גופא?

— אָ, אין ענגלאַנד?

דאָ גייט אַ סדרה פון אקטיוויטעטן און באַזוכן און סאָציאַלע פליכ־טן. אַכט אַזייגער אינדערפרי פלעגט זיך אָנהויבן דער טאָג אַרבעט

ביי דער מרס. רוזוועלט אין ענגלאַנד און ער פלעגט זיך ציען ביז צוועלף אָדער צוועלף דרייסיק ביינאַכט. אַהיימקומענדיק נאָך אַזאַ טאָג פלעגט די מרס רוזוועלט אַמאָל אַ זאָג טאָן:

"אָ, די פיס טוען אַזוי ווי . . . ."

און דאָס אַלץ. אויפן צווייטן טאָג זענען די פיס געווען פאַרגעסן און עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס נעכטיקע.

עסן איז ביי דער מרס. רוזוועלט נישט קיין פּראָבלעם. זי עסט וואָס און וואו עס מאַכט זיך. דער מאָגן אַרבייט ביי איר גוט. בכלל איז דער גאַנצער געזונט־צושטאַנד ביי איר אַ גוטער. זי ליידט קיינ־מאָל נישט פון קיין קאָפּוויייטיק, דערציילט מיר מיס טאָמפּסאָן. און ווען זיי עסן אָדער טרינקען אַמאָל אַ זאַך, וואָס איז נישט אַזוי גוט, דערפילט זי עס, די מיס טאָמפּסאָן. אויף מרס. עלינאָר רוזוועלט, אָבער, ווירקט עס נישט.

— און מיינט נישט, — וואָרנט מיך די מיס מאַלווינאַ טאָמפּסאָן, — אַז מרס. רוזוועלט איז אַן אָפּגעלאָזענע. זי איז איינע פון די ריינסטע און נעטסטע מענטשן וואָס איך האָב ווען באַגעגנט.

זי קאָן זיין אויף און אַקטיוו צוואַנציק שעה נאָכאַנאַנד. אַלץ וואָס זי דאַרף דאַן איז אַ דרימל פון פופצן־צוואַנציק מינוט — און זי איז ווידער פריש און ענערגיש ווי פריער.

מרס. רוזוועלט איז שוין דאָ צוריק פון איר אַפּאָינטמענט אונטן. זי באַדויערט וואָס עס איז היינט אַ שלעכטער טאָג. שלעכט אין דעם זין, וואָס זי קאָן מיר נישט אָפּגעבן אַזוי פיל צייט וויפיל זי וואָלט וועלן. אפשר קאָן איך קומען מאָרגן, זאָגט זי. וועט מען מיך מער באַ־קענען מיטן ווייסן הויז. "מר. טשוירטשיל איז דאָ", זאָגט זי מיט אַ שמייכל (פאַרגעסט נישט, אַז עס איז דער 14־טער מאַי, 1943). יאָ, איך ווייס. מר. טשוירטשיל איז דאָ. און מאַקענזי קינג איז דאָ. און נאָך אַ צאָל דיפּלאָמאַטן, גענעראַלן און קאַבינעט מיטגלידער. אַ שלעכ־טער טאָג היינט — פאַר די אַקס־לענדער אפשר, אָבער נישט פאַר מיר. איך בין צופרידן וואָס זיי זענען דאָ, מרס. רוזוועלט, און איך וועל קאָנען טאָן מיין אַרבעט מאָרגן. מר. טשוירטשיל און מר. ווערי־וועל און דר. בענעש זענען בילכער פון מיר. איך גיב זיי דעם פאַר־צוג אָן דעם מינדסטן סימן פון אייפערזוכט.

עס איז שוין מאָרגן, שבת. מיס טאָמפּסאָנס קול אויפן טעלע־פאָן. איך זאָל צוקומען האַלב נאָך צען. איצט איז אַכט מינוט נאָך צען. איך בין נישט צו־גוט באַקאַנט מיט וואַשינגטאָן. נעם איך אַ טעקסי. אין דריי מינוט אַרום שטיי איך שוין ביים טויער פון ווייסן

הויז. מען פרעגט, צי איך האָב וואָס צו ווייזן, אַז איך בין געלאַדן אין ווייסן הויז. איך האָב נישט. מען קלינגט אַרויף צו מיס טאָמפּסאָן.

איך שטיי און וואַרט. עס קומט אָן אַ הויכער מיליטערישער באַאַמטער. ער לאָזט זיך אַריינגיין. דער וועכטער שטעלט אים אָפּ. ער פרעגט אים וועמען ער דאַרף זען.

— גענעראַל . . . . — ענטפערט דער הויכער מיליטערישער באַאַמטער.

— איר האָט מיט אים אַן אַפּאָינטמענט ? — פרעגט דער וועכטער.

— ניין.

— קאָנט איר נישט אַריינגיין.

דערווייל קומט אַרויס אַן אַנדערער מאַן פונם בודקעלע, וואָסביים טויער, און זאָגט מיר, אַז איך קאָן אַריינגיין. גלייכצייטיק מוז דער מיליטער־מאַן גיין צוריק. ביי דער וואַך פונם ווייסען הויז איז דאָס אַ נאַטירלעכע רוטין. אָבער אויף מיר מאַכט עס אַ טיפן איינדרוק.

איך בין שוין אינווייניק. דער נעגער ביי דער טיר נעמט ווידער צו דעם מאַנטל מיטן הוט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיץ איך שוין אנטקעגנאיבער מרס. עלינאָר רוזוועלט.

איך זע זי שוין צום דריטן מאָל. עס מאַכט אַ קליינעם אונטערשיד. זי ווערט דערמיט נישט וואָכעדיקער. עס באַהערשן וואַרימע געפילן צו איר פּאַר איר האַלטן זיך. מען נאַרט זיך נישט אָפּ אויף אויף קיין רגע. מען ווייסט די גרעניץ וואָס טיילט אָפּ איין שמועסער פון דעם אַנדערן. פונדעסטוועגן וויל מען נישט, אַז זי זאָל אַוועקגיין. איך קוק אויף איר און איך ווייס נישט וואָס פּאַר אַ קלייד זי טראָגט. איר וועט מיר אנטשולדיקן, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז איך ווייס אפילו נישט אויף זיכער וואָס פּאַר אַ קאָליר אויגן מרס. רוזוועלט האָט. איך שרייב נישט קיין ראָמאַן. ביי מיר איז רעכט, אַז איך זאָל אַוועקגיין פון איר פּונקט אַזאַ ביטערער איגנאָראַמוס בנוגע דעם קאָליר־פון אירע אויגן ווי איך בין אַהער געקומען. אָבער ווען איך פרעג זי ווי זי, אַלס מוטער, פילט צו האָבן פיר זין אין דער מלחמה, און זי ענטפערט, אַן דיפּלאָמאַטיע, נישט ווי די פרוי פון דעם פּרעזידענט, נאָר ווי אַ מאַמע, אַז זי פילט נישט צו־גוט וועגן דעם, נאָר זי דאַרף נאָכקומען די פליכט פון איר לאַנד פּונקט ווי יעדע אַנדערע מאַמע, — ווייס איך וואָס דאָס מיינט. מען לערנט זיך, אַז מען קאָן פּאַרבלייבן אַ מענטש אפילו נאָכדעם, ווען מען האָט דערגרייכט דעם שפּיץ פון באַרג. ווייל מענטשן, אין גאָטס געשטאַלט, זענען אַלע. אָבער מענטשן, מיט גאָטס חכמה אין זיך, מיט עניות און פּשטות — ריינע, אומ־

געקינצלטע, אַזעלכע זענען פֿאַראַן זייער ווייניק אויף דער וועלט. עליגאָר רוזוועלט איז איינע פֿון זיי.

ווען די דאָזיקע פֿרוי זאָל נאָר וועלן, וואָלט זי געקאָנט פֿאַר זיך האָבן אַ גרינגן, אויסגעטראָטענעם וועג פֿון אַ הערשערן. זי וואָלט געקאָנט זיין אַ סימבאָל וועגן וואָס מען רעדט, נאָר מען זעט נישט. זי וואָלט געקאָנט זיין אַ נאָמען, וועלכן מען רעדט ארויס מיט יראת הכבוד און, אפשר, מיט באַוואונדערונג. זי האָט זיך געקאָנט געפֿינען אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון אויסדערוויילטע, אין אַן ענגן קרייז פֿון גע־פּרעסטע פֿראַקן און שטייפֿע קעלנער; פֿון צירונג און רייכער דע־קאָלטע. אָבער מרס. עלינאָר רוזוועלט האָט פֿאַר זיך אויסגעקליבן דעם שווערערן אָבער מענטשלעכערן וועג פֿון פֿאָרן גאַנצע מעת לעתן אין די באַנען, נישט דערשלאָפֿן און נישט דערעסן; פֿון לויפֿן פֿון איין לעקציע אויף דער אַנדערער; פֿון פֿאָרן אין טראַמווייען אַנ־שטאַט אין טעקסיס; פֿון רעדן צום פֿאָלק דירעקט; עסן פֿון זיין טיש און פֿון זיינע כלים; טרינקען שלעכטע קאַפֿע און זיך נישט וואַשן און נישט באָדן אין צייט. און דאָס אַלץ ווערט געטאָן פֿריי־וויליק, אָן שום פֿאַרלאַנג פֿון אָנערקענונג, פֿאַר ליבע, בלויז פֿון דעם אייגענעם דראַנג געטריבן, בלויז פֿון דעם אייגענעם געוויסן דיקטירט.

איר צוטרוי צו מענטשן האָט נישט קיין גרענעץ. וואָלט זי געווען אַ פֿרוי מיט ווייניקער בילדונג ווי זי פֿאַרמאָגט; וואָלט זי געווען איינע, וועלכער בלויז דער צופֿאַל האָט ארויפֿגערוקט אויף אַזאַ הויכער פּאָזיציע; וואָלט זי געווען אַ מענטש אָן אַזאַ שטאַרקער אַנאַליטישער פֿעאיקייט אריינצוקוקן אין דער טיפֿקייט פֿון יענעמס געדאַנקען, וואָלט מען געקאָנט אָננעמען די טעאָריע פֿון ציניקער, אַז זי איז נאַאיוו. וואָס, אויב אמת, וואָלט עס אויך נישט גערעדט קעגן איר. אָבער מרס. עלינאָר רוזוועלט איז זייער ווייט פֿון נאַאיווקייט. זי איז איינע פֿון די קליגסטע און דורכדרינגלעכסטע מענטשן וואָס מען באַ־געגנט. איך בין זיכער, אַז איר זענען באַקאַנט אַלע דריידלעך און המצאות פֿון אַזוינע וואָס ווילן זיך קליגן און מיינען, אַז זיי קאָנען ביי יענעם עפּעס אויסנאַרן. זי ווייסט, אַז מענטשן קאָנען זיין פּונקט אַזוי שלעכט ווי גוט און פּונקט אַזוי פֿאַרדאָרבן ווי איידל. פּונקט ווי יעדן ערלעכן מענטש קאָן מען זי אַמאָל אָפּנאַרן, אויסניצן, עקס־פּלואַטירן איר נאַטירלעך־גוטן כאַראַקטער. אָבער זי ווייסט ווייסן פֿון דעם. און עס ווערט איר טיף ווי טאָן.

מען קאָן אפֿילו נישט זאָגן, אַז עלינאָר רוזוועלט האָט זיך אַליין אויסגעשטעלט אַ מאָראַלישן קאָדעקס, וועלכן זי, מיט איר שטאַרקן

כאַראַקטער, פירט דורך אין לעבן. מאהאטמא גאנדי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז רעליגיע איז נישט נאָר גוט פאַר דער נשמה, נאָר זי האָט אויך אַ פּראַקטישן ווערט. זי נעמט אַראָפּ אַ סך דאגות פון דעם מענטש און עס ווערט אים דעריבער גרינגער אָנצוגיין מיט זיין טעגלעך לעבן. מרס. עלינאָר רוזוועלט איז זיכער נישט אַזאַ פּראַקטישע פרוי ווי דער הייליקער מאַן פון פאַרבאַנדאַר. איר מאָראַלישער קאָדעקס איז גיכער ארויסגעוואַקסן פון איר אינערלעך וועזן. אירע מאָראַלישע פאָדערונגען צו זיך אַליין זענען אזעלכע הויכע, וואָס מען קאָן נאָר געפינען ביי די אַמאָליקע צדקניותן. מען דאַרף זיין זייער אַ פאַרטעמפּטער מענטש דאָס נישט צו כאַפּן.

און דאָס איז נישט בלויז די לעצטע צייט. אפילו נישט די לעצטע צוואַנציק יאָר, ווען זי איז בכוח עפּעס אויפצוטאָן פאַר אַנדערע. די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט שוין אין איר געלעבט, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד. איך דערמאָן זיך אין אַ פּראכטפול בילד וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען אין איר אויטאָביאָגראַפיש בוך. עס איז געווען אין יאָר 1890. זי איז דאַמאָלסט געווען אַ קינד פון ארום פינף און האַלב יאָר. זי איז, צוזאַמען מיט אירע עלטערן און איר קליינעם ברודער, געווען אין איטאַליע אָנקוקן דאָס שיינע לאַנד.

איינמאָל האָט מען זי ארויפגעזעצט אויף אַן אייזל און זי געהייסן רייטן. אַלס אַ שומר האָט מען איר געגעבן אַ קליין איטאַליעניש אינגל. זיי האָבן זיך געזאַמט אַ שטיק צייט און זיי האָבן זיך צוריקגעקערט — אין אַ געביטענער פּאָזיציע: דאָס איטאַליענישע אינגל איז געזעסן אויפן אייזל און זי איז אונטערגעלאָפן.

— וואָס באַדייט דאָס? — האָט מען זי געפרעגט.

— זיינע פיס בלוטיקן אזוי . . . — האָט זי געענטפערט.

צו פינף און אַ האַלב יאָר האָט זי נישט געקאָנט צוזען ווי יענעמס פיס בלוטיקן. היינט קאָן זי נישט צוזען ווי די מענטשהייט בלוטיקט. אונטער מרס. רוזוועלטס שמייכל ליגט פאַרבאָרגן אַ סך צער. זי וואָלט געוואָלט טאָן אַלץ וואָס ליגט אין איר מעגלעכקייט צו היילן די מענטשהייט. און זי טוט. זי צורייסט זיך טיילמאָל אויף קליינע שטיקער צו זיין אומעטום וואו מען נויטיקט זיך אין איר. און זי לאָזט הערן איר וואָרט — שאַרף און מוטיק. טייל שאַצן עס אָפּ; אַנדערע — נישט. זי האָט געגנוג אויסצושטיין פאַר איר גרויסן ,חסרון" צו קעמפן פאַרן אמת. געוויסע לייט זענען גאָרנישט עלעגאַנט אין זייער קריטיק קעגן דער פרוי, וועלכע איז געטריי צו די ווערטער פון איר אַמאָליקער לערערן, מאדמואזעל סואוועסטר, אַז

"די ריכטיקע זאַך זאָל געטאָן ווערן בלויז דערפאַר ווייל די זאַך איז ריכטיק און נישט צוליב באַלוינונג אָדער צוליב מורא פאַר אַ שטראָף."

— ווי אַזוי קאָנט איר באַוויַיזן אָפּצוטאָן אַזוי פיל זאַכן אַ טאָג?

— פרעג איך זי אין דער געגנוואַרט פון איר סעקרעטאַרין, מיס טאָמפּסאָן.

שמייכלט זי מיט איר כאַראַקטעריסטישן שמייכל און ווענדט זיך צו איר סעקרעטאַרין:

— האַו דו ווי דו איט, דאַרלינג? (ווי אַזוי טוען מיר עס, טייערע?)

דאָס איז נישט קיין חנדל. עס איז נישט געמיינט צו קליגלען זיך. עס איז איר אופן אַרויסצודרייען זיך פון ענטפערן אויף דעם, אויף וועלכן זי קאָן נישט ענטפערן. ווייל מרס. עלינאָר רוזוועלט האַלט, אַז זי טוט גאָר נישט אויף מי יודע וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע זאַכן. אַ צוועלף־פערצן שעהדיקער טאָג אַרבעט איז ביי איר אַ וואָכעדיקער גאַנג. איז זי דעריבער זייער ערלעך אין איר וואונדערן זיך וואָס מען מאַכט דערפון אַזאַ ווען.

אַ סך ערנסטער האָט זי שוין גענומען די צווייטע פראַגע מיינע, ווי אַזוי דער פּרעזידענט האָט געפילט אויף זיין עראָפּלאַן־רייזע קיין צפון־אַפריקע. דאָ קומט זי שוין אַריין אין אַ נייער ראָלע. אָדער אפשר דאַרף מען זאָגן, אַז זי הייבט דאָ אָן צו גיין אויף אַן אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג פון אַ ווייב, ווען זי איז נאָך נישט געוועזן באַ־רימט אויף איר אייגענעם חשבון?

— ניין, — זאָגט זי, — דער פּרעזידענט האָט נישט געהאַט קיין גרויסע הנאה פון דער רייזע. ער האָט נישט ליב צו פליען. ער וואָלט צו יעדער צייט בעסער געפאָרן אויף אַ שיף. אָבער אויסער דעם, האָט ער געפילט גוט.

— און ווי האָט אויף אים געווירקט דער קלימאַט אין קאַסאַ־בלאַנקאַ? — פרעג איך.

— זייער גוט. — זאָגט זי, און זי הייבט אליין אָן צו רעדן פון אירע זין, וועלכע געפינען זיך דאָרט, עליאָט און פרענקלין דזשוניאָר.

— זיי ליידן דאָרט פון אַ מאַנגל אין וואַסער. — זאָגט זי מיט מוטערלעכער זאָרג — זיי קאָנען זיך נישט וואַשן, ווי זיי זענען גע־וואוינט געוואָרן. זיי קאָנען זיך נישט באָדן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט . . .

עס זיצט פאַר מיר איצטער נישט די ערשטע לעידי פונם לאַנד. נישט די געזעלשאַפטלעכע טוערן, נישט די שרייבערן, לעקטאָרן,

קעמפערן. עס זיצט איצט פאַר מיר אַ מאַמע מיט אַלע מוטערלעכע חנען וואָס אָט דאָס דאַזיקע וואָרט שטעלט מיט זיך פאָר. ווייזט אויס, אַז ווען איינער איז אַ קליינער מענטש איז אלץ וואָס ער טוט און פילט פאַר אים צופיל. אָבער ווען איינער איז, פּאַרקערט, אַ מענטש מיט אַזאַ ברייט האַרץ, ווי מרס. עלינאָר רוזוועלט; מיט אַזאַ אַלץ־אַרומ־נעמענדיקן געדאַנק, ווי אונזער ערשטע לעידי, האָט זי צייט אַרויס־צוטרעטן אויף מיטינגען פון איין עק לאַנד ביזן אַנדערן, צו קריסטענען אַ שיף, צו זיין אַ באַלעבאָסטע אין ווייסן הויז, אויסצוהערן די שווערע הערצער פון הונדערטער מענטשן און זיי שיקן אַ טרייסט, כאָטש איר אייגן געמיט איז אָפט אָנגעלאָדן מיט זאָרג און פּיין, און — אַ חוץ אַלעם — זיין אַ מאַמע צו אירע קינדער.

מרס. עלינאָר רוזוועלט, די טרייסטערן, די "טרוקענע" קעמפערן פאַר טאָג־טעגלעכע אויסבעסערונגען און רעפאָרמען, קאָן אויך זיין שטימונגספול און צובראָכן ווי דער עמפּינדלעכסטער פּאָעט. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זי האָט אַזוי פיל געאַרבעט איבער זיך, גע־צאַמט איר סענסיטיווקייט, געהאַרטעוועט איר סובטילן כאַראַקטער, געשטאָלט אירע דעליקאַטע נערוון, געטאָן אַלץ וואָס עס איז נויטיק צו טאָן אין אַ פאַל, ווען מען זאָגט זיך פולשטענדיק אָפּ פון דעם אייגענעם לעבן און מען לעבט בלויז פאַר אַנדערע, ווייזט זיך דאָך אַמאָל אַרויס איר אמת פּנים, אירע אמתע געפילן.

אין איר אויטאָביאָגראַפיש בוך, וואָס איז דערשינען אין 1937, מאָלט זי אַ סצענע פון איר ערשטן זון פרענקלינס טויט. אַלע קינדער (זיי זענען דאמאָלס געווען דריי אין צאָל) זענען קראַנק געווען אויף דער "פלו". דער ערשטער פרענקלין דזשוניאָר האָט די קראַנקהייט נישט געקאָנט איבערלעבן און ער איז געשטאָרבן צו קנאַפּע אַכט חדשים. אָט ווי זי שרייבט וועגן דעם מיט אַכט־און־צוואַנציק יאָר שפּעטער:

". . . ביזן היינטיקן טאָג, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, קאָן איך שטיין ביי זיין קליינעם קבר אין הויף פון דער קירך און זען פאַר זיך די קליינע גרופּע מענטשן וואָס זענען געווען פאַרזאמלט אַרום זיין קליינעם ארון און טראַכטן ווי ברוטאַל עס האָט אויסגעזען צו לאָזן אים דאָ איינעם אַליין אין דער קעלט."

מען האָט מיך געפרעגט, צי מרס. רוזוועלט איז אַ שיינע. ווען מען שטעלט אַזאַ מין פראַגע וועגן אַ פּרימאַדאָנע פון אַ מוזיקאַלישן רעוויו אויף בראָדוויי אָדער וועגן אַ פילם־אַקטריסע וואָלט זי גע־האַט אַ זין. וועגן דער ערשטער לעידי קאָן מען בלויז ענטפערן, אַז

אויב איין מענטש אפּעלירט צום אנדערן אזוי, אַז ער וויל זיצן לעבן באַטרעפנדיקן מענטש, הערן אים רעדן, קוקן אויף אים און פילן אַ פּאַרדראָס, ווען ער גייט אוועק, — דאָס איז אַ סימן, אַז דער מענטש איז שיין. און דאָס פילט מען אַלעמאָל, ווען מען זיצט מיט מרס. עלינאָר רוזוועלט, ווען מען רעדט מיט איר און נאָכדעם ווען זי גייט אוועק.

ניין, איך האָב נישט באַמערקט דעם קאָליר פון מרס. עלינאָר רוזוועלטס קלייד; דערפאַר האָב איך באַמערקט דעם קאָליר פון איר שטים: אַ קאָליר אַן עכטער, אַ וואַרימער. איך האָב נישט באַמערקט פון וואָס פאַר אַ קאָליר אירע אויגן זענען; דערפאַר האָב איך באַמערקט איר אויסגעשטרעקטע האַנט — אַ האַנט, וואָס זי טראָגט אנטקעגן מיט פונקט אַזאַ גרייטקייט, ווי זי טראָגט אנטקעגן איר האַרץ פאַר די געליטענע, איר געדאַנק פאַר די וואָס קאָנען פון אים לערנען, אירע כחות און איר ענערגיע פאַר די, וועלכע שאַצן עס אַמאָל אָפּ און אַמאָל נישט.

# דאָס ווייסע הויז

שוין דער נאָמען אליין גיט אַן אָנגעגעמען גלעט איבערן אויער. דאָס ווייסע הויז. עס קלינגט ווי דאָס הויז פון פרידן, פון רו. ווייל ווייס איז דאָך דער קאָליר פון פרידלעכקייט און פון ליכט. עס איז דער באַגריף פון ריינקייט און אומשולד. "ווייס ווי אַ מלאך", איז דעם פאָלקס אַן אויסדרוק. דאָס מיינט במילא צו זאָגן בלויז גוטס. דער־מיט באַצייכנט מען אַ קינד, וועלכעס מען האָט ליב; אַ קראנקן, וואָס איז טייער. ווייס איז דער באַגריף פון קלאָרקייט, און קלאָר מיינט ריין און אומבאַפלעקט — סיי פיזיש, סיי מאָראליש. דער קאָליר ווייס דינט פון די אַלטע צייטן אָן אַלס אַ סימן פון שלום און זיכערקייט. די ווייסע פאָן האָט שוין דורך די דורות געשפּאָרט מיליאָנען לעבנס אויף די שלאַכטפעלדער. דעריבער איז גוט וואָס דאָס ערשטע הויז פון אונזער מלוכה טראָגט אויף זיך דעם ווייסן קאָליר — דער קאָליר פון דעם ווייסן מלאך, וואָס ביים פאָלק מיינט עס די פאַרקערפּערונג פון זיכערקייט און גלויבן.

ווי אַזוי זעט אויס דאָס ווייסע הויז פון אינווייניק? עס איז אַ פראגע ווי אַזוי איר שטעלט זיך עס פאָר. ווייל דאָס ווייסע הויז פון אינווייניק האָט צענטליקערליי אויסזעען. עס ווענדט זיך וואָס איינער זוכט דאָרט, סיי ווען ער איז דאָרטן דאָ, סיי ווען בלויז זיין פאַנטאזיע שוועבט דאָרטן אַרום.

עס איז דאָס זעלבע מיט אויסגעחלומטע קעניגלעכע פּאַלאַצן, וועלכע זייער ווייניק מענטשן האָבן געזען. עס איז דאָס זעלבע מיט אַ סך אנדערע זאַכן אין לעבן וואָס זענען שווער צו דערגרייכן. ווען מיר זענען נאָך געווען זייער יונג האָבן מיר שוין אָנגעהויבן אונזערע גייסטיקע וואַנדערונגען. וואָס מיר האָבן געזען אין די חלומות און אין די פאַנטאזיעס איז מערסטנטייל געווען אַן אָפּשפּיגל פון אונזערע אייגענע וואונטשן און באַגערן. עס איז אַלעמאָל געווענדט אָן דעם כאַראַקטער, אין דער פּערזענלעכקייט פון דעם בעל־חלום און פאַנ־טאַזיסט. האָט איינער פון אונז געהאַט אַ נייגונג צו באַוואונדערן פיזישע גבורה, האָט ער זיך אין זיינע חלומות אָדער אין זיינע פאַנטאזיעס

געזען אַלס העלד, אַ קעמפּער, אַ ריטער, וואָס נעמט איין וועלטן. האָט זיך ביי איינעם יונגערהייט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ ליבע צו גייסט, האָט ער זיך ביינאַכט, אין זיין שלאָף, אָדער בייטאָג, אין דער פאַנטאַזיע, געזען אַרומגערינגלט פון ביכער — דיקע, קלוגע, אַלץ־וויסנדיקע ביכער. זיינע יונגע אויערן זענען פאַרקלונגען געוואָרן פון די טיפע רייד וואָס האָבן זיך פון אַט־די ביכער געטראָגן. ער האָט געשוועבט אין אַ וועלט, (האַלב־אמת, האַלב־אויסגעטראַכט) פון תורה און חכמה. און ער האָט געהאַט הנאה דערפון. ווייל אויב עס חלומען זיך איינעם אַזעלכע זאַכן, איז אַ סימן, אַז אין זיין אונטער־באַוואוסטזיין ליגן שוין אָפּגעדריקט די דאָזיקע קלוגע געדאַנקען, וועלכע וועלן שפּעטער אַרויסקומען פון זיין מויל אָדער פון זיין פעדער. קלינגען זי אים דערפאַר היימיש און אייגן.

עס בלענדט דאָ נישט אין די אויגן קיין גאָלד און קיין זילבער. און קיין בריליאַנטן און שמאַראַגדן זעט מען דאָ אין ערגעץ נישט פינקלען. דערפאַר ווערן דאָ פאַרשריבן בלעטער פאַר דער מענטש־לעכער געשיכטע וואָס האָבן אַ גרעסערן און אַ דויערהאַפטיקערן ווערט פון דעם אויסגעטראַכטן קיסרס אַלע שאַצקאַמערן. כדי צו געפינען די בלעטער דאַרף מען נישט דווקא צוגיין צו אַ בוך און אים אָנהויבן מישן. יעדעס ווינקעלע פון דעם ווייסן הויז וועט אייך קאָנען עפּעס דערציילן, וואָס איר האָט נאָך פריער נישט געהאַט געהערט. יעדע וואַנט האַלט איינגעזאַפּט אין זיך די רייד פון מענטשן וואָס האָבן געשאַפן געשיכטע סיי פאַר דעם לאַנד אַמעריקע, סיי, טיילווייז, פאַר דער וועלט. טרעטנדיק דאָ אויף די גלאַטע דילן און אויף די טייערע טעפּעכער פילט מען ווי מען וואָלט געשפּאַנט צענטליקער יאָרן — אויף צוריק.

אָט איז נאָכאַמאָל דאָס רויטע צימער, וועלכעס איך האָב שוין דערמאָנט. דאָ נעמט די ערשטע לעידי פּונם לאַנד אויף אירע געסט, וועלכע זענען פון אַזאַ פאַרשידענעם אויסוואַל, ווי עס זענען פאַרשידן אירע אַקטיוויטעטן. אינם לויף פון אַ קורצער צייט קאָן דאָס צימער הערן געשפּרעכן וועגן פראַגן וואָס זענען אַזוי ווייט איינע פון די אַנ־דערע, ווי מזרח פון מערב. אָבער מרס. עלינאָר רוזוועלט האָט פאַר יעדן איינעם אַן אָנגעגרייט אויער. זי הערט אויס הונדערטערליי טענות אויף פאַרשידנערליי אופנים אויסגעדריקט. זי הערט זיך אָן מיט אַלערליי אַקצענטן און דיאַלעקטן, סיי פון אויסלענדער, סיי פון לאַנדסלייט וואָס קומען פון אַלע עקן פון דעם גרויסן לאַנד. זי איז טאָלעראַנט און געדולדיק. אויב עס איז פאַראַן אין אַמעריקע אַ מענטש אויף וועלכן מען קאָן מיט אַ ריין געוויסן אָנווייזן: „אָט דאָס

איז אַן אמתער פאָלקסמענטש!״ — איז עס די ערשטע לעדי פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע, די אריסטאָקראַטיש־דעמאָקראַטישע עלינאָר רוזוועלט.

אָט איז דאָס בלויע צימער. עס שטייט בשכנות מיטן רויטן. דאָ ווערן אויסגעהערט וויכטיקע באַריכטן פון אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן, אמבאסאדאָרן, קאָנסולן און ספּעציעלע שלוחים פונם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. בלוי, בלוי — אַלץ אַרום דאָס צימער, באַמערקט מען, האָט עפּעס א נייגונג צו פראנצויזיש. עס שטייט אַן אַלטער בראָנזענער זייגער וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן מיט זיין אנדערשקייט.

— פון וואַנען קומט ער? — פרעג איך דעם מאַן וואָס פירט מיך אַרום.

— מען זאָגט, — ענטפערט ער מיר, — אַז ער שטאַמט פון נאַפּאָלעאָן באנאפּארט.

— פונם ערשטן, צי פונם דריטן?

ער ווייסט נישט גענוי. מילא, טראַכט איך, וואָס איז דער חילוק? אַ זייגער איז אַ זייגער. וואָס, נאָכאַלעמען, גייט אים אַן וועמ עס האָט אים דאָ אַוועקגעשטעלט אָדער אַוועקגעשענקט? קיין אומ־כבוד איז עס זיכער נישט פאַר אים. גייט ער כאָטש? אפילו דאָס איז מיר שווער צו באַמערקן, ווייל באַלד וואַרפט זיך מיר אין די אויגן אַ פּארטרעט פון מארקיז דע לאפאיעט. דאָס איז דער פראנצויזישער העלד, וועלכער איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און האָט געקעמפט פאַר זיי, בלוט פאַרגאָסן. פאַרוואָס? קיינער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט די אמתע אורזאַך דערפון. אָבער אין דער אמעריקאנישער געשיכטע איז ער פאַרשריבן אַלס איינער פון די שענסטע פאטריאָטישע געשטאַלטן וואָס דאָס פיאָנערן־פאָלק האָט ארויסגערופן צום לעבן.

מיר שפּאַנען אריין אינם גרינעם זאַל וואָס איז באַלד נאָכן בלויען. אויך דאָ, ווי אין די פריערדיקע צימערן, פּאַסט אַלץ צום קאָליר: גרין, גרין. אין דעם צימער ווערן מערסטנטייל באַהאַנדלט רעגירונג־אַנגעלעגנהייטן, פאָלקס־ענינים. די ווענט זענען באַהאַנגען מיט פאָרטרעטן פון געוועזענע פרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איר באַגעגנט זיך מיט די בליקן פון דזשאָן קווינסי עדעמס, דעם זעקסטן פּרעזידענט פון אונזער לאַנד. מיט קיין גוואַלדיק־גרויסע אויפטועכצן האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט, כאָטש ער האָט אָנגעהאַלטן וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע רעגירונג־אַמטן סיי

אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד (ער האָט אין פאַרשידענע צייטן פאַר־טראָטן אמעריקע אין האָלאַנד, פּאָרטוגאַל, פּרייסן און רוסלאַנד). ער איז באַקאַנט אין דער אמעריקאַנישער געשיכטע אויך מיט דעם וואָס ער איז געווען דער איינציקער זון פון אַ פּרעזידענט, וואָס איז שפּעטער אַליין געוואָרן פּרעזידענט.

און אָט איז דאָס געשטאַלט פון טאָמאַס דזשעפערסאָן — איינער פון די דריי גרעסטע פּרעזידענטן וואָס דאָס לאַנד האָט געהאַט. איך קאָן זיך נישט איינהאַלטן און איך זאָג אַרויס צו מיין באַגלייטער:

— דאָס איז געווען אַ גרויסער מאַן!

זיין פּנים לייכט־אויף.

— יאָ, — זאָגט ער, — איינער פון די אמת-גרויסע.

איך שטרענג אָן מיין בליק אויף דעם פּאָרטרעט. איך קאָנט אַלע דעם אויסזען פון דעם דריטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דעם פאַרפאַסער פון דער דעקלאַרעישאַן אָוו אינדעפּענדענס און פון אונזער קאָנסטיטוציע. איך ווייס נישט, צי עס איז אַלצדינג אמת וואָס מען זאָגט און מען שרייבט וועגן אים. אָבער ווען ער זאָל נישט געווען טאָן קיין אנדערע זאַך ווי שאַפן אַ קאָנסטיטוציע פאַר אַ לאַנד, געבן אַ תורה צו אַ פאָלק — אַ תורה, מיט וועלכער די גרעסטע געזעץ־געבער פון דער וועלט וואָלטן געמעגט שטאָלצירן, וואָלט ער שוין דערמיט אַליין געהאַט זיין פּלאַץ אין די אנאלן פון די אומשטערב־לעכע. בפרט נאָך ווען ער האָט צו זיין קרעדיט דעם אומשטערבלעכן דאקומענט פון דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט.

דריי־און־אכציק יאָר האָט דער מענטש אַריינגעלעבט. ווי אַלט זעט ער אויס צו זיין אויפן בילד? שווער צו זאָגן. די עלטער פון אַ מענטש — האָבן ערגעץ די חכמים געזאָגט — קאָן מען מעסטן מיט זיינע דערגרייכונגען. אויב אַזוי, זעט דזשעפערסאָן אויפן בילד אויס ווי אַ זקן פון עטלעכע הונדערט יאָר.

עס זעען זיך נאָך די פּאָרטרעטן פון דזשעימס ק. פּאָלק און מארטין וואן ביורען, דעם עלפטן און אכטן פּרעזידענט פונם לאַנד.

מיר גייען אריין אין עסצימער פונם ווייסן הויז. ווי די אנדערע צימערן, איז דאָס צימער אויך גרויס, מיט אַ הויכן באַלקן. עס שטייט אַ גרויסער טיש אינמיטן מיט שטולן אַרום. ביי דעם דאָזיקן טיש און אויף די דאָזיקע שטולן זענען שוין געזעסן די באַרימטסטע מענטשן אויף דער וועלט. אָט שטייט די שטול אויף וועלכער עס זיצט געוויינט־לעך דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אויסער דעם וואָס זי איז איבערגעבעט מיט אַ גרינגלעך קישן, איז זי אַ שטול ווי

אַלע שטולן. בלויז די פאַנטאַזיע מאַכט זי אויסקוקן אַנדערש פון אַנדערע. מען פאַרשטייט דאָס. פונדעסטוועגן, ווען מיין באַגלייטער פרעגט מיך, צי איך וואָלט זיך וועלן אויף אַ ווײַלע צוזעצן אויף דער דאָזיקער שטול, קאָן איך נישט ביישטיין דעם יצר הרע און איך טו אים צוליב.

לעבן פּרעזידענטס שטול שטייט נאָך אַ שטול. ״אויף איר איז נעכטן געזעסן פּרעזידענט עדוואַרד בענעש פון טשעכאָסלאָוואַקיע.״ — דערקלערט מיר דער מאַן וואָס פירט מיך אַרום. וואָס האָט מען געגעסן ביי דעם דאָזיקן טיש? איך פאַרזיכער אייך, אַז קיין גע־פּרעגלטע ראַקעס נישט. די שפּייזקאַרטע פון ווייסן הויז איז זייער אַ באַגרעניצטע אין מלחמה צייט. אַז מען קריגט אַ שטיקל ביפשטעק אויפן טעלער מיט אייניקע גרינסן און אַ טעפּעלע קאַווע, ווערט עס פאַררעכנט פאַר אַ לייטישן מאָלצייט.

אויף איינער פון די ווענט הענגט אַ פּאָרטרעט פון אייבראַהעם לינקאָלן, דעם זעכצנטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איבערן בילד לייכט אַן אייביק ליכט. עס פאַרדריסט נישט וואָס מען מאַכט עס אַזוי איקאָנע־מעסיק. וואָס פאַר אַ כבוד מען זאָל נישט אָנטאָן דעם דאָזיקן מאַרטירער, האָט ער עס פאַרדינט.

אַזוי גייען מיר — ווייטער און טיפער. יעדער שפּאַן אַ שטיק געשיכטע, איצטיקע און פאַרגאַנגענע. מען איז אַביסל באַרוישט. מען האָט טיילמאָל דאָס געפיל ווי מען וואָלט אַריינגעטראָטן אין אַ לע־בעדיקן אַרכיוו, וואו לעבעדיקע בילדער פון אַלטע און נייע פּאַסירונגען שטעלן זיך אויס אין אַ ריי און וואַרטן, אַז מען זאָל זיי באַטראַכטן. אָט זענען מיר אין דעם גרויסן קאָרידאָר פון די רוזוועלטס׳ וואוינונג. שטולן, בענקלעך, טישן, טישלעך — אַזוי פיל! דאָס איז פאַר געסט. ביי דער איצטיקער באַלעבאָסטע פון ווייסן הויז פעלן קיינמאָל נישט אויס קיין געסט.

די ביבליאָטעק פון ווייסן הויז איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אַלע פּאָ־ליצעס זענען אָנגעפילט מיט ביכער. דאָס זענען מערסטנס ביכער וואָס האָבן געהאַט דערפאָלג אויפן אַמעריקאַנישן ביכער־מאַרק, די ״בעסט סעלערס.״ שיקן די אויטאָרן צו זייערע ווערק אַהער. יעדער שרייבער וויל מסתמא, אַז דער פּרעזידענט אָדער ווער נישט איז פון ווייסן הויז זאָל לייענען זיין בוך.

— לייענט מען זיי? — פרעג איך מיין באַגלייטער.

— יאָ, — ענטפערט ער, — מען לייענט זיי.

— ווער?

דערציילט ער מיר, אַז די ביכער ווערן מייגסטנס געלייענט פון די געסט, וועלכע עס קומט אויס צו נעכטיקן אין ווייסן הויז. ווען עס שלאָפט זיך נישט ביינאַכט (און מסתמא זענען פאַראַן אַ סך געסט וועמען עס שלאָפט זיך נישט אין ווייסן הויז), קאָנען זיי צוגיין צו איינער פון די פּאַליצעס און אַרויסנעמען פון דאָרטן וועלכן בוך זיי ווילן. אזוי אַרומער ווערן טאָקע די שרייבער באַלוינט פאַר זייער קלוגן איינפאַל. זייערע ווערק ווערן געלייענט פון די באַזוכער אין ווייסן הויז וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעסאנטע גאלעריע מענטשן.

אויף דיזעלבע שאנקען און פּאַליצעס, וואו עס געפינען זיך די ביכער, שטייען פאָטאָגראפישע בילדער פון אַ סך פון די פּערזענלעכ־קייטן, וועלכע האָבן באַזוכט דאָס ווייסע הויז, מיט זייערע אויפ־שריפטן און אונטערשריפטן. אָט איז אַ פאָטאָגראפיע פון דער קעניגן עליזאבעט פון ענגלאַנד. אַ פּשוטע פּרויען־האַנטשריפט. אפשר וואָלט אַ גראפאָלאָג געקאָנט עפּעס אריינטייטשן אין דעם אופן ווי אזוי זי שרייבט אַן "ע", אָדער אַן "על". איך האָב געזען פאַר זיך אַ פּשוטע האַנטשריפט פון אַ שטערבלעכן. אפשר איז שולדיק אין דעם מיין נישט־מיסטישער קוק אויף די זאַכן.

אָט איז אַ בילד פון פּרינץ פעליקס פון לוקסעמבורג. אַ מאַן מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער זעט ער אויס צו זיין, מיט אַן ענערגישן בליק אין די אויגן. אויפן בילד — זיין אויפשריפט: אַ מתנה פאַר זיינע פריינט, דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דער מרס. רוזוועלט. ווייטער שטייט אַ פאָטאָגראפיע, אָנגעשפאַרט אויף אַ טיש מיט אַן אונטערשריפט פון דער פּרינצעסן מארטא פון נאָרוועגיע. אַ בילד פון דעם קאנאדישן פּרעמיער, מעקענזי קינג — מיט אַן אויפ־שריפט. און אָט איז אַן אויפשריפט אויפן בילד פון דעם פּרעזידענט פון באָליוויע:

"צו זיין עקסעלענץ, מר. פרענקלין ד. רוזוועלט, פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. פון זיין פריינט, מאַנועל פּראדא."

מיין באַגלייטער פירט מיך צו צו אַ בוך, אין וועלכן באַרימטע באַזוכער פונם ווייסן הויז שרייבן אריין זייערע נעמען. בליצן פאַר מיר אויף די אונטערשריפטן פון קעניג דזשאָרדזש פון ענגלאַנד, פּרע־זידענט בענעש פון טשעכאָסלאָוואקיע, גענעראל ארטשיבאלד פּ. וועיוול און דאראטי לאמור.

מיר זענען אינם גרויסן באל־צימער. איר האָט דאָך אוודאי גע־הערט פון די אימפּעריאַלע באַל־זאַלן פון די ראמאנאוס, די האהענ־צאלערנס, די האפּסבורגס (ווען יענע דינאַסטיעס האָבן נאָך עקזיס־טירט). דער דאָזיקער זאַל איז פון דעם זעלבן דיפּלאמאטישן כאַ־ראַקטער, אָן דער צעפּוילטקייט וואָס יענע דינאַסטיעס האָבן אריינ־געטראָגן אין זייערע זאַלן. אויך דאָ ווערן געפּלאָנטן געגנוג אינטער־נאַציאָנאַלע אינטריגעס פון שלויע דיפּלאמאטן פון דער גאַנצער וועלט. אויך דאָ זענען פאָרגעקומען נישט ווייניק אייגענע הויף־אינטריגעס. אויך דאָ, אויף דעם גלאַטן דיל, זענען, צוזאַמען מיט די וואַלצן און פאקס-טראטן, אויסגעטאַנצט געוואָרן דיפּלאמאטישע דריידלעך וואָס האָבן פאַרשאַפט דער מענטשהייט נישט איין קאַפּווייטיק.

נישט איינמאָל האָט דער דאָזיקער זאַל צוזאַמענגעבראַכט פריינט און שונא. נישט איינמאָל איז מסתמא אויסגעקומען די פאָרטרעטער פון כינע און יאַפּאַן זיך צוזאמענצוטרעפן צווישן די דאָזיקע ווענט (פאַר דעם 7־טן דעצעמבער, 1941) און נאָך גריסן זיך איינער צום אנדערן, ווי עס פאָדערט די דיפּלאָמאַטישע עטיק. דער פאָרטרעטער פון כינע האָט געמוזט זיין יאפּאנעזישן קאָלעגע מקרב זיין מיט אַ שמייכל פאַר דעם פּאָגראָם וואָס יענעמס לאַנד האָט געמאַכט אויף זיין לאַנד. און דער פאָרטרעטער פון יאַפּאַן, דער "אריער" פון אזיע, האָט, נאַטירלעך, צוריקגעשמייכלט — פיין, זיס און העפלעך, מיט דעם קוים־מערקבארן שמייכל אין זיינע קליינע אויגן. דאָ האָבן זיך אָנגעשלאָגן די פאָרטרעטער פון באליוויע און פאראַגוואי, ווען עס האָבן געפּלאָקערט די שלאַכטן אין טשאקאָ, און זיי האָבן זיך העפלעך פאַר־נויגט איינס פאַר דאָס אַנדערע. דאָ האָבן זיך צונויפגעדרייט פאָן רינטעלן, דער דייטשער סופער־שפּיאָן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זיין לאַנדסמאַן און האַרץ־פריינט פאָן פּאפּען, דער סופער־אינטריגאנט פוןביידע וועלט־מלחמות. מאַקסים ליטווינאָוו האָט דאָ געמוזט רייבן אַן אַקסל צו אַן אַקסל מיט די פאַרביסנסטע שונאים פון זיין לאַנד און אייבראהעם לינקאָלן האָט מיט זיינע לאַנגע פּיס דאָ אויסגעטאַנצט זיינע פריהייט־חלומות.

עס הענגען ארונטער די גרויסע קאנדעליאברעס פונם הויכן באַלקן. זיי מוזן אויסזען זייער אימפּאזאנט, ווען זיי זענען באַלויכטן. דער מאַן וואָס פירט מיך ארום איז העפלעך און ער דערקלערט מיר געוויסע זאַכן, וואָס ער דענקט, אַז איך דאַרף וויסן. פון איין וואַנט הענגט ארונטער דאָס בילד פון מארטא וואשינגטאָן, די ערשטע "פוירסט לעידי" פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איר פּנים זאָגט גאָרנישט. עס איז ווי אַ סך אנדערע פּנימער וואָס עס קומט אונז אויס צו זען אין

לעבן: דיק, צופרידן מיט זיך. אפשר האָט זי געהאַט אורזאכן צו זיין צופרידן. ווי באַקאַנט, האָט זי געטאָן אַ גאַנץ גוטן שידוך, חתונה האָבנדיק מיט איר צווייטן מאַן, דזשאָרדזש וואשינגטאָן. דער נדן וואָס זי האָט אים געגעבן — פיר קינדער פון איר ערשטן מאַן — האָט זי, ווייזט אויס, קיין סך טרויעריקער נישט געמאַכט.

אָט איז אויך אַ פּאָרטרעט פון דאלי מעדיסאָן, דאָס ווייב פון דעם פערטן פּרעזידענט פון לאַנד. וואָס איז געווען איר יחוס? ווייל זי האָט חתונה געהאַט אין ווייסן הויז מיט אַ פּרעזידענט? קאָן זיין.

ווידער אַ טיר, ווידער ווייכע טעפּעכער, ווידער נייע זעאונגען, איבערראשונגען. ווער איז געטראָטן איבער אָט־די טעפּעכער און דורכגאַנגען? די טאַטעס און די בויער פון אונזער לאַנד. פאַרשיי־דענע טאטעס זענען דאָס געווען און פאַרשידענע בויער. וויפיל גע־דאַנקען זענען אין די דאָזיקע שטחים געבוירן געוואָרן — געדאַנקען, וואָס זענען נאָכדעם געוואָרן געשיכטע? וואָס פאַר אַ געפיל דאַרף אייגער האָבן, ווען ער שפּאַנט איבער די דאָזיקע שטחים? דאַרף ער זיך באַטראַכטן פאַר וויכטיק פאַר דער זכיה וואָס ער האָט צו געפינען זיך אין די דאָזיקע דלד אמות, צי דאַרף ער זיך פילן קליין דערפאַר וואָס די אַלע גרויסע זאַכן זענען געטאָן געוואָרן אָן אים? די פּנימער פון די צוויי־און־דרייסיק פּרעזידענטן שוועבן כסדר פאַר די אויגן. אָט איז ענדריו דזשעקסאָן, דער קאָלירפולער ״ענדי״ פון סאוט קאראָ־ליינא, וועלכער האָט זיך געשלאָגן אויף דועלן — דאָ, אויפן אמעריי־קאַנישן באָדן, וואו דער עניין איז אַלעמאָל געווען פרעמד און אימ־פּאָרטירט פון אייראָפּע. אויסער דעם, האָט ער נאָך אין זיין לעבן באַוויזן צו שלאָגן זיך קעגן די ענגלענדער, קעגן די שפּאַניער און קעגן די אינדיאַנער. אין קאָנטראַסט צו אים, וואַרפן זיך אין די אויגן די בילדער פון די דריי קאָלירלאָזע פּרעזידענטן, וויליאַם האָוארד טעפט, קאַלווין קולידזש און דער מאַן פון מעריאָן, אָהייאָ — וואָרען גמליאל האַרדינג. אָט איז נאָך אַ פּרעזידענט פון אָהייאָ: וויליאַם מק׳קינלי, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן אינמיטן פון זיין צווייטן טערמין פון אַן אַנאַרכיסט, לעאָן טשאָלגאָש.

אָבער דער דאָזיקער מאָרד האָט אריינגעבראַכט אין ווייסן הויז איינעם פון די דינאַמישסטע איינוואוינער וואָס דאָס הויז האָט ווען עס איז געהאַט — פריער אָדער שפּעטער: טעאָדאָר אָדער ״טעדי״, ווי דאָס פאָלק האָט אים גערופן, רוזוועלט. ער איז געווען פּאָליטיש, סאָלדאַט (ער האָט געהאַט צו זיין קרעדיט דאָס אָרגאַניזירן דעם ערשטן רעגימענט פון קאַוואַלעריע אין די פאַראייניקטע שטאַטן).

יעגער (אין מזרח אפריקע און אין די ווילדענישן פון דרום אמעריקע), אטלעט און — שרייבער. נישט סתם אַ שרייבער, נאָר אַ געווינער פון דעם נאָבעל פּריז.

אָט איז וואודראו ווילסאָן מיטן פּראָפעסאָרישן פּנים — דער מאַן, וועלכן מען האָט אַזוי ווייניק פאַרשטאַנען אין זיין אייגן לאַנד. אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון נאַציאָנאַלע פיגורן: גרויסע, גאָר גרויסע, קליינע און מיטעלע. אַ קייט פון געשיכטע וואָס האָט דאָס רויע פּיאָנערן־לאַנד געמאַכט רייך און מעכטיק.

ענדלעך געפין איך זיך אין מר. פרענקלין ד. רוזוועלטס סטודיאָ. מיר קומט פאָר ווי איך וואָלט דורכגעמאַכט אַ קלעטעריי פון גאָלדענע גאָרנס און אַז איך בין ענדלעך אָנגעקומען אויפן העכסטן שטאָק — צוויי־און־דרייסיק אין צאָל. איז לאָמיר טאַקע זען וואָס עס טוט זיך סאַמע אויבן, ביי דעם צוויי־און־דרייסיקסטן פּרעזידענט פון אַנקל סעמס מדינה.

איך וויל נישט מאַכן קיין אָנשטעל פון אָביעקטיווקייט. איך טרעט גלייך איבער דאָס צימער מיט אַ צוגעגרייט געפיל — אַ געפיל פון ליבע און באַוואונדערונג פאַר דעם מאַן, וועלכער וויל געבן בלויז דאָס בעסטע און נאָבלסטע פאַר זיינע מיט־מענטשן. עס איז אויך דאָ דאָס געפיל פון נייגעריקייט. מען וויל זען ווי אזוי דער מענטש וואָס שאַפט געשיכטע פאַר אונזערע אויגן פאַר הונדערטער און אפשר טויזנטער יאָר; ווי אזוי דער מאַן וואָס איז איינער פון די צוויי־דריי טשעמפּיאָן קעמפער פאַר פרייהייט און מענטשן־ליבע, איז איינגע־אָרדנט.

דאָס צימער איז גרויס. אָבער אויסער דעם איז נישטאָ קיין סימן פון אויסברענגערישקייט, פון לוקסוס, אפילו פון באַקוועמלעכקייט. עס איז אַ גרויס, אַ ריזיק אַרבעט־צימער און נישט מער. דעם פּרע־זידענטס שרייב־טיש איז נישט שענער און נישט בעסער ווי דער שרייב־טיש פון וועלכן נישט איז פּרעזידענט פון אַ קליינער יוניאָן. וויפיל מען פאַרשרייט עס דעם פּרעזידענטס עקסטראַוואַגאַנץ! ער נעמט דאָס פאָלק און שטעלט עס בדיל הדל. קולידזשעס עקאָנאָמיע איז געווען גוט. הואווערס עקאָנאָמיע איז געווען גוט. ווען דאָס רעדל האָט זיך געדרייט פון זיך אליין, איז אַלץ געווען גוט. אָבער ווען דאָס רעדל האָט זיך דאָך אַמאָל אָפּגעשטעלט, ווי דער געזעץ פון דער געשיכטע פאָדערט, און פרענקלין ד. רוזוועלט האָט איינגעזען, אַז מען קאָן עס צוריק איינוויגן אין דעם זעלבן טעמפּאָ ווי פריער און נאָך שטאַרקער, מיט אַן "אינוועסטמענט" — סיי אין געלט, סיי אין מענטש־

לעכער ענערגיע, האָבן מענטשן, טייל בייזוויליק און טייל נאַאיווע, געמאַכט אַ גוואַלד, אַז דער פּרעזידענט איז אַן אויסבערענגער און אַז אים אַרט נישט, אַז ער וועט אויסליידיקן די רעגירונגס־קאַסע.

איינע פון די חנעוודיקסטע זאַכן אויפן פּרעזידענטס טיש זענען די ציגאַר־שפּיצלעך. דער פּרעזידענט האָט ליב צו רויכערן דינע פּאַפּיראָסן, נישט דירעקט, נאָר דורך ציגאַרשפּיצן. ליגן אויף זיין שרייבטיש אָנגעוואָרפן פון דעם מין אַ שפּאָר ביסל. אפשר איז דאָס אַן אויסבערענגעריי פון זיין זייט? ווער קאָן וויסן?

נאַטירלעך זענען פאַראַן עטלעכע טעלעפאָנען וואָס פאַרבינדן אים מיט דער וועלט. אויף דער וואַנט, אנטקעגנאיבער זיין שטיל, הענגט אַ געמאָלענער פּאָרטרעט פון מרס. עלינאָר רוזוועלט, זיין פרוי. אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט הענגט אַ פּאָרטרעט פון זיין מוטער, מרס. דזשעימס דעלאַנאָ רוזוועלט. אַביסל ווייטער — אַ פּאָרטרעט פון זיין פאָטער. דער פּרעזידענט איז זייער אַ וואַרימער פאַמיליע־מענטש. ער האָט ליב צו זיין אַרומגערינגלט פון אייגענע אַפילו אין ווייסן הויז. צי דאָס רעדט פאַר אָדער קעגן אים לאָז איך פאַר אנדערע צו אור־טיילן.

אויף אַן אַנדער וואַנט הענגט אַ פּאָרטרעט פון פּאָאל דזשאָונס, דער פאָטער פון דעם אַמעריקאַנישן פלאָט. פּרעזידענט רוזוועלט, איז ווי באַקאַנט, אַ גרויסער ענטוזיאַסט פון ים און שיפן. הענגען דעריבער אין זיין סטודיאָ אַ סך פאָטאָגראַפישע בילדער און צייכענונגען פון שיפן כמעט פון זייער אנטוויקלונג אָן.

אין אַ ווינקל פון דער סטודיאָ שטייט אַ גרויסער אויטאָמאַטישער וויקטראָלא וואָס איז צוגעטשעפּעט צו אַ ראַדיאָ־פאַרבינדונג.

אָט זענען ביכער. גאַנצע צוויי פּאָליצעס. עס איז באַקאַנט, אַז מערסטע אמעריקאַנישע פּרעזידענטן האָבן אַ שוואַכקייט צו לייענען דעטעקטיוו־מעשיות. דער איצטיקער פּרעזידענט איז אין דעם פאַל דווקא נישט קיין אויסנאַם. בין איך טאַקע געווען דערשטוינט זיך אָנ־צושטויסן אָן די בענדער פון טעניסאָן, דזשאָרדזש עליאָט, וואָלטער סקאָט און מיט דעם אַלטן גוטן פריינט אונזערן, דעם אומפאַרמיידלע־כען וויליאַם שעיקספּיר.

— לייענט דער פּרעזידענט אַמאָל די דאָזיקע ביכער? — פרעג איך מיין באַגלייטער — קוקט ער כאָטש אַמאָל אין זיי אַריין?

ער ווייסט נישט. נו, ווייס איך אויך נישט.

מיר ווילט זיך נישט ארויסגיין פון דאנען. אָבער דער באַ־גלייטער, זע איך, פילט, אַז דער צימער איז שוין גענוג "באַאַרבעט". ביי

אים איז עס מסתמא אַ רוטינע זאַך, אַט דאָס אַרומפירן געסט איבערן ווייסן הויז. אפשר איז אים שווער איינצוזען די אורזאַך פון וואָס מענטשן ווערן עס נתפעל. פונדעסטוועגן קאָן מען נישט גובר זיין אין זיך דאָס געפיל, אַז מען געפינט זיך אויף זייער אַ וויכטיק אָרט. אַט־דאָ, אויף דעם שטיקל שטח, אַ שטח, דאכט זיך, ווי אַלע אנדערע שטחים פון דער גרויס; אַ שטח, וואָס פאַרמאָגט דיזעלבע לופט, דעם זעלבן אַפּשיין, דעם זעלבן שאָטן — דעם גאַנצן זעלבן פיזישן אויס־זען — און דאָך איז עס אזוי אַנדערש! פאַרוואָס? ווייל דער פיזישער סובסטאַנץ פון זאַכן און אייגנשאַפטן איז דאָך קיינמאָל נישט דער עיקר. דער עיקר איז דאָך דאָס וואָס ליגט באַהאַלטן אונטער דעם. און אין דעם דאָזיקן שטיקל שטח ליגט דאָך, אין אַ זין, איינגעוויקלט אַ שטיק תמצית פון דער וועלט. אין וויפיל נאָך ווינקלען פון דעם ערד־קיילעך, פון אַזאַ קליינעם פיזישן פאַרנעם, ווערן מער באַשלאָסן די גורלות פון דער מענטשהייט? מען דאַרף דאָך זיין אַ מענטש מיט דער אַרימסטער פאַנטאַזיע דאָס נישט צו באַגרייפן.

אַ נאָמען גיט אַ קלאַפּ איבערן אויער: יאַמאַמאָטאַ. וואָס איז דאָס? וואָס מיינט עס? אַ פרעמדער נאָמען און דאָך עפּעס באַקאַנט. נאָכאַמאָל: יאַמאַמאָטאַ. אהא, די אַסאָסיאַציע איז דאָ. די אַסאָסיאַציע מיט דעם פרעזידענטס שטול. וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג איז פאַראַן צווישן דעם?

אַט:

אויף אַט־דער שטול, האָט יאַמאַמאָטאַ געזאָגט, וועט ער דיקטירן רוזוועלטן דעם שלום. ער, יאַמאַמאָטאַ, וועט, נאַטירלעך, זיצן און רוזוועלט וועט, נאַטירלעך, שטיין און אויסהערן דעם דיקטאַט.

”איך, יאַמאַמאָטאַ, דער ברודער פון טאָדזשאָ, דער דינער פון היראָהיטאָ, דער זון פון גאָט, דער הייליקער שינטאָ, באַפעל דיר מיט אַ נויג צו דער ערד, אָ, דו זון פון דעם ווייסן יענקי־פאָלק, אונטער־צושרייבן דעם דאָזיקן דאָקומענט, צוגעגרייט פאַר דיר, כדי ארויסצע־ווייזן דיר און דיין יענקי־פאָלק דעם גרויסן חסד פון דעם מיקאדאָס קינדער;

”איך, יאַמאַמאָטאַ, דער ברודער פון טאָדזשאָ, דער דינער פון היראָהיטאָ, וועלכער איז נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים (מיך, נישט טאָדזשאָן; טאָדזשאָן, נישט היראָהיטאָן), א. אז. וו., באַפעל דיר, פרענקלין ד. רוזוועלט, מיט אַ ווייטיק אין האַרץ, אונטערצושרייבן, אַז די ווייסע ראַסע, ספּעציעל די יענקי־ראַסע, איז אַן אָנשיקעניש אויף דער וועלט און וואָס גיכער זי וועט גרייט זיין זיך צו לייטערן

אין דעם שאָטן פון גאָטס זון הירהאָיטאָ אַלץ גיכער וועט זי זוכה זיין אַריינגענומען צו ווערן צווישן די פעלקער פון שינטאָ. שרייב אונטער, פאָרשטייער פון דער יענקי־ראַסע, אַז דו וועסט פון היינט און ווייטער נישט מאַכן קיין פאַרזוך צו בויען פלאטן, ווייל פלאָטן קאָנען בויען נאָר די געלע זין פון דער אויפגייענדיקער זון; אַז דו וועסט מער נישט פּרואוון פליען פון קיין עראָפּלאַנען, ווייל דאָס איז נישט פאַר דיין כח און נישט פאַר דעם כח פון דיין ראַסע. דאָס פליען געהערט בלויז צו די קינדער פון דער זון, וואָס איז איבער דער ערד;

„איך, יאַמאַמאָטאָ, דער ברודער, א. אז. וו., באַפעל דיר אונטער־טעניק, אין נאָמען פון מיין גרויסן ברודער טאָדזשאָ, און מיר ביידע באַפעלן דיר צוויי מאָל אונטערטעניק אין נאָמען פון אונזער טאַטעלע הירהאָיטאָ, און מיר אַלע דריי באַפעלן דיר אזוי פיל מאָל אונטער־טעניק, א. אז. וו., אַז דו זאָלסט אַרויפשאַרן דיינע אַרבל און נעמען אַ פעדער אין דער האַנט אריין און זיך אָנכאַפּן אין דעם נישט איבער־שטייגנדיקן חסד פון די שינטאָ־זין און אונטערשרייבן, אַז פון היינט און ווייטער ביסטו און דיין יענקי־פאָלק אַ טייל פון אונזער געטלעכער אימפּעריע, און אַז איר אַלע וועט זיך פילן גליקלעך צו געפינען זיך אין דער משפחה פון די פון שינטאָ אויסגעווײלטע פעלקער — מיט דעם באַדינג, אַז איר וועט פאָלגן און האַלטן די קעפּ צו דער ערד אַ טערמין פון דריי מאָל דריי הונדערט יאָר. און דאַמאָלס, אַז דער באַריכט פון אייער אויפפיר וועט זיין אַ גינסטיקער, וועט איר זוכה זיין אונטערצוהאַלטן די פּאָלעס פון דעם מאַנטל פון הירהאָיטאָס נאָכ־פאָלגער — אמן (אויף יאַפּאַנעזיש).“

אַזוי, אָדער כמעט אַזוי, האָט געדרשנט יאַמאַמאָטאָ מיט אַ צייט צוריק. באַלד־באַלד, האָט ער געזאָגט, וועט ער דיקטירן דעם שלום אין ווייסן הויז. היינט איז שוין דער געטלעכער יאַמאַמאָטאָ טויט און זיין גייסט שוועבט שוין אַרום ערגעץ אין די היכלען פון שינטאָס אומשטערבלעכע לאַבירינטן.

איך שטיי שוין ווידער אין דעם גרויסן קאָרידאָר און איך וואַרט אויף מרס. רוזוועלט. זי דאַרף אַרויסקומען פון איר צימער מיך זען. זי סאָרטירט אירע בריוו וואָס זי דערהאַלט אין די טויזנטער. מיין וועגווייזער איז שוין נישטאָ. דריי איך זיך אַרום און פאַרצייכן אַלע ווילע אַן אַנדערע זאַך. איך כאַפּ נאָכאַמאָל אַ בליק אויף דעם פּרעזידענטס סטודיאָ.

מרס. רוזוועלט באַווייזט זיך ביים צווייטן עק פון קאָרידאָר. איר וואונדערבאַרער שמייכל וואַרימט אָן דעם גאַנצן שטח וואָס טיילט אָפּ איין מענטש פונם אַנדערן.

— איצטער, — זאָג איך, — אַז איך האָב שוין געזען אזוי פיל פונם ווייסן הויז, וואָלט איך וועלן זען דעם פרעזידענט.

זי ווערט נישט פאַרוואונדערט, נישט ברוגז, נאָר זי זאָגט, כמעט ווי פאַרענטפערנדיק זיך:

— איך אליין זע אים זעלטן די טעג. מר. טשוירטשיל איז דאָ . . . — פאַרענדיקט זי מיט אַ שמייכל.

יאָ, איך ווייס, אַז מר. טשוירטשיל איז דאָ. דערצו נאָך אַזוי נאָענט פון דעם אָרט וואו איך שטיי. אינגאַנצן מיט אַ פּאָר איילן אָפּגעַרוקט ווערט באַשלאָסן דער גורל פון פעלקער און לענדער. איז עס גוט אַזוי? איז עס גוט, אַז דער גורל פון מיליאָנען זאָלן ליגן אין די הענט פון צוויי, צי פון דריי, צי פון פיר מענטשן? דאָס איז דער געדאַנק וואָס גיט אַן עגבער־דורך דעם מח אויפן מאָמענט. אָבער איך וואַרף אים גלייך אָפּ. אַ צווייטער געדאַנק, אַ קאָנטער־געדאַנק, ענטפערט־אָפּ:

און אַז יאָ, איז וואָס? איז דאָך עס אַ רוזוועלט, אַ מענטש מיט אַ האַרץ! און טשוירטשיל, וועלכער איז, אמת, האַרטער פון רוזוועלטן, וועלכער האָט שוין אין זיין לעבן געזען אַ סך בלוט אָפּגיין, — אים קאָן מען דאָך אויך נישט פאַרגלייכן מיט די בלוטיקע חיות פון דעם צווייטן צד, וואָס זענען על פּי טעות געשטאַלטיקט אין מענטשלעכע פאָרמען. אויסער דעם: וויפיל מאָכט די צוויי דעמאָקראַטישע פירער האָבן נישט אין זייערע הענט, איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ קאָנגרעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אַ פּאַרלאַמענט אין ענגלאַנד. עס איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ סענאַט, וואָס באַגייט טאַקע אַמאָל א טעות, אָבער וואָס איז פון דער צווייטער האַנט, דאָך אַ קערפּערשאַפט וואָס רעדט אין נאָמען פון מיליאָנען בירגער.

ניין, די צוויי מענטשן, און אַנדערע מיט זיי, קאָנען זיך נישט העלפן וואָס זיי דאַרפן פּלאַנירן טויט און פאַרוויסטונג. עס איז אַ לאַגע וואָס אויב נישט פאַרניכטן דעם שונא, דאַרף מען אַליין פאַרניכט און פאַר־וויסט ווערן. איז וואו איז די ברירה?

שטיי איך דאָ, אויף דער גרעניץ פון די גרעסטע און נסיונדיקסטע באַשלוסן. זיכער ווייס איך, אַז איך בין נישט מער ווי אַ זייטיקער און צופעליקער באַזוכער דאָ. אָבער די ווערטער וואָס ווערן אַצינד אַרויסגערעדט, אָט־דאָרטן, מיט אַ פּאָר איילן אָפּגערוקט פון מיר — אַרויסגערעדט, פאַרצייכנט און פאַראייביקט, קלינגען מיר כמעט אין די אויערן. צו וועלן זיין פּאָעטיש, קאָן איך זאָגן, אַז איך קאָן כמעט הערן דעם פעדער־קריץ פון די אונטערגעשריבענע באַפעלן פון די

פירער פון דער וועלט — באַפעלן, וואָס וועלן איבעראַנדערשן די מאַפּע פון דער וועלט. אַז איך וויל, קאָן איך זאָגן, אַז איך, שטייענדיק דאָ, אין ווייסן הויז, לעבן דער ערשטער לעדי, בין אַן עדות צו די גרעסטע פּלענער און צו דער העכסטער סטראַטעגיק וואָס ווערן דאָ אויסגעאַרבעט פון די צוויי הויכע פאָרשטייער פון דער ציווילי־זירטער מענטשהייט צו פאַרניכטן דאָס בייזע און דאָס מיאוסע פון דער ערד; אַז איך שטיי ביי דעם אָפּעראַציע טיש, וואו די גרויסע כירורגן זענען פאַרזאַמלט, מיט די אָפּעריר־מעסערס אין די הענט, גרייט אויסצושניידן דאָס געשוויר וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם קערפּער פון דער אומגליקלעכער און פאַרפּייניקטער מענטשהייט.

גוד־באַי, ווייס הויז, צענטער פון פרייהייט, צענטער פון ווידער־שטאַנד, אַרסענאַל פון דעמאָקראַטיע, פעסטונג פון די פיר פרייהייטן. איך דאַנק דיר פאַר דיין גאַסטפריינטלעכקייט און פאַר דיין צוטרוי צו אַן אימיגראַנטן־זון, וועלכער וואָלט אין זיין "אייגן" היימלאַנד קיינמאָל נישט דערקלעטערט צו אַזאַ הויכן אנשטאַלט.

# האַיד פּאַרק

ווייל מען דעם דיכטער פאַרשטיין, מוז מען אין זיין לאַנד גיין — אַזוי זאָגט ערגעץ אַ גרויסער פּאָעט. עס מיינט, אַז כדי צו קאָנען זיך דערגרונטעווען צו דעם דיכטערס שאַפן, מוז מען זיך פריער באַקענען מיט דער סביבה אין וועלכער ער לעבט, מיט דער גייסטיקער אַטמאָספער וואָס רינגלט אים אַרום, מיט די אומשטענדן וואָס פאַרמירן זיין איך.

וואָס איז אַ דיכטער? אַ קאָמבינאַציע פון טאַלאַנט, פאַנטאַזיע און אַרבעט. וואָס איז אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַ פרענקלין ד. רוזוועלט קאַליבר? נישט קיין דיכטער? פאַרמאָגט ער דען נישט די קאָמבינאַציע פון טאַלאַנט, פאַנטאַזיע און קאָלאָסאַלן אַרבעט־כח? וועלן נישט די ווערק וואָס ער שאַפט פאַר אונזערע אויגן געלייענט און שטודירט ווערן פון צענטליקער מיליאָנען מענטשן אין אונזערע אייגענע טעג און אין די טעג וואָס וועלן קומען?

איז לאָמיר גיין צו פרענקלין ד. רוזוועלט אַהיים — אין זיין אמתער היים; אין דער היים פון זיין אָפּשטאַם און זיין געביין; דאָרט, וואו ער איז געוועזן איידער ער איז אַריין אין ווייסן הויז, און דאָרט, וואו ער וועט אויסלעבן זיינע לעצטע יאָרן אַלס איינער פון די גרעסטע פּרעזידענטן וואָס דאָס לאַנד אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן און איינער פון די באַרימטסטע און געבענטשסטע מענטשן פון אונזער יאָרהונדערט.

איך טרעט אַריין אין דעם דיכטערס לאַנד מיט דיאַגנעס׳ לאָמפּ אין דער האַנט. איך גיי זוכן ליכט און אמת אין אַ קליין ווינקעלע, ווען דאָס ליכט און אמת, וואָס הייסט רוזוועלט, שיינט אַרויס פון אומעטום. ניין, איך וויל נישט אידעאַליזירן, אָבער איך שרייב די דאָזיקע ווערטער פּונקט אין דער צייט, ווען עס ווערן געמאַכט די ביטערסטע אַטאַקעס אויף רוזוועלטן און אויף זיין אַדמיניסטראַציע פון אַלערליי קאַריעריסטישע פּאָליטישנס. די גאַנצע רוזוועלט־פאַמיליע, אַנהויבנדיק מיטן פּרעזידענט און ענדיקנדיק מיטן איננגסטן זון, דזשאָן, זענען אַריינגעטאָן אין דער מלחמה. יעדער פון זיי איז אַריינ־

געטאָן אין קאַמף אויף די פאַרשידענע שלאַכטפעלדער פון דער וועלט — כדי מעגלעך צו מאַכן פאַר געוויסלאָזע פּאָליטישנס אויסצוניצן די אויסגעקעמפטע פרייהייט פאַר אייגענע קליינלעכע אינטערעסן.

הייד פּאַרק איז אַ קליין-קליין שטעטעלע, אַ גאַנץ די גרויס. מען זעט עס אויף קיין מאַפּע נישט אָן. מען גייט אַראָפּ פון דער באַן און מען בלייבט שטיין ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער ערגעץ אויף אַ ווייטן פּלאַנעט. מען זוכט אַ מענטש, אַ טעקסי — נישטאָ. אַ שטילקייט אַרום, אַ רואיקייט — נישט צו באַנעמען. ווי קומט דאָס צו אַן אַמעריקאַנישער שטאָט אָדער שטעטל? וואו מען גיט זיך אַ קער אין דעם גרויסן און רירעוודיקן לאַנד אונזערן קאָכט דאָך עס מיט לעבן, מיט צייטונג-קיאָסקן, מיט עס-פּלעצער, מיט קאָקאַ קאָלאַ בודקעס, מיט געזאַלין סטעישאָנס. דאָ — גאָרנישט. אַבסאָלוט גאָרנישט.

ענדלעך — אַ מענטש. נישט סתם אַ מענטש, נאָר מיט אַן אויטאָ. איך גיי־צו. איך דאַרף, זאָג איך אים, צוגיין אָדער צופאָרן צו פּרעזידענט רוזוועלטס גוט. ווייסט ער נישט ווי אַזוי איך קום אַהין? איז נישט פאַראַן דאָ קיין טעקסי?

— ניין, — זאָגט ער, — נישטאָ דאָ קיין טעקסיס אין הייד פּאַרק. ער זאָגט דאָס אָפּ, מעשה רוטין. אַ זאַך, הייסט עס, וואָס דאַרף אָפּגעזאָגט ווערן און פּטור. און דאָס וואָס איך דערמאָן אים אַזאַ געהויבן פּלאַץ, ווי דעם פּרעזידענטס גוט, מאַכט אויף אים אויך אַ קנאַפּן איינדרוק. טאַקע, ווי קאָן אַ הייד פּאַרקער תּושב נתפּעל ווערן פון אַן אייגענעם לאַנדסמאַן! ער פּאָרעט זיך אַרום זיין אויטאָ און קוקט אפילו נישט אויף מיר. עס לאָזט זיך אויס, אַז ער איז דער כל־וכל פון הייד פּאַרק: דער פּאָסט־צעפּירער, פּראַכט־צעפּירער, בכלל פירער און איבערפירער פון אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות צו זיין מדינה.

— איז ווי אַזוי־זשע קום איך פאָרט אַהין? — וויל איך וויסן — וואָלט ער מיך נישט געקאָנט צופירן?

— וואָס, אַהין-אַ? ער? אַ, ניין.

— פאַרוואָס נישט?

— פאַרוואָס נישט? — ער גיט צום ערשטן מאָל אַ קוק אויף מיר. איצטער ווייסט ער שוין מיט וועמען ער האָט צו טאָן. ער דערקלערט מיר, אַז ער וויל נישט נעמען אַזאַ ריזיקע אויף זיינע פּלייצעס. דאָס גאַנצע פּלאַץ, פון ענד ביז ענד, איז אַרומגערינגלט פון מיליטער. ווער עס פאָרט פאַרביי, דעם שטעלט מען אָפּ. מען שטייט מיט געלאָדענע ביקסן. פאַרוואָס זאָל ער וועלן פאָרן אַהין?

— אָבער איר זענט דאָך אַ היגער. — זאָג איך צו אים — מען קען דאָך אייך . . .

דאָס איז אַ טענה פאַר די בענטש־ליכט, נישט פאַר אים. ער פאָרט נישט אַהין. אויב איך וויל, קאָן ער מיך צופירן צו דעם שטאָט־טישן דראָג־סטאָר. דאָרט וועט מען מיר שוין זאָגן ווי אַזוי צו קומען צו די רוזוועלטס.

איך בין אָנגעקומען צו די רוזוועלטס. דעם פּרעזידענטס עסטעיט איז צעלייגט אויף אַ גרויסער, ברייטער שטרעקע לאַנד. דער כל־וכל פון הייד פּאַרק האָט נישט געזאָגט קיין ליגנט. יעדער אַריינגאַנג פונם עסטעיט איז באַוואַכט פון מיליטער. און טאַקע מיט געלאָדענע ביקסן. אָבער קיין סכנה צוצוגיין שטעקט נישט. פאַרקערט, די וואַך איז פריינטלעך, די וואַך איז העפלעך. אַפילו סענדי, פרענקלינס (דעם פּרעזידענטס זון) ריזיקער הונט, איז גאַסטפריינטלעך. ער באַשמעקט דעם פרעמדן פון אַלע זייטן און שטשירעט מיט די גרויסע, שאַרפע ציין. סענדי איז נישט פון די נאַראָנים. ער ווייסט אַז קיין שונא פון זיינע באַלעבאַטים וועט נישט קומען אַהער אין מיטן העלן טאָג, דערצו נאָך אין דער באַגלייטונג פון מר. וויליאַם א. פּלאָו, דעם אויפזעער פון דעם גוט. דאַרף מען דעריבער זיין העפלעך און זיין גרייט. אויב דער פרעמדער וועט זיך נישט אויפפירן ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועט מען זען וואָס מען האָט צו טאָן.

עס איז אַ קאַלטער ווינטער־טאָג. איך צי אַריין עטלעכע פּראָס־טיקע אַראָמאַטן וואָס קומען פון די בוימער אַרום, פון די בלעטער אויף דער ערד. דאָ האָט פרענקלין ד. רוזוועלט צום ערשטן מאָל גע־עפנט די אויגן, די ערשטע קאַלטע ווינטער־לופט איינגעאָטעמט. ער איז געבוירן געוואָרן אַ פּרינץ, כאָטש נישט אין קיין קעניגלעכן פּאַלאַץ. דעם 30־טן יאַנואַר פונם יאָר 1882 האָט ער צום ערשטן מאָל דערזען דאָס ליכט פון אונזער וועלט. און די ערד, אויף וועלכער איך שטיי אַצינד, איז געווען זיין שיצערן, ווען ער האָט דעם ערשטן טראָט גע־שטעלט. דער הימל, וואָס איבער מיין קאָפּ, איז געווען דער ערשטער דרויסנדיקער עדות פון זיין עקזיסטענץ. און די בוימער אַרום — געדענקען זיי נאָך די ערשטע קלאַנגען פון דעם קינד פרענקלין ד. רוזוועלט? האָבן זיי אויפגעהיט אין זייער זכרון יענע ערשטע, אומ־באַהאָלפענע שטאַמלערייען, וועלכע זענען מיט יאָרן שפּעטער מגולגל געוואָרן אין פייערדיקע דעקלאַראַציעס וואָס האָבן געצונדן הערצער פון מיליאָנען איבער דער וועלט?

די ערשטע אַכט יאָר פון זיין לעבן זענען געווען די גליקלעכסטע, כאָטש מען האָט אים נישט געקלײדט אין קײן זײדנס און קײן אַכצן דינסטן האָבן אים נישט געקוקט אין די אויגן. ער האָט געהאַט אַ געזונטן, גוטמוטיקן און פאַרשטענדיקן פאָטער און אַ געזונטע, שײנע, כאַראַקטערפולע מוטער. זײ האָבן אויסבאַלאַנסירט זײן יונג לעבן אַזוי, אַז עס זאָל זײן גאַנץ און געזונט — פיזיש און גײסטיק. מען זאָגט, אַז דער טאַטע זײנער האָט געזאָרגט פאַר זײן זונס קערפּער, מאַכנדיק מיט אים פאַרשידענע אויספלוגן אין דער אָפענער נאַטור, און די מוטער האָט געזאָרגט פאַר זײן נשמה, באַזאָרגנדיק אים מיט גײסטיקער שפּײז. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. אַזאַ דעפיניציע איז אַלעמאָל פאַלש. ווײל עס איז אוממעגלעך צו זאָגן, אַז פרענקלין ד. רוזוועלטס יונג אויג, וואָס האָט זיך געזעטיקט מיט דער אָפענער נאַטור פון הײד פּאַרק און אומגעגענט, האָט נישט אײנגעזאַפּט אין זיך קײן גײסטיקע אײגנשאַפטן דערפון. פּונקט אַזוי קאָן מען נישט זאָגן, אַז זײן מוטערס גײסטיקע שפּײז האָט נישט געהאַט קײן השפּעה אויף זײן פיזישער אַנטוויקלונג. אײנס קאָן נישט אָפּגעטײלט ווערן פון דעם אַנדערן. זײן שטענדיקער באַגלײטער אין יענער צײט אין אָפענעם דרויסן איז געווען זײן פאָטער, וועלכער איז אים באַגלײכער צײט געווען אַ ברודער און אַ חבר, כאָטש מיט פיר־און־פופציק יאָר עלטער פון אים. צוזאַמען האָבן זײ געריטן אויף פערד, געגאַנגען אויף פּיקניקס, געפאָרן אויף שיפלעך, געכאַפּט פיש, געיאָגט אײנס דאָס אַנדערע צווישן די בוימער און גראָזן. דאָס אינגל איז געווען גליקלעך. ער האָט נישט געזען קײן שום אונטערשיד אין שטאַנד און אין גראַד צווישן זיך און דעם הויכן, מאַסיוו־געבויטן, שטרענג־אויסזעענדיקן, גרויען חבר זײנעם. ער האָט נישט געשפּירט דעם מינדסטן סימן פון קאָנטראַסט צווישן די צוויי וועלטן, וועלכע האָבן זיך אין דעם אינגלס יונגע אויגן האַרמאָניש צוזאַמענגעוואָקסן, נישט אָפּצוטײלן זײ.

און אינדערהײם האָט ער געטראָפן אַ יונגע, בליענדיקע מוטער — צאַרט, אָבער נישט היסטעריש פאַרליבט אין אים; איבערגעגעבן מיט איר גאַנץ וועזן, סײ אים, סײ זײן פאָטער, אָבער נישט אָפּגעזאָגט זיך פון איר אײגן לעבן, נישט פאַרלײקנט איר אײגענע עקזיסטענץ. דאָס האָט געשאַפן גוטע, געזונטע שטימונג אין הויז. די דיעטע פון באַציאונגען פון אײנעם צום אַנדערן איז געווען אַזוי באַלאַנסירט, אַז עס איז געווען דער בעסטער דערציאונג־אַנשטאַלט פאַר דעם יונגן פרענקלין. קײן שום אויסלענדישע גוווערנאַנטקעס און קײן שום באַ־רימטער פּעדאַגאָג פון קינדער־דערציאונג האָבן דעם אינגל נישט גע־קאָנט געבן מער ווי זײנע עלטערן.

אַכט יאָר איז פּרענקלין אַלט געווען, ווען ער האָט געקראָגן דעם ערשטן שווערן קלאַפּ אין זיין לעבן. דזשעימס רוזוועלט איז געשטאָרבן און פּרענקלין איז געבליבן פאַריתומט. נישט נאָר איז אים אַוועק אַ פאָטער, נאָר אַ חבר, אַ פריינט, אַ ברודער. אויף דעם עמפּינדלעכן אינגל האָט דאָס דאָזיקע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אָבער געהאַלטן האָט ער זיך אַזוי, אַז קיין זייטיקער וואָלט גאָרנישט געקאָנט וויסן. דער גוואַלדיקער קאָנטראָל וואָס האָט אים אַזוי ארויסגעהאָלפן אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך שוין ביי אים אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין זיין סאַמע קינדהייט. ער האָט אויך פריערהייט אָנגעהויבן אַרויסצעווייזן אַן אינטעליגענץ נישט איבערגעפירט צו ווערן פון גאָטס צייט־ווייליקע מתנות. דעריבער, צי מיט שכל, צי מיט אינטואיציע, דער יונגער פּרענקלין האָט דאַמאָלס אויסערלעך אויפגענומען זיין פאָטערס טויט מיט אַ רואיקייט פון אַ דערוואַקסענעם מענטש, כאָטש דאָס יונגע האַרץ איז אין אים שיר נישט צעריסן געוואָרן פון צער און בענקעניש. זיין שיינע מוטער, די יונגע אלמנה, האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דעם אינגלס האַלטונג. ער האָט דאָך געקאָנט זיין אַזוי אַנדערש. ער האָט דאָך געקאָנט זיין דער איבערגעפירטער און צעבאַלעוועטער בן־יחיד וואָס וואָלט געקאָנט איר שווער געמיט אַזוי פיל שווערער מאַכן. פּרענקלין האָט זיך אָבער געהאַלטן אַזוי פיין און ווירדיק אין דעם געמיינזאַמען פאַרלוסט וואָס ער האָט געליטן צוזאַמען מיט זיין מוטער, אַז עס איז פאַר איר געווען אַ טרייסט — אַ טרייסט, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

די וואונד האָט זיך ביסלעכווייז פאַרהיילט. דאָס לעבן פון סעראַ דעלאַנאָ רוזוועלט האָט זיך איצט אינגאַנצן קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט — אויף איר זון פּרענקלין. זי האָט אָנגעהויבן אויספּלאַנירן זיין וועג. בילדונג — דאָס איז געווען דאָס ערשטע. ווייל געזונט איז געווען און מיט געלט איז מען געווען פאַרזאָרגט. די הויפּט־זאַך איז אַז פּרענקלין זאָל אויסוואַקסן אַ מענטש מיט וועלכן מען זאָל נישט פאַרשעמט ווערן.

דער קומענדיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געקראָגן די ערשטע עלעמענטאַרע אונטעריכט פון זיין מאַמען. דערנאָך האָט זי אים געשיקט אין אַ פּריוואַטער שול, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גבירישן אינגל. אָבער קיין לעבן פון לוקסוס האָט ער נישט געלעבט. קיין איבעריק געלט אין קעשענע מיט וואָס זיך צו וואַרפן האָט ער נישט געהאַט. נישט זיין טאַטע און נישט זיין מאַמע זענען געווען פון דעם אויסברענגערישן סאָרט. מען קאָן דאָס זען, ווען מען געפינט זיך אין זייער געוועזענער היים אין הייד פּאַרק. ווען מען שפּאַצירט

אַרום איבער אַלע דריי גאַרנס, וואונדערט מען זיך אויף דער באַשיידנ־קייט פון דעם מעבל, אויף דעם גאַנצן פּשוטן באַשיידענעם איינשטעל פון זאַכן. מען טראַכט דערביי, אַז עס וואָלט נישט געווען קיין שלעכטע זאַך, ווען יעדער בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן וואָלט געקאָנט כאַפּן אַ קוק אויף דעם פּרעזידענטס פּריוואַטער היים. מען וואָלט דאַן אַ סך מער געקאָנט אָפּשאַצן דעם ווערט פון פרענקלין ד. רוז־וועלט אין ווייסן הויז.

מרס. עלינאָר רוזוועלט קען מסתמא איר מאַן. און ווען זי שרייבט, אַז דער פּרעזידענט פאַרגעסט קיינמאָל נישט דאָס וואָס ער זעט, ווייל זיין אויג זאַפּט עס אין זיך אַריין אויף שטענדיק, דאַרף מען אָננעמען, אַז זי ווייסט וואָס זי רעדט. דאָס באַשיידענע לעבן פון זיינע עלטערן האָט זיך, ווייזט אויס, גוט איינגעקריצט נישט נאָר אין דעם פּרעזידענטס פאָטאָגראַפיש אויג, נאָר אויך טיף אין זיין נשמה.

ווי אַזוי איז פרענקלין ד. רוזוועלט געווען אין דער יוגנט? איז ער געווען פריילעך אָדער טרויעריק? ערנסט אָדער שטיפעריש? גרויס־מוטיק אָדער עגאָאיסטיש? דעמאָקראַטיש אָדער סנאָביש?

איך רעד מיט אַ טייל פון זיינע יוגנט־חברים פון הייד פּאַרק. איך וויל וויסן דעם אמת. איך וואָלט וועלן האָבן דעם שליסל צו דער פּערזענלעכקייט וואָס הייסט פרענקלין ד. רוזוועלט. וואו נאָך איז אַ בעסערער פּלאַץ צו זוכן אַזאַ מין שליסל ווי אויף דער לאַנגער, קרו־מער סטעזשקע פון די ערשטע קינדער־יאָרן? אויף דער דאָזיקער שמאָלער, צאַרטער סטעזשקע ליגן דאָך באַהאַלטן אַזוי פיל סודות צו דעם מענטשנס כאַראַקטער! די קינדערשע עכאָס אין דעם פרייען פעלד אַנטהאַלטן אַזוי פיל אייגנשאַפטן פון דער קומענדיקער פּערזענלעכקייט! אין דעם צוזאַמענשפּיל פון קינדער שיילט זיך דאָך אַרויס דער שטאַר־קער און דער שוואַכער אַ סך קלאָרער איידער שפּעטער, אין דעם אמתן שפּיל פון לעבן צווישן דערוואַקסענע.

— וואָס פאַר אַ אינגל איז געווען דער איצטיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן? — פרעג איך איינעם פון דעם פּרעזידענטס יוגנט־חברים.

— אַ אינגל ווי אַלע אינגלעך. — ענטפערט ער.

— האָט ער זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט פון די איבעריקע?

— בין איך נישט צופרידן פון דעם ענטפער.

— ווער . . .

— יאָ . . . — פּרואוו איך ציען ביי אים.

— ער האָט ליב געהאַט זיך צו שאַפן, צו באַלעבאַטעווען, אויס־צופירן זיינס.

— דאָס האָט מסתמא אַרויסגערופן שלעכטע געפילן צו אים. — וויל איך דערגיין.

— ניין, מען קאָן דאָס נישט זאָגן.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? — זאָג איך — איך ווייס, אַז אויף מיר וואָלט אַזאַ איינער נישט געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק.

— ווער . . . — זאָגט זיין יוגנט־חבר מיט אַ שמייכל — מען האָט אַליין געדאַרפט האָבן צו טאָן מיט פרענקלינען — כ'מיין, מיטן פּרע־זידענט — פאַרכאַפּט ער זיך — מען האָט עפּעס נישט געקאָנט זיין אין כעס אויף אים.

— פאַרוואָס נישט?

— ווייל אין זיין באַלעבאַטעווען איז נישט געלעגן קיין טראָפּן בייזוויליקייט אָדער פאַרגעניגן צו דערנידעריקן אַנדערע. זיין שאַפן זיך מיט אַנדערע איז פאַרגעקומען נאָר דאַן, ווען עס איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן. און פרענקלין האָט אַלעמאָל ליב געהאַט, עס זאָל זיך טאָן, רודערן. אַרום אים האָט אַלעמאָל וויברירט מיט עפּעס: המצאות, איינפאַלן, סתם עפּעס.

— איז ער געווען אַ גוטער — אין דעם אָנגענומענעם זין?

— איך ווייס נישט. — קומט דער ענטפער — איין זאַך איז זיכער: קיין שלעכטס האָט ער קיינעם נישט געטאָן, קיין פאַרזוך נישט געמאַכט דאָס צו טאָן.

— האָט ער אַמאָל געגעבן אנערקענונג אַנדערע אינגלעך אויך?
— פרעג איך — האָט ער געלאָזט רעדן, זיך אויסלעבן?

— אָ, יאָ. ער איז אַלעמאָל געווען אַ דזשענטלמאַן. איך געדענק נישט דעם פאַל, ווען ער זאָל האָבן וועמען עס איז באַליידיקט מיט אַ וואָרט אָדער מיט אַ זשעסט. ער האָט קיינמאָל נישט געגעבן צו פילן, אַז ער שטייט העכער פון עמיצן. מען האָט פון אים קיינמאָל נישט געהערט קיין שלעכט וואָרט אויף אַ חבר אָדער אויף אַ באַ־קאַנטן. מיר האָבן זיך, גלויב איך, אַלע פון אים געלערנט צו האָבן טאַקט.

איך בעט אים צו מאַכן עס קלאָרער.

דערציילט ער, אַז דער פּרעזידענט איז אַלס אינגל געווען אַ גרוי־סער מבין אויף מענטשן. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן אויף יענעמס שוואַכקייט, סיידן אפשר אויף אַ גוטמוטיקן, הומאָריסטישן

אופן. ער פלעגט אַפילו ליב האָבן איבערצוטרייבן די אויפטועכצן פון די קלענערע און שוואַכערע.

דאָס דאָזיקע איז ווערט צו געדענקען. ווייל נישט איינמאָל איז שוין אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אָן פאַלן ווען דער פרעזידענט נעמט אונטער זיינע פליגל אַ שוואַכן מיטגליד פון זיין קאַבינעט, צו באַשיצן אים פון דרויסנדיקע פּאָליטישע רויב־פויגלען. אין אַזאַ פאַל טרייבט ער אָפּטמאָל איבער די אויפטועכצן פון דעם דאָזיקן שוואַכן מיטאַרבעטער זיינעם. עס ווייזט אָבער זיין לאָיאַלקייט צו די וואָס אַרבעטן מיט אים און זיין פאַרשטענדעניש פאַר זייערע באַגרעניצטע מעגלעכקייטן.

דאָס איז טאַקט, גרויסמוט און ברייטהאַרציקייט. אויב עס איז נויטיק צו אילוסטרירן די דאָזיקע טעאָריע מיט אַ פאַקט, וועלן מיר אויפמישן אַ בלעטל געשיכטע פון אונזערע אייגענע טעג.

עס איז דער פערטער מערץ, 1933. רוזוועלט פאָרט צו זיין ער־שטער איינשווערונג אַלס פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. לעבן אים, אינם אָפענעם אויטאָמאָביל, זיצט דער דורכגעפאַלענער קאַנדידאַט, פרעזידענט הוירבערט קלאַרק הואווער. די ברייטע פענ־סילוויינישע עוועניו אין וואַשינגטאָן איז שוואַרץ פון מענטשן, וועלכע האַלטן אין איין אַפּלאָדירן די פאַרבייפאָרנדיקע צוויי פרעזידענטן. לויט דעם רעזולטאַט פון די וואַלן איז נישט שווער צו פאַרשטיין אויף וועמעס חשבון די מערסטע אַפּלאָדיסמענטן זענען געמיינט. אָבער רוזוועלט זיצט פּאַסיוו, מיט אַן איינגעהאַלטענעם דזשענטלמענישן שמייכל אויפן פנים. ער וויל מאַכן דעם איינדרוק, אַז די בראַוואָרייען און באַגריסונגען פונם עולם זענען געמיינט פאַר זיין באַגלייטער אינם אויטאָ. ער איז דערביי עכט און מענטשלעך ביזן ביין.

איך פרעג דעם פרעזידענטס אַ קרוב, צי עס איז באַקאַנט אַ פאַל, ווען דער יונגער פרענקלין רוזוועלט האָט אַמאָל געהאַט אַ שונא. עס וואָלט געווען פשוט און נאַטירלעך עס זאָל אַזוי זיין. איך בין דערמיט אויסן אויפצודעקן אַ מענטשלעכן שטריך אין דעם קומענדיקן פרעזידענטס כאַראַקטער.

אָבער דער ענטפער פון דעם פרעזידענטס קרוב איז אַ נעגאַטיווער. ער קאָן זיך נישט דערמאָנען, זאָגט ער, אין אַזאַ פאַל. לויט זיין זכרון, האָט פרענקלין קיינמאָל קיין שונא נישט געהאַט.

זיינער אַ יוגנט־פריינט זאָגט:

— אויב דער יונגער פרענקלין האָט אפשר יאָ אַמאָל געהאַט אַ שטיקל שונא האָט די שנאה לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. פשוט דערפאַר

ווייל פרענקלין האָט נישט דערלאָזט דערצו. מיט זיין שטענדיקן גוטמוט, מיט זיינע האַנדלונגען, אַז ער איז נישט אויסן יענעם ווי צו טאָן, פלעגט ער אָפּווענדן יענעמס כעס און שנאה, אויב אַזאַ איז געווען, און זיך באַנייעס איינשאַפן אַ פריינט.

"איך פאַרניכט אַ שונא, ווען איך מאַך אים פאַר מיינעם אַ פריינט."

ווער האָט דאָס געזאָגט? פרענקלין ד. רוזוועלט? ניין. דאָס האָט געזאָגט דער אומשטערבלעכער אייבראַהעם לינקאָלן. אינטואיטיוו, נישט אויסגערעכנט, קומט זיך פרענקלין ד. רוזוועלט דאָ צוזאַמען מיט דעם זעכצנטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אייבראַהעם לינקאָלן, דער 16־טער; פרענקלין ד. רוזוועלט, דער 32־טער. אַ מעטאַפיזיקער וואָלט שוין אוודאי עפּעס אריינגעטייטשט אין דעם.

די לאַנגע, שמאָלע סטעזשקעלעך פון דער יוגנט דערציילן דאָך עפּעס.

אין קיין עלעמענטאַר שול איז פרענקלין רוזוועלט נישט געגאַנגען. זיין מוטער האָט אים געשיקט אין דער אַריסטאָקראַטישער מיטלשול, גראַוטאַן. שווער האָט ער דאָרטן נישט געאַרבעט. ער האָט, ווייזט אויס, בכלל נישט געגומען זיין בילדונג צו־ערנסט — נישט פריער און נישט שפּעטער. ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט אַרויסצואווייזן אויסערגעוויינטלעכע פעאיקייטן. אַנשטאָט דעם, האָט ער גאָר אינזינען געהאַט פּאָליטיק. יאָ, שוין אין יענער צייט האָט פּאָליטיק אָנגעהויבן אַריינצוקריכן אין זיינע ביינער. נישט סתם פּאָליטיק, נאָר פּאָלטיק מיט אַן אידעאַל. אַלס אינגל פון וואָסערע פופצן־זעכצן יאָר איז ער אַרויסגעטראָטן אַלס פייערדיקער אָנהענגער פאַר די פיליפּינער. אויב די פאַראייניקטע שטאַטן ווילן האַלטן די פיליפּינער פאַרשקלאַפט, האָט ער געטענהט, איז וואָס פאַר אַ רעכט האָבן מיר צו זאָגן, אַז מיר האָבן זיי באַפרייט פון די שפּאַניער?

שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ סטודענט אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט, האָט ער גאָר געשמט פאַר אַ גוואַלדיקן ראַדיקאַל דערפאַר ווייל ער האָט נישט געוואָלט גיין מיטן אויסגעטראָטענעם וועג פון די אַנדערע סטאַטעטשנע יונגעלייט פון יענער אינסטיטוציע. קיין באַזונדער פאַרגעניגן פון זיין אַנדערש האָט פרענקלין ד. רוזוועלט נישט געהאַט. קיין קרענקלעכער צו־להכעיסניק איז ער נישט געווען. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געוואָלט אָפּגעבן קיינעם דאָס רעכט פון זיין געדאַנק צו טראַכטן דאָס וואָס ער האָט געדענקט אַז עס איז ריכטיק. דאָס וואָס זיין געוויסן האָט אים געזאָגט, צו דעם האָט ער זיך צוגעהערט. קיינער, קיינער האָט אים פון דעם נישט געקאָנט אָפּווענדן.

אַזוי איז געפלאָסן זיין לעבן. נישט צו־שטורמיש, אָבער אויך נישט אַזוי גלאַטיק ווי אַ סך מיינען. ער איז געוואַקסן שיין, הויך, אָבער קיין גיבור איז ער נישט געווען, ווי אייבראַהעם לינקאָלן, אַ שטייגער, וועלכער האָט געקאָנט איבערטראָגן אַ הויז אויף זיינע פּליי־צעס. רוזוועלט האָט אַ סך געקרענקט אין זיין יוגנט. נישט מער ווי אַנדערע קינדער, אָבער אויך נישט ווייניקער. ער האָט געהאַט זיינע אינערלעכע קאָנפליקטן, מיט זיך און מיט אַנדערע. ער האָט געליטן פון ספקות. אָבער פאַר דעם זייטיקן מענטש איז דאָס געווען פאַרהוילן. דער זייטיקער מענטש האָט אַלעמאָל געזען פאַר זיך אַ יונגן, אַ שיינעם, אַ גוטמוטיקן און אַ ראַפינירטן רוזוועלטן אָן אַ זאָרג אויף זיין קאָפּ. דעם זייטיקן מענטש איז געווען שווער צו כאַפּן, אַז דער דאָזיקער יונגער מענטש מיט דעם זאַטן, שמייכלענדיקן פּנים גייט אַרום אַ הונגעריקער נאָך נייע וויזיעס, אַן אומרואיקער נאָך נייע געשעענישן. צופרידן ווי ער האָט אויסגעזען פון אויבן־אויף, איז ער טיילמאָל שיר נישט אויפגעגעסן געוואָרן פון לאַנגווייל. שטילער־הייט, אומבאַמערקט פאַר אַ סך מענטשן, אומבאַמערקט, טיילמאָל, פון זיינע סאַמע נאָענטסטע, האָט ער זיך געוואָרפן פון איין זאַך צו דער אַנדערער. בילדונג האָט ער געמוזט קריגן. דאָס איז געווען פאַר־שטענדלעך. אָבער קיין גרויסן טעם האָט ער אין דעם נישט געפילט. עס האָט געפעלט אַ טאָלק, אַ ציל. ווען ער האָט געענדיקט דעם האַרוואַרד אוניווערזיטעט, איז ער אַריין אין ניו יאָרקער קאָלאָמביאַ קאָלעדזש שטודירן יורי. געענדיקט, האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט דער דיפּלאָמע. עפּעס איז ער יאָ אויף אַ שטיקל צייט געווען פאַרבונדן מיט אַ לאָא פירמע. ער האָט געמיינט, אַז עס וועט אים אפשר עפּעס געבן אַן אינטערעס. אָבער עס האָט נישט געגעבן און ער האָט אינגיכן אינגאַנצן פאַרלוירן זיין אינטערעס אין דעם.

איין גרויסע פּאַסירונג איז יאָ מיט אים פאָרגעקומען אין יענע יאָרן. ער האָט זיך פאַרליבט. דאָס איז פאָרגעקומען אומגעריכט פאַר אַלעמען, איינגעשלאָסן זיין מוטער. ער איז נאָך דאמאָלס געגאַנגען אין האַרוואַרד. דאָס הייסט, אַז ער איז נאָך געווען זייער יונג, 21 יאָר אַלט. די אויסדערווײלטע פון זיין האַרץ איז געווען אַן איבער־ראַשונג פאַר אַלעמען, אויך פאַר זיין מוטער. דער אויבנאויפיקער קאָנטראַסט צווישן די צוויי יונגע מענטשן, פרענקלין און עלינאָר, איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. נישט אַזוי דער סאָציאַלער קאָנטראַסט, ווי דער פּערזענלעכער. ער איז געווען שיין — שיין אין אָנגענומענעם זין פון וואָרט. זי, פאַרקערט, איז נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס שיינ־הייט. ער איז געווען אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער, אַ געזעלשאַפטלעכער,

אַ גליקלעכער (אַזוי האָבן אַלע געמיינט). זי איז געווען אַן איינגע־שלאָסענער מענטש, אַ רעזערווירטער, אַן עטוואָס איבערגעשראָקענער. וועגן זיין וויסן האָט מען געקאָנט האָבן אַ באַגריף. ער האָט געהאַט געלעגנהייטן דאָס צו דעמאָנסטרירן. וועגן איר וויסן איז שווער גע־ווען צו דערגיין אַ טאָלק. נישט זי האָט עס דעמאָנסטרירט פאַר אַנ־דערע, נישט זי האָט אַפילו זיך אַליין געטרויט דאָס אַרויסצואווייזן.

ביידע האָבן געטראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען רוזוועלט. זי איז געווען זיינס אַ קוזינע. די דאָזיקע בלוט־אָנגעהעריקייט צווישן זיי האָט נאָך מער געמאַכט מענטשן צו גאַפן. וואָס האָט ער אין איר דער־זען? וואו איז די פּאַראינטריגירטקייט מיט וועלכן עס הויבט זיך אַן יעדער ראָמאַן? וואו איז די פרעמדקייט, די עקזאָטישקייט, וואָס ציט אַזוי שטאַרק יונגע מענטשן איינעם צום אַנדערן? אַ קוזינע! דערצו נאָך נישט קיין שיינע. דערצו נאָך אַזאַ שרעקעדיקע. דערצו נאָך . . .

וואָס האָבן מענטשן געוואוסט? פרענקלינס האַרץ איז געווען דער קליגסטער ריכטער. וואָס פאַר אַ פּאַטענצן עס האָבן געלעבט אין אָט דער שטילער, פיינפילנדיקער, באַשיידענער פרוי — דאָס האָט די צייט באַוויזן. האָט עס פרענקלין, איר קוזין, דאַמאָלס פאַרגעזען? שווער צו זאָגן. אָבער אַז די צוויי יונגע מענטשן זענען אין דער אמתן נישט געווען אַזוי פאַרשידן איינער פונם אַנדערן, ווי מענטשן האָבן געמיינט, איז זיכער. ביידע האָבן שוין געהאַט אַ סך אַרומגערייזט איבער איראָפּע. האָבן זיי דעריבער געהאַט וועגן וואָס צו רעדן. זייערע איינדרוקן פון דעם אַלטן קאָנטינענט האָבן זיך אָפּט צוזאַמענ־געטראָפן. דאָס האָט זיי געגענטערט איינער צום אַנדערן. צוזאַמען פלעגן זיי אויסלופטערן די פראַנצויזישע שפּראַך. דאָס האָט זיי אַמור־זירט. צוזאַמען האָבן זיי גערעדט פון ביכער. דאָס האָט זיי פאַרבונדן גייסטיק. ניין, די צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך נישט געלאַנגווייליקט איינס מיט דאָס אַנדערע. דער באַרעדעוודיקער פרענקלין איז לעבן איר געוואָרן ערנסטער און פאַרטראַכטער. די שטילע עלינאָר איז לעבן אים געוואָרן הייטערער און לייכטער. די קאָמבינאַציע איז גע־ווען אַ נאַטירלעכע. די האַרמאָניע צווישן זיי האָט זיך איינגעשטעלט אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו זיין מוטער, מרס. סעראַ דעלאַנאָ רוזוועלט, האָט צום סוף צוגעגעבן, אַז די צוויי יונגע מענטשן זענען צוגעפּאַסט צו ווערן מאַן־און־ווייב.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן פרענקלין ד. רוזוועלטס גליקלעך פאַ־מיליע־לעבן, וואָס האָלט אָן ביז היינטיקן טאָג. זעקס קינדער האָט אים זיין ווייב געבוירן, פינף זין און אַ טאָכטער. איינער פון די זין,

דער ערשטער פרענקלין רוזוועלט, איז געשטאָרבן צו אַכט חדשים. ביים היינטיקן טאָג איז דער פרעזידענט נישט נאָר אַ שטאָלצער און גליקלעכער פאָטער, נאָר אויך אַ זיידע פון צען אייניקלעך. ער איז זייער אַ וואַרימער טאַטע, האָבן מיר פאַרזיכערט די נאָענטע אָנגע־שטעלטע פון זיין הויז אין הייד פּאַרק, און אַ צערטלעכער זיידע.

דער יונגער פרענקלין ד. רוזוועלט איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ מער פאַרקאָכט אין פּאָליטיק. דער דאָזיקער שפּיל האָט אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ער האָט אין דעם געזען אַן אויסגאַנג פאַר זיין קאָלאָסאַלער ענערגיע מיט וואָס זיין גאַנץ יונג ווען האָט געשפּרודלט. וואָס עס האָט אים דאַמאָלס אימפּאָנירט מער: דער שפּיל גופא, צי די אַמביציע צו קלעטערן אויף דער געזעלשאַפטלעכער לייטער, איז, באַטירלעך, אוממעגלעך צו זאָגן גענוי. גיכער איז עס אים אַליין אויך נישט געווען צו־קלאָר. עס איז אויך מעגלעך, אַז ער האָט זיך שוין דאַמאָלס אָנ־געהויבן אַרומצוטראָגן מיט גרויסע אידייען; אַז ער האָט אָנגעהויבן וועבן זיינע חלומות פון אויפטאָן נאָבעלע זאַכן פאַר דער ליידנדיקער מענטשהייט. לויט זיינע שפּעטערדיקע מעשים איז די לעצטע השערה די וואַרשיינלעכסטע.

צו אַכט־און־צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען אַ סטעיט סענאַ־טאָר. צו איין־און־דרייסיק יאָר איז ער געוואָרן אַ מיניסטער אין ווילסאָנס קאַבינעט (געהילף פלאָט־מיניסטער). אַ גרינגער און לויפיקער וועג, ווי עס קאָן זיך אויסדאַכטן. אָבער אויך ביי דעם מזלדיקן רוז־וועלט איז עס נישט צוגעגאַנגען אַזוי מזלדיק. אין יאָר 1920 איז ער דורכגעפאַלן, ווען ער איז "געלאָפן" אַלס וויצע פרעזידענט פון לאַנד און אינעם יאָר 1921 איז אים באַפאַלן דאָס גרעסטע אומגליק וואָס עס קאָן באַפאַלן יעדן מענטש, בפרט אַזאַ איינעם פון פרענקלין ד. רוז־וועלטס שניט. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון דער שרעקלעכער קראַנק־הייט אינפענטייל פּאַראַליזיס.

קיין שטאַרקערער שטורעם, ווי די טויטלעכע קראַנקהייט וואָס איז באַפאַלן דעם קנאַפּע פערציק יאָריקן רוזוועלטן, האָט נישט געקאָנט אויף אים אָנגעשיקט ווערן. באַזונדערס ווען דאָס איז פאַרגעקומען אינגאַנצן אומגעריכט. דער קלאַפּ האָט אַזוי אַרומער געמוזט זיין אַ פּילפּאַכיק־שווערער. ווייל ביז יענער צייט איז רוזוועלט געווען די פאַרקערפּערונג פון אַ פיזיש־געזונטן מענטשן. די עטלעכע קראַנק־הייטן, וואָס האָבן אים דאַקוטשעט אין די אינגערע יאָרן, זענען שוין געווען פאַרגעסן. אויך פּסיכיש איז ער געשטאַנען אויף דער אָפּטי־מיסטישער זייט. ער האָט געגלויבט אין דער מענטשהייט, כאָטש ער

האָט דאָ און דאָרט נישט פאַרפעלט צו זען די שאָטנדיקע און וואָלקנ־דיקע ווינקלען. ווען די קראַנקהייט איז אים באַפאַלן, איז ער געווען אין דעם פולסטן בלי פון זיין לעבן. די וועלט איז געווען זיין — אין בוכשטעבלעכן זין פונם וואָרט. ער האָט געהאַט אַלס לעבנס־באַגליי־טערן איינע פון די פיינסטע און אינטערעסאַנטסטע פרויען. ער האָט אַלעמאָל געהאַט אַ ליבנדיקע מאַמען ביי דער זייט וואָס האָט פאַר־צערטלט זיינע טריט. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז ער געווען אַ דערפאָלג. זיין אָפן פּנים, זיינע פרייע מאַניערן, זיין דעמאָקראַטישע האַלטונג האָט פאַר אים געעפנט די הערצער פון טויזנטער. דאָס האָט אויף אים געווירקט צום גוטן. ווייל פרענקלין ד. רוזוועלט איז אַ מענטש וואָס האָט ליב געליבט צו ווערן. האָט ער זיך צעוואָקסן און צעשטראַלט אונטער דער דאָזיקער ליבע און אָנערקענונג. ער איז אַרומגעגאַנגען און אַרומגעפאָרן אַ תמיד־צעשמייכלטער, אַ תמיד־גליק־לעכער. ער האָט באַגריסט דעם טאָג מיט דער נאַכט מיט די שענסטע ווערטער.

דאָס האָט די וועלט ליב, בפרט די אַמעריקאַנישע וועלט. ״קיפּ סמיילינג״ איז איינער פון די פּאָפּולערסטע אַמעריקאַנישע סלאָגאַנס. רוזוועלט האָט דאָס נישט געדאַרפט מאַכן אויף באַשטעלונג. ביי אים איז דער ״קיפּ סמיילינג״ געווען דער עכטסטער אויסדרוק פון זיין אינערלעך געפיל.

וואָס האָט די קראַנקהייט געטאָן צו רוזוועלטן? ווי אַזוי האָט זי געווירקט אויף זיין אופן פילן, טראַכטן און באַציאונג צו מענטשן?

ווידער אַמאָל וויל איך אונטערשטרייכן, אַז מיר איז אויסגעקומען צו רעדן — מינדלעך און שריפטלעך — מיט צענטליקער מענטשן, היימישע און פרעמדע, אייגענע און זייטיקע. אַלע, ווי איינער, האָבן זיי מיר פאַרזיכערט, אַז רוזוועלט איז געווען דער פּערפעקטסטער פּאַ־ציענט וואָס זיי איז אויסגעקומען צו זען. וואָס עס זאָל נישט האָבן פּאַרגע־קומען אין זיין האַרץ און אין זיין מח — קיינער האָט ביי אים נישט באַמערקט קיין פונק פון פּאַניק. קיין איינציק מאָל נישט! נישט אין קאַמפּאַבעלאָ, וואו ער איז אָנגעגריפן געוואָרן, און נישט שפּע־טער, ווען מען האָט אים געבראַכט אַהיים, קיין הייד פּאַרק, און נישט שפּעטער, ווען מען האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפנונג, אַז ער זאָל ווען עס איז קאָנען פירן אַ נאָרמאַל לעבן. אַלע וואָס האָבן אים געזען אין דער לאַגע האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז מען האָט אים קיין איינציק מאָל נישט געזען קיין קרענקלעכן, נערוועזן, אַנטוישטן, צע־בראָכענעם אָדער רעזיגנירטן. און מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז ער

האָט נישט געפילט זיין לאַגע, זיין הילפלאָזיקייט, שוין אָפּגערעדט פון פשוטע פיזישע ווייטיקן.

אוודאי האָט ער געפילט. אַוודאי האָט ער געוויטיקט. אוודאי האָט אין אים געוויינט זיין יונג לעבן — טיף פון אים אַרויסגעוויינט. אָבער אַרויסווייזן עס, זוכן רחמנות — ניין. "זיינע נערוון זענען אומ־באַרירבאַר" — האָט אַמאָל געזאָגט וועגן אים די באַרימטע קאָלומ־ניסטין ען אָ'העיר מק'קאָרמיק. "מיין מאַן פאַרלירט קיינמאָל נישט דעם באַלאַנס" — האָט מיר געזאָגט מרס. עלינאָר רוזוועלט. "מיר האָבן אים קיינמאָל נישט געזען אַרויסגיין פון גלייכגעוויכט" — האָבן מיר געזאָגט די אָנגעשטעלטע פון דער רוזוועלט־פאַמיליע אין הייד פּאַרק. "איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אויפגערעגט" — האָט מיר געזאָגט זיינס אַ קרובה, וועלכע וויל נישט דערמאָנט ווערן ביים נאָמען. "ער קאָן אַמאָל, זייער זעלטן, ווערן עטוואָס דענערווירט, ווען מען דאָ־קוטשעט אים שוין צו־שטאַרק — מיט דער כוונה אים צו דאָקוטשען" — האָט מיר געזאָגט זיינער אַ פּאָליטישער פריינט.

מען שרייבט־צו רוזוועלטס מזל אין זיין פּאָליטישן וועג — צו מזל. דאָס איז, נאַטירלעך, נישט אַזוי. וואָס־וואָס — אין פּאָליטיק זענען נישטאָ קיין נסים. פּאָליטיק איז אַ האַרטער, אָפטמאָל אַ ברוּ־טאַלער, שפּיל. מען דאַרף האָבן אַ דיקע הויט אָנטייל צו נעמען אין דעם — דיק אין געוויסן אָדער אין כאַראַקטער. רוזוועלטס הויט איז דיק אין דעם זין וואָס ער איז גוט און פאַרגיבלעך. ער איז געדולדיק און טאָלעראַנט. דאָס האָט אים געהאָלפן אין זיין קלעטערן און אין זיין דערגרייכן דעם סאַמע שפּיץ.

פונדעסטוועגן דאַרף מען נישט פאַרבייגיין דער ענין פּאָליטיק צו־אייליק. פּאָליטיק איז, צום באַדויערן, נישט קיין צו־איידעלע זאַך. צופיל מענטשן מיט צווייפלהאַפטע געוויסנס נעמען זיך דערצו. ווערן אַ פּאָליטיקער, אָדער אַ פּאָליטישן, מיינט אין מערסטע פאַלן זיך איינצו־שמירן די הענט מיטן פּנים מיט, טיילמאָל, דעם גאַנצן לייב־און־לעבן. איז רוזוועלט געווען דער מענטש דערפאַר? איז ער אַריין אין דעם פּאָליטישן שפּיל מיט דער אַמביציע צו קריגן מאַכט? צו ווערן רייך, פּאָפּולער?

מיר דאַכט זיך, אַז עס איז זייער גרינג צו ענטפערן אויף דעם. דער יונגער פרענקלין ד. רוזוועלט האָט נישט געקאָנט קריגן קיין פלוצלינגדיקע לוסט נאָך געלט דערפאַר ווייל, ערשטנס, האָט ער זיך נישט געענויטיקט אין דעם און, צווייטנס, האָט ער אי דאַמאָלס, אי היינט נישט אַנטוויקלט אין זיך דעם חוש וואָס פאַר אַ ווערט געלט

האָט. און אַז ער איז נישט דער מענטש וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד קאָן באַשטעטיקן זיין געזעלשאַפטלעכער אויפפיר. בלויז מענטשן, וועלכע האָבן אין זייער יוגנט פאַרנומען נידעריקע פּלעצער אין דער געזעל־שאַפט, רייסן זיך געוויינטלעך נאָך כבוד. בלויז אַזעלכע, צו וועלכע מען האָט זיך קיינמאָל נישט צוגעהערט, וועלכע זענען שטענדיק געווען פאַררוקט אין אַ ווינקל, האָבן אַ נייגונג (נישט קיין געזונטע נייגונג) אַריינצוקריגן מאַכט אין זייער האַנט און ווייזן וואָס זיי קאָנען.

דער יונגער פרענקלין ד. רוזוועלט האָט קיינמאָל נישט געהערט צו דעם מין. ער האָט שוין אַלס קליין אינגל געהאַט נאָכפאָלגער און פאָלגער. ער איז דעריבער אויך אין דעם נישט געווען הונגעריק. עס איז אים גופא קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו זיין אין דער לאַגע פון אַ פאָלגער. צו וואָס־זשע האָט ער געדאַרפט זוכן כבוד — זוכן אַזוינס, וואָס ער האָט נישט געדאַרפט? איז ער דעריבער קיינמאָל נישט געווען קיין ביוראָקראַט. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט פון זיינע מיטאַרבעטער, זיי זאָלן אים פאָלגן בלינדערהייט. דער אַנ־דערער פערזאָן איז ביי אים אַלעמאָל פאַררעכנט פאַר אַ מענטש מיט אַן אייגן פנים. דאָס האָט ער באַוויזן מיט האַנדלונגען, ווען ער האָט שוין געהאַט מאַכט אין זיינע הענט. ער האָט עס באַוויזן דאַמאָלס, ווען ער איז געווען סטעיט סענאַטאָר, ווען ער איז געווען געהילף פלאָט־מיניסטער, ווען ער איז געווען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק סטעיט און אַפילו ווען ער איז שוין געווען פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט אַ סך מענטשן, וועלכע אַר־בעטן און האָבן געאַרבעט מיט פרענקלין ד. רוזוועלט. אַלע האָבן אויסגעדריקט איין געדאַנק: עס איז אַ פאַרגעניגן מיט אים צו אַר־בעטן. עס איז נישט פאַראַן דער מינדסטער אָדער אין אים פון אַן עקספּלואַטאַטאָר. ער איז פּראָדוקטיוו און פאַרלאַנגט פון אַנדערע צו זיין פּראָדוקטיוו. ער טוט דאָס אָבער אָן פאָדערונגען און אָן שטרענגע ווערטער. ער איז קיינמאָל נישט עקסצענטריש. ער האָט קיינמאָל נישט קיין "טעמפּער". ער איז איידל און אָפּגעהיטן מיט ווערטער. בקיצור: די דזשענטלמענישקייט אַליין.

פאַרוואָס־זשע פּאַרט האָט ער געוואָלט ווערן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן? זאָגן דאָך ערגעץ די קלוגע לייט, אַז קיין מענטש האָט נישט דאָס רעכט צו וועלן הערשן איבער אַנדערע, האָט נישט דאָס רעכט אַפילו צו מיינען, אַז ער איז ראוי צו הערשן איבער אַנדערע. אַפילו אין אונזער ביבל איז פאַראַן דער משל מיט די ביימער. איר געדענקט דאָך ווי אַזוי עס גייט:

די בוימער האָבן באַשלאָסן אויסצוקלויבן איבער זיך אַ הערשער. זענען זיי אַוועק צום פייגנבוים און האָבן צו אים געזאָגט: „ווער איבער אונז קעניג.” האָט דער פייגנבוים געענטפערט: „פאַרוואָס זאָל איך וועלן זיין קעניג איבער אַנדערע? איז מיר ווייניק די עובדא פון באַ־פרוכפּערן מיינע צווייגן מיט זיסער פרוכט וואָס דערקוויקט מענטש־לעכע הערצער?” זענען זיי געגאַנגען צום באַרנבוים און האָבן צו אים געזאָגט: „ווער דו קעניג איבער אונז.” האָט ער געענטפערט אין זעלבן טאָן פון דעם פייגנבוים. זענען זיי געגאַנגען צום עפּלבוים: „ווער דו איבער אונז קעניג.” דער זעלבער ענטפער: ער האָט זיין אויפגאַבע אין לעבן — אַרויסצוגעבן גוטע פרוכט. הערשן איבער אַנדערע איז נישט קיין פרוכטבאַרער עסק. ביז די בוימער זענען געקומען צום דאָרנבוים. „ווער דו קעניג איבער אונז,” האָבן זיי צו אים געזאָגט. „מהיכא תיתא”, האָט ער געענטפערט, „מיטן שענסטן פאַרגעניגן.”

און אַזוי איז דער גאָרנישט, דער ליידיק־גייער, דער דאָרנבוים, געוואָרן הערשער איבער אַנדערע.

עס איז אַ שיינער משל און מען קאָן אים אַנווענדן אין זייער אַ סך פאַלן אין אונזער געזעלשאַפט.

קאָן מען אים אַנווענדן אין דעם פאַל רוזוועלט אויך? ניין. מען דאַרף קיינעם נישט גלויבן אויפן וואָרט. אָבער פרענקלין ד. רוזוועלט האָט שוין ביז היינט באַוויזן, אַז זיין שטרעבן צו דערגרייכן אַ הויכע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט איז געווען כדי אויסצופירן אַ מיסיע אין לעבן — אַ מיסיע צו העלפן די וועלכע נויטיקן זיך אין הילף; אַ מיסיע צו ברענגען צו זיינע שוועסטער און ברידער אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט, די פיר פרייהייטן אין וואָס זיי נויטיקן זיך אַזוי שטאַרק: די פרייהייטן צו קאָנען אויסמיידן נויט און מורא; די פריי־הייטן צו קאָנען בעטן יעדער צו זיין גאָט און צו מעגן רעדן וואָס מען וויל.

איך זיץ אין דעם עסצימער פון די רוזוועלטס אין הייד פּאַרק. אַ גרויס צימער, פשוט מעבלירט. עס איז דיזעלבע מעשה: אַן סימן פון לוקסוס און פּאָמפּ. קיין איין שטיקל ניי מעבל גיט נישט אַ שלאָג פאַרן אויג. אָט איז די שטול אויף וועלכער עס זיצט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן שוין פון וויפיל יאָר אָן. די אַנדערע שטולן זענען פאַר די מיטגלידער פון דער פאַמיליע און פאַר געסט, איינלענדישע און אויסלענדישע. ביי דעם טיש זענען געשלאָסן גע־וואָרן שטילע אָפּמאַכן וואָס זענען נישט פאַרשריבן געוואָרן אַלס היס־

טאָרישע דאָקומענטן, וועלכע זענען אָבער שפּעטער סיי ווי געוואָרן היסטאָריש. ביי דעם דאָזיקן טיש האָט פרענקלין ד. רוזוועלט, דער סטעיט סענאַטאָר, באַהאַנדלט מיט זיינע געסט פראַגעס פון אַ קליינעם פאַרנעם, וואָס ער האָט דאַמאָלס, אָלס יונגערמאַן, באַטראַכט אָלס זייער וויכטיק. ביי דעם דאָזיקן טיש האָט פרענקלין ד. רוזוועלט, דער געהילף פלאָט־מיניסטער, אויסגעחלומט זיינע פּלענער אינדערהויך וועגן אַ גרעסערן פלאָט פאַר זיין לאַנד אָלס שוץ קעגן דער קומענ־דיקער מלחמה. דאָס דאָזיקע מעג קלינגען אַביסל רעטאָריש, אָבער דער אמת איז אַז רוזוועלט האָט נאָך דאַן (דעם 1־טן פעברואַר, 1920), אַ קורצע צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אַ פאַרגרעסערטן אַמעריקאַנישן פלאָט. אַפילו אַזוי לאַנג ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק (אין פעברואַר, 1914) האָט ער אין דעם זשורנאַל "סייענטיפיק אַמעריקאַן", אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן אַ גרעסערן פלאָט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט דאַן פאָראויסגעזאָגט כמעט אַלצדינג וואָס עס האָט שפּעטער פּאַסירט. אָבער ווער האָט זיך דאַמאָלס צוגעהערט צו דעם "אומדערפאַרענעם", צוויי־און־דרייסיק יאָריקן רוזוועלט?

ביי דעם דאָזיקן טיש איז שפּעטער רוזוועלט, דער גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, געזעסן מיט זיינע פּאָליטישע און פּערזענלעכע פריינט און האָט, ווי אין אַמאָליקע יאָרן, אַרומגערעדט ווי אַזוי צו פירן דעם סטעיט. רוזוועלטס האָריזאָנט האָט זיך געהאַט אַ סך אויסגעברייטערט. זיין געדאַנק איז געוואָרן טיפער און רייפער. אָבער זיין שמייכל איז געבליבן דערזעלבער. דער טאָן פון זיין רעדן האָט אַנטהאַלטן דיזעלבע וואָרימקייט. ער האָט געשפּרודלט מיט דעמזעלבן הומאָר — אַ הומאָר אָן עכטער, ווייל ער טוט קיינמאָל קיינעם נישט וויי. און נאָך שפּעטער, אין אונזערע טעג, איז רוזוועלטן אויסגעקומען צו זיצן ביי אָט דעם טיש שוין אָלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איצטער איז אים שוין אויסגעקומען אונטערצוהאַלטן אַזעלכע געסט, ווי קעניג דזשאָרדזש פון ענגלאַנד און די קעניגן עליזאַבעט. די קעניגן ווילהעלמינאַ פון האָלאַנד און איר טאָכטער יוליאַנאַ. פּרינצעסן מאַרטאַ פון נאָרוועגיע. ווינסטאָן טשוירטשיל, פּריים מיניסטער פון דער בריטישער אימפּעריע. און אַ סך אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן פון וועלט־באַדייט.

איך פרעג ביי די אָנגעשטעלטע פונם גוט און ביי אַנדערע מענטשן וואָס ווייסן ווי אַזוי דער פּרעזידענט האַלט זיך צווישן אַזוינע הויכגעשטעלטע געסט. איז ער נישט אָנגעשטרענגט? איז ער נישט אָנגעשטייפט אַביסל? איז זיין מאַניער נישט איינגעקרעמפּט? נאָכ־

אַלעמען איז עס דאָך בלוי בלוט. און רוזוועלט — ווער איז ער דען אין פאַרגלייך מיט די אייראָפּעאישע אויסגעוויילטע פון גאָט? אַ דאָרף־מענטש, אַ פּאַרמער, ווי ער האָט ליב זיך צו באַצייכענען, אָדער — אַ בוים־פלאַנצער. איז ווי אַזוי האָלט זיך רוזוועלט צווישן אַזעלכע געסט?

אַוודאי איז אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז רוזוועלט האַלט זיך צווישן די דערמאָנטע קאַרפּן־קעפּ פּונקט ווי ער האַלט זיך צווישן זיינע באַקאַנטע פון מי יודע וויפיל יאָר. זיין פּערזענלעכקייט ווערט נישט געביטן — נישט רעדוצירט און נישט געהויבן. ער רעדט פריי, לאַכט פריי, עסט פריי, זאָגט אַ וויץ פריי און אָפן. און מערקווירדיק איז דאָס וואָס די דאָזיקע היסטאָרישע אַנגעקראָכאַליעטע מענטשן מיט די קעניגלעכע און פּרינצלעכע און לאָרדישע משאות אויף זייערע פּלייצעס האָבן עס גאָר ליב. זיי האָבן גרויס פאַרגעניגן אַרויסצוגיין פון זייערע איינגעפּרעסטע און איינגעמאַרינירטע מאַניערן און ווערן מענטשן — דאָס, נאָכאַלעמען, וואָס זיי זענען. עס לאָזט זיך אין אַזעלכע פאַלן אויס, אַז נישט דער "פּשוטער" רוזוועלט ווערט לעבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל, אין אַ פיגור פון אַ שאַכברעט, נאָר זיי ווערן לעבן אים פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע געשטאַלטן.

עס איז אינטערעסאַנט צו הערן פון איינעם פון די הויפּט־אַנגעשטעלטע פון דער רוזוועלט-ביבליאָטעק אין הייד פּאַרק ווי אַזוי די האָלענדישע קעניגין ווילהעלמינא קומט אַריין אין ביבליאָטעק, נעמט אַ בוך צום לייענען און ציט זיך אויס דערמיט אויפן גראָז אינדרויסן, אונטער אַ בוים. עס אימפּאָנירט אים און אַלעמען וואָס זעען עס. דאָס, זאָגט ער, איז נאָר מעגלעך אין דער אַטמאָספער פון עכטקייט און פּשטות וואָס דער פּרעזידענט שאַפט אַרום זיך. דערזעלבער דזשענטלמאַן, וועלכער איז, אגב, דעם פּרעזידענטס אַ יוגנט־חבר, דערציילט מיר ווי אים איז לעצטנס אויסגעקומען מיטצופאָרן מיטן פּרעזידענט אויף אַ סאָרט אויספלוג. רוזוועלט איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער אָפענער נאַטור. ווען ער האָט נאָר אַ געלעגנהייט כאַפּט ער זיך אַרויס אויף די פרייע פעלדער. ער באַזוכט טייכן. ער באַטראַכט בערג. עס ליגט, ווייזט אויס, אין זיין בלוט די דאָזיקע קרובהשאַפט זיינע מיט דער נאַטור.

זיי זענען געווען פיר. דער פּרעזידענט, זיין עלטסטער זון דזשעימס (וועלכער איז געווען אויף אורלויב), די פּרינצעסן מאַרטא פון נאָרוועגיע און ער, מר. עלען פראָסט.

עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע רייזע. זיי זענען אוועקגעפאָרן ווייט פון אַ ישוב. מען האָט בלויז געזען הימל, וואַלד און פעלד. דאָ

האַט דער פּרעזידענט אָפּגעשטעלט זיין אויטאָ, (וועלכן ער קאָנטראָלירט מיט די הענט אנשטאט מיט די פיס) און זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַ־טראַכטן די וואנדערונגען פון די פייגל. שוין אַ סך יאָרן ווי דער פּרעזידענט געפינט אָפּרו און שטילע פרייד אין אַט דעם צייט־פאַרטרייב. שעה׳ן־לאַנג קאָן ער אָפּזיצן אין זיין אויטאָ און נאָכפאָלגן די דאָזיקע פייגל־וואנדערונגען פון פלאַץ צו פלאַץ, פון ישוב צו ישוב. אפשר זעט דער פּרעזידענט אין דעם אַ סימבאָל? זעגען דאָך מענטשן אויך אַזוי. אויך זיי ווערן געטריבן פון דער נאטור, דאָ פון גוטע, דאָ פון בייזע אומשטענדן. דער אונטערשיד איז בלויז, וואָס דעם מענטש פּאַסט נישט אַלעמאָל צוצוגעבן, אַז ער ווערט טאַקע געטריבן. אין מערסטע פאַלן מיינט ער, אַז ער פאַרט אליין, מיטן אייגענעם ווילן. האָט דאָך אַמאָל דער גרויסער אידישער פילאָזאָף, ברוך שפּינאָזא, געזאָגט, אַז ווען מען זאָל קאָנען אָפּשטעלן אַ שטיין, ווען ער פאַלט פון ערגעץ, אינמיטן פּראָצעס פון זיין פאַלן, און אים פרעגן, צי ער ווייסט וואוהין ער "גייט", וואָלט ער געענטפערט, אַז יאָ; אוודאי ווייסט ער. ער אויך וואָלט געמיינט, אַז ער האָט אַ פרייען ווילן צו גיין וואוהין ער וויל . . .

אפשר קריגט מר. רוזוועלט אַ סך פון זיינע אינספּיראַציעס אויף אַזעלכע אויספלוגן. אויב יאָ, איז עס פון די שענסטע אינספּיראַציע־פלעצער וואוהין אַ הערשער קאָן קומען שעפּן ענערגיע און אָנרעגונג.

איז ווי אַזוי האַלט זיך דער פּרעזידענט אין דער אינטימער גע־זעלשאַפט פון אַן אייראָפּעאישער פּרינצעסן? איך שטעל די פראַגע צו מר. עלען פּראַסט.

— איר וואָלט קיינמאָל נישט געוואוסט, אַז דער פּרעזידענט פירט מיט זיך אַזאַ הויכע, טיטולירטע פּערזענלעכקייט. — איז דער ענטפער — ער רעדט און לאַכט און שפּאַסט און איז נאַטירלעך, ווי אַלעמאָל. לעבן אים ווערן אַלע אָנגעשטעקט מיט דערזעלבער שטימונג און די גאַנצע אַטמאָספער ווערט פריי און דעמאָקראַטיש, ווי צווישן מענטשן אָן הויכע אַמטן און אָן טיטולן.

דאָס איז רוזוועלט. "איך האָס פּאָמפּ, פוילע שטיק!" — האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון דעם פּרעזידענטס נאָענטע מענטשן דעם פּרעזידענטס ווערטער ביי אַ סך געלעגנהייטן. אויב דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אַ סך אַמעריקאַנישע פּרעזידענטן, איז עס ביי אים אַ מוז־זאַך צו זיין עכט אונטער אַלע אומשטענדן. די דאָזיקע עכטקייט אין אַ וועלט פון פאַלשקייט און געקינצלטקייט האָט פאַר אים געוואונען די ליבע און דעם צוטרוי פון מיליאָנען איבער

דער גאַנצער וועלט. און זאָל זיך קיינער נישט אָפּנאַרן. די דאָזיקע עכטקייט זיינע האָט מיטגעהאָלפן רוזוועלטן צו געווינען דעם מאַנ־דאַט פון דעם אַמעריקאַנישן פאָלק. די בירגער האָבן פאַר אים גע־שטימט דריי מאָל נאָכאַנאַנד — אַן אומדערהערטער פּרעצעדענס אין אונזער געשיכטע.

פון וואַנען שטאַמט די דאָזיקע עכטקייט? פון זיין אינוויינינקסטן איך ארויס. אָבער דער דאָזיקער אינווייניקסטער איך האָט דאָך אויך אַ מקור. האָט ער עס איבערגענומען בירושה פון זיינע עלטערן?

איך רעד מיט בירגער פון הייד פּאַרק, וועלכע געדענקען נאָך גוט דעם פּרעזידענטס מוטער. אייניקע געדענקען נאָך אַפילו זיין פאָטער. וואָס פאַר אַ מענטשן זענען זיי געווען? איך פרעג אויך אויס די אָנ־געשטעלטע. מר. וויליאַם א. פּלאָו, אַ דזשענטלמאַן, וואָס ווערט גע־שעצט פון די הייד פּאַרקער בירגער, איז שוין מיט די רוזוועלטס באַלד זיבן־און־פערציק יאָר. ער געדענקט נאָך דעם פּרעזידענטס פאָטער. מיט מרס. סערא דעלאַנאָ רוזוועלט איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן צוזאַמען אין אַ משך פון צענטליקער יאָרן. וואָס איז זיין איינדרוק וועגן זיי? וואָס דענקט ער פון זיי אַלס מענטשן און באַ־לעבאַטים?

איך רעד מיט מרס. אַנאַ מק׳גאַוען, דער אויפפּאַסערן פונם גרויסן הויז. זי איז שוין מיט דער רוזוועלט־פאַמיליע העכער צוויי צענטליק יאָר. זי ווייסט מסתמא אַלע שוואַכקייטן פון דער ערשטער פאַמיליע פון אונזער לאַנד. זי ווייסט אָבער אויך אירע מעלות. וואָס איז איר מיינונג? נאַטירלעך, דערוואַרט איך נישט, אַז ווער פון זיי זאָל מיר זאָגן, אַז די רוזוועלטס זענען נישט קיין גוטע באַלעבאַטים — מיר, דעם פרעמדן, וועלכער שרייבט גאָר ביכער. ווער ווייסט וואָס איך קאָן נאָך אַריינשרייבן — אויפן בעסטן אופן. אָבער קיין אַנדערע עפּי־טעטן ווי "פיין", "וואונדערבאַר", "אמתע" "ערלעכע", א. אז. וו. האָב איך נישט געקאָנט הערן וועגן די רוזוועלטס. אַזוי זייטיקע, אַזוי נאָענטע מענטשן. וואָס נאָך קאָן אַ שטערבלעכער דערוואַרטן אויף דער וועלט?

אַן אינטערעסאַנט פּלאַץ, דער עסצימער פון די רוזוועלטס. מען פילט זיך דאָ באַקוועם און עס ווילט זיך נישט אַוועקגיין פון דאַנען. מען קאָן אויף אַ רגע צומאַכן די אויגן און זען פאַר זיך אַ גאַלעריע פון פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן דאָ געגעסן די באַשיידענע גאַסטפריינטלעכ־קייט פון דער באַרימטסטער פאַמיליע פון דעם קאָנטינענט און כמעט פון דער גאַנצער וועלט. אָט גיט זיך אַ שייל ארויס פאַר מיר דאָס

קליינע געשטאַלט פון לואיס מק׳העגרי האָו. וואָס פאַר אַ ווירקונג דער דאָזיקער מאָדנער מענטש, דער העגרי האָפקינס פון יענער צייט, האָט געהאַט אויף פרענקלין ד. רוזוועלט, וועט מען זיך ערשט דער־וויסן שפּעטער מיט יאָרן. אַ פולשטענדיקער קעגנזאַץ צום איצטיקן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פיזיש, גייסטיק, עסטעטיש, לויט דעם אָפּשטאַם, טעמפּעראַמענט, האָט ער זיך צוגעקלעפּט צו דעם מאַן פון הייד פּאַרק און האָט אים שוין נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג ביז וואַנען ער איז אויסגעגאַנגען. ווער ווייסט וויפיל די געשיכטע איז אים שולדיק געבליבן פאַר האָבן אַזאַ גרויסן חלק וואָס רוזוועלט איז געוואָרן פּרעזידענט. ער האָט געגעסן און נישט געוואוסט וואָס ער עסט. ער האָט געראויכערט צענטליקער פּאַפּיראָסן און האָט נישט געפילט קיין טעם אין דעם. ער האָט גאָרנישט געזען דורך די וואָל־קענס רויך זיינע אַ חוץ זיין פריינט, זיין אידעאַל, פרענקלין ד. רוז־וועלט אַלס דעם ערשטן איינוואוינער פון דעם ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן.

אָבער צום בעסטן און געמיטלעכסטן פילט זיך פרענקלין ד. רוזוועלט ווען ער זיצט אין דעם דאָזיקן עסצימער ארומגערינגלט פון זיין פאַמיליע: מוטער (ווען זי האָט געלעבט), פרוי, קינדער, שנורן, איידים און אייניקלעך. אַז עס געפינט זיך נאָך בשעת מעשה אַן אינטימער פאַמיליע־פריינט, איז אַוודאי גוט. דאַן ווערט רוזוועלט אויס סטעיט סענאַטאָר, אויס פלאָט־מיניסטער, אויס גאָווערנאָר און אויס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאַמאָלס איז ער בלויז אַ טאַטע, אַ מאַן, אַ זיידע און אַ גוטער ברודער, מיט אַ סך לעבן אין זיך, מיט אַ הומאָר וואָס שטעקט אָן אַלעמען, דערהויפּט דאָס יונגוואַרג. ער זיצט געוויינטלעך אויבן־אָן. אָבער עס איז נישטאָ דערביי קיין אָריענטאַלישע הערשערישקייט פון דעם פּאַטריאַרך. ער האָט הנאה, ווען אים קומט אויס צו שניידן אַ טאָרט צו עמיצנס געבוירנטאָג (אפילו זיין אייגענעם אויך), אָדער אַן אינדיק, ווען עס קומט דער אַמעריקאַנער יום־טוב פון דאַנקזאָגן אָדער קריסטמעס. ער איז קינ־דערש־גליקלעך, ווען עס געלינגט אים צו צושניידן דעם טאָרט אָדער אינדיק ווי אַ פאַכמאַן. „זעכצן מענטשן האָב איך סערווירט בלויז פון איין זייט אַליין. פרעג איך אייך: בין איך נישט קיין געניטער שניידער? . . .“

אָט בין איך אין פּרעזידענטס שרייב־צימער. אַ צימער וואָס האָט אים געדינט איידער ער איז געוואָרן פּרעזידענט און וועלכער דינט אים נאָך איצטער אויך, ווען ער קומט קיין הייד פּאַרק. אַלצדינג איז

גענוי ווי עס איז געווען פריער, פאַרזיכערט מען מיר. איך באַמערק אַ פּאָר פּאַפּירן אויפן טיש, אַ פּאָר בריוו, אַדרעסירט צום האָנאָרייבל פרענקלין ד. רוזוועלט. אָט איז אַ נאָטיץ מיט דעם פּרעזידענטס האַנט־שריפט. עטלעכע שענקלעך מיט ביכער, מערסטנס אַזעלכע וואָס האָבן צו טאָן מיט רעגירונג־ענינים, סטעיט און פעדעראַלע. ביכער וועגן יורי. וואָס נאָך? יאָ, ביי דער טיר, אויפן אויבערשטן ווענטל, איז אָנ־געקלאַפּט אַ פּלאַקאַט: ניו יאָרק. עס איז מסתמא אַן אָפּיש פון די היסטאָרישע קאָנווענשאָנס פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון דעם ניו יאָרקער שטאָט.

דאָ אַרבעט דער פּרעזידענט ביחידות. אַ קליין, טונקל טראַכט־קעמערל. עס גיט דערביי אַ לויף איבערן געדאַנק אַ פאַרגלייך. היטלער, להבדיל, קאָן נאָר טראַכטן אין בערכטעסגאַדן, אַן אויסגעחלומטן פּאַלאַץ, מיט אויסטערלישע טרעפּ און לאַבירינטן און באַלקאָנען און וויסטאַס און געהאַרכזאַמע באַדינער אַרום און אַרום. און רוזוועלט באַנוגנט זיך מיט אָט־דעם קליינעם, טונקעלן צימערל. אַדרבא, ציט אליין אַ פּאַראַלעל. שאַפט אייער אייגענע מיינונג וועגן דעם.

אַרויסגייענדיק פון דעם צימער פּאַלט נאָך איין אַ געדאַנק. וואָס וועט זיין, אַז עס וועט מיר אַמאָל אויסקומען צו דערציילן אַ פּריינט, אַ באַקאַנטן, דאָ אָדער אין אייראָפּע, אַז איך בין געווען אין פּרעזידענט פרענקלין ד. רוזוועלטס שרייב־צימער און איך וועל נישט קאָ.ען זאָגן, אַז איך האָב דאָרטן געזען זאַכענישן וואָס מען זעט עס נישט ביי קיין פּראָסטן בשר ודם? וועל איך דערמיט פאַרלירן אין פּרעסטיזש? וועט דער פּרעזידענט פאַרלירן אָדער געווינען? מענטשן זענען דאָך בטבע אזוי זשעדנע צו הערן אויסטערלישע זאַכן וועגן גרויסע מענטשן! עס דערגאַנצט דאָך אזוי זייער אייגן לעבן. מענטשן זענען דאָך כמעט דאַנקבאַר ווען מען דערציילט זיי אויסגעטראַכטע, באַפליגלטע מעשות — אַבי זיי זאָלן, אויף אַ מאָמענט כאָטש, זיך קאָנען אויפהויבן פון דער מיזעראַבלער, נודנערווירקלעכקייט און אַ קלעטער טאָן אויף אַ שפּיץ פון אַ קאָלירטן וואָלקן.

אַ צימער אַרויס, אַ צימער אַריין. פּופציק אין צאָל. גרעסערע און קלענערע. אויבערשטע און אונטערשטע. מען איז דערשטוינט און געפּלעפּט פון דער פּשטות אומעטום. איך געפין זיך אין דעם צימער פון דעם פּרעזידענטס פאָטער. אזוי ווי עס האָט אויסגעזען ווען ער האָט געלעבט, אזוי זעט עס אויס היינט. ווען איך האָב פאַרדינט צוועלף דאָלאַר אַ וואָך אין ניו יאָרק האָב איך געהאַט גרעסערע פּרע־טענזיעס וואָס איז שייך אַ צימער. איך האָב געוואָלט האָבן מער

ליכט און אַ גרעסערן שטח צו אָטעמען. דאָס זעלבע וועגן דעם צימער פון דעם פּרעזידענטס מוטער: קליין און אָן שום לוקסוס. אַ פּאָר בילדער אויף דער וואַנט. אַ שאַנק מיט כינעזיש געשיר און אַ שרייב־טיש. „ער איז דאָך קלענער ווי מיינער" — מאַך איך צו זיך אַ שטילע באַמערקונג. אַזוי אויך איר שלאָפצימער אויבן: קליין, ריין, מיט אַ גרויסן צלם אויף דער וואַנט. דעם פּרעזידענטס מוטער איז געווען אַ פרומע קריסטין, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקערן. זי האָט טאָלערירט איר זונס לייכטן, כאָטש נישט צינישן, צוגאַנג צו רעליגיע. דער איצ־טיקער פּרעזידענט האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַנכאַפּן עמיצן ביי די פּאָלעס. גאָטס פּאָלעס האָט ער אויך צורו געלאָזט. פרענקלין ד. רוזוועלט איז אַ ראַציאָנאַלער קריסט. ער קאָן אָפּטיילן דאָס עכטע פון דעם פּאָעטיש־אויסגעחלומטן, דאָס רעאַלע פון דעם מיסטישן. ער האַלט, און ער האָט אַלעמאָל געהאַלטן, אַז רעליגיע איז אַ נויטיקע זאַך פאַר מענטשן. אָבער הרגענען אָדער רודפן אַנדערש־גלויביקע טאָר מען נישט. ער באַציט זיך מיט דער גרעסטער טאָלעראַנץ צו מענטשן וואָס גלויבן נישט אין גאָט — אין דעם אַנגענומענעם באַגריף גאָט. ער פאַרשטייט, אַז דער ענין גלויבן און גאָטהייט איז דאָך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַזוי פאַרשידן אין באַנעם.

„וואָס פאַרלאַנגט פון דיר גאָט מער ווי צו האַנדלן יושרדיק און ליב צו האָבן רחמנות; צו זיין גאָטפאָרכטיק און עניוותדיק . . . "

די דאָזיקע ווערטער האָט דער פּרעזידענט ערשט נישט לאַנג צוריק באַנוצט ביי דער געלעגנהייט פון לייגן אַ פונדאַמענט פאַר אַ סעראַ דעלאַנאָ רוזוועלט הויז אין האַנטער קאָלעדזש, ניו יאָרק, פאַר גע־זעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע טעטיקייטן. דאָס הויז האָט פריער גע־הערט צו דעם פּרעזידענטס מוטער און דער פּרעזידענט האָט געזאָגט אַז ער איז זיכער, אַז „מיין טייערע מוטער וואָלט געווען זייער גליק־לעך צו זען פאַרווירקלעכט אַ פּלאַן וואו אַלע רעליגיעס זאָלן אַרבעטן האַרמאָניש צוזאַמען . . . "

אין דעם דאָזיקן גייסט האָט פרענקלין ד. רוזוועלט זיך דערצויגן — אָט אין דעם הויז, אין וועלכן איך שפּאַן איצטער אַרום. יעדעס צימער פאַרמאָגט זיך זיין אייגנשאַפט, זיין טראַדיציע, זיין געשיכטע. איך בין אין דעם פּרעזידענטס וואוין־צימער. עס איז העל, ליכטיק. די פענצטער קוקן אַרויס אין אַ באַגרינטן דרויסן. דאָ האָט ער זיך דער־צויגן, דאָ זיינע געדאַנקען געשפּונען, דאָ, אפשר, זיינע חלומות פון קומענדיקער פּרעזידענטשאַפט אויסגעחלומט. אָט איז דאָס בעט אויף וועלכן עס שלאָפט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ

געווײַנטלעך בעט מיט ווײַסער איבערציִעכץ, מיט צוויי קישנס פֿון געווײַנטלעכער גרויס. פֿון בײדע זײַטן בעט געפֿינען זיך צוויי טע־לעפֿאָנען — אין פֿאַל מען דאַרף זיך מיט אים פֿאַרבינדן אויף גיך.

בילדער אויף די ווענט. בילדער אויפֿן פֿענצטער. אָט איז אַ בילד פֿון זײַן אינגסטן זון, דזשאָן. און אָט איז אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון זײַן זון פֿרענקלין. די בילדער זענען גענומען געוואָרן מיט אַ צייט צוריק. יונגע פּנימער, זאָרגלאָזע. ווי אַנדערש זיי קוקן אויס ווי הײַנט! לעבן פֿרענקלינס פֿאָטאָגראַפֿיש בילד שווימט־אויף פֿאַרן אויג אַן אַנדער בילד: זײַן פֿאָטאָגראַפֿיע וואָס איך האָב נישט לאַנג צוריק געזען אין אַ צײַטונג — פֿרענקלין אין דעם אוניפֿאָרם פֿון אַ פֿלאָט־אָפֿיציר ביי דער געלעגנהייט פֿון זײַן אויסצייכענען זיך אין אַ ים־שלאַכט, אין וועלכער ער איז לײַכט פֿאַרוואונדעט געוואָרן. עס גיט מיר אַ קלונג אין די אויערן די ווערטער פֿון מרס. אַנאַ מק׳ גאָוען: ״ער איז זייער אַ וואַרימער, איבערגעגעבענער טאַטע.״

אַ בילד אויפֿן פֿענצטער האָט צוגעצויגן מײַן אויג. דער פּרעזידענט און אַלפֿרעד ע. סמיט. אפֿנים, אַז עס איז פֿאָטאָגראַפֿירט געוואָרן מיט אַ היפּשער צייט צוריק, ווען זיי זענען נאָך געווען פֿרײַנט, פּאָליטישע און פּערזענלעכע. וואונדערט נישט וואָס זיי שטייען אויף איין בילד, נאָר דאָס וואָס דער פּרעזידענט האַלט עס ביי זיך אין שלאָפֿצימער אַלס טײַערע, אינטימע זאַך. ווייסט דערפֿון מר. אַל. סמיט? איז ער אויך אַזוי ברייט און וויליק צו פֿאַרגעסן אַ צײַטווײַליקן ברוגז צוליב אַן אַמאָליקער שיינער פֿרײַנטשאַפֿט

ביכער. אומעטום, וואו דער פּרעזידענט געפֿינט זיך, שטויסט מען זיך אָן אן ביכער. ווײַזט אויס, אַז מר. רוזוועלט געפֿינט שוין צייט אַמאָל אַרײַנצוקוקן אין אַ ספֿר. זיי זענען נישט גרויס אין צאָל, די ביכער אין דעם פּרעזידענטס וואוין־צימער, אָבער די קאָלעקציע איז אַן אינטערעסאַנטע. איין בוך וואַרפֿט זיך באַזונדערס אין די אויגן. עס הייסט ״דאָס לעבן פֿון בעניטאַ מוסאָליני״. מען דריקט אונטער דעם שמייכל וואָס רײַסט זיך אויף די ליפּן אַרויף. איראָניע פֿון דער גע־שיכטע! בעניטאַ מוסאָליני, מאָדערנער צעזאַר . . . עס וואָלט גע־ווען אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס דער פּרעזידענט טראַכט, ווען ער לייענט דעם דאָזיקן בוך אין אַ שלאָפֿלאָזער נאַכט.

עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז אין קיין איין צימער פֿון דעם גרויסן הויז איז נישט פֿאַראַן קיין שפּריץ. די וואַנעס זענען אַלט־מאָדיש און די אַלגעמיינע אײַנריכטונג איז ווײַט פֿון דעם וואָס אַ דורכשניטלעכער בירגער פֿון אונזער לאַנד פֿאָדערט פֿאַר זיך הײַנטיקע

צייט. דער דריטער שטאָק איז, נאַטירלעך, נישט קיין אויסנאַם, כאָטש דאָרטן שטייען איין די געהויבנסטע געסט.

דאָס ערשטע וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מען קומט ארויף אויפן דריטן שטאָק, איז דער שפּיל־צימער פון די רוזוועלט־קינדער — דאָס הייסט, ווען זיי זענען נאָך געווען קליין. דאָס צימער איז גרויס, זייער גרויס. דאָס איז מסתמא דערפאַר ווייל קינדער זענען, קיין עין הרע, געקומען איינס נאָך דאָס אַנדערע און דאָס צימער איז גענוצט געוואָרען פאַר אַלע. אָט זענען זייערע שפּילזאַכן: אנאַס, דזשעימס׳ עליאַטס, פרענקלינס (דער זון) און דזשאָנס. ביי די רוזוועלטס איז געווען איינגעפירט, אַז זאַכן האָט מען זעלטן ארויסגעוואָרפן. זיי פלעגן איבערגיין פון איינעם צום אַנדערן. דאָס זעלבע מיט די צי־מערן. מר. פלאו, דער אויפזעער פון דעם הויז, שטייט לעבן מיר און דערקלערט מיר די געשיכטע פון אַ צימער, וועלכער האָט שוין דורכגע־מאַכט אַלע גלגולים. אין אָנפאַנג איז אין אים געשלאָפן דזשעימס, דער עלטסטער פון די ברידער. נאָכדעם, ווען ער איז אונטערגעוואַקסן און איז אַוועקגעפאָרן שטודירן, האָט אים איבערגענומען עליאַט. נאָך עליאַטן איז אין דעם צימער געשלאָפן פרענקלין, דער צווייטער. נאָך אים — דזשאָן, דער אינגסטער. היינט דינט דער צימער פאַר אַלע. יעדער איינער פון די רוזוועלט קינדער קאָן אין אים שלאָפן, ווען ער קומט צו די עלטערן צו גאַסט.

אויף דעם שטאָק, ווי דערמאָנט, שטייען איין די געסט וואָס באַזוכן די רוזוועלטס. אָט איז דער צימער וואו עס איז איינגעשטאַנען די האָלענדישע קעניגין ווילהעלמינא. און אָט איז דאָס צימער אין וועל־כן עס זענען געשלאָפן דער ענגלישער קעניג דזשאָרדזש און די קע־ניגין עליזאבעט. זענען די דאָזיקע מאַיעסטעטישע באַזוכער צופרידן מיט דער פשוטער דירה וואָס זיי קריגן דאָ? איז באַקינגהאַם פאַלאַץ אויך אַזוי אויסגעטאָן פון לוקסוס און שמוק? איז דאָס הויז פון אראַנזש אין אמסטערדאַם אויך אַזוי איינפאַך ווי דאָס מעבל פון די רוזוועלטס? זענען די קעניגלעכע בעטן און דאָס בעטגעוואַנט פוןביידע מאַיעסטעטישע הויפן אין איראָפּע אויך אַזוי פראָסט־מענטשלעך ווי ביי די רוזוועלטס?

איך בין שוין צוריק אונטן. איך געפין זיך נאָכאַמאָל אין דעם הויפּט־צימער פון דעם הויז. ער האָט דעם אויסקוק פון אַ באַל־צימער, כאָטש ער איז לענגער ווי ברייטער. עס זענען אָנגעשטעלט אַ סך בענק, שטולן, טישן, טישלעך. עס הענגען צענטליקער בילדער אויף די ווענט, פאָטאָגראַפישע און קינסטלערישע. אָט איז דעם פּרעזידענטס

טיש מיט זיין קאָלעקציע פון ציגאַרשפּיצלעך. דאָ זיצט ער אַמאָל אָפּ שעהן־לאַנג (ווען ער האָט צייט) און סאָרטירט זיינע מאַרקעס. ביי דער דאָזיקער עובדא איז אים באַקוועם צו טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן, אפילו אָנהאַלטן אַ שמועס. אין די גוטע, פרייע צייטן, ווען דער קאָפּ איז געווען גרינגער, פלעגן דאָ אָפּגעהאַלטן ווערן מיטינגען און באַראַטונגען און אַלערליי פייערונגען. דאָ ווערן געפּראַוועט די קריסט־מעס פייערונגען פון דער פאַמיליע. דער פּרעזידענט לייענט פאַר און אַלע הערן זיך צו. אָבער דאָס דאָזיקע פאַרגעניגן איז איצטער פון די וועלטענע דערשיינונגען. דער פּרעזידענט איז צו־פאַרנומען און די קינדער זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט.

אַן אויסנאַם איז געווען דער קריסטמעס פון 1943. דער פּרעזידענט האָט זיך זייער געגוויטיקט אין אַן אָפּרו כאָטש אויף עטלעכע טעג. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט דורכגעמאַכט זיין היסטאָרישע רייזע קיין קאַירא און טעהעראַן. ער איז געווען מיד און אויסגעשעפּט. האָט ער געפּלאַנט כאָטש איינמאָל אין עלף יאָר אָפּצוריכטן דעם יום־טוב אינ־דערהיים, צווישן אייגענע. זיינע צוויי זין, פרענקלין דזשוניאָר און דזשאָן, זענען געווען אינדערהיים אויף אורלויב פון דער נעיווי. דאָס האָט געדאַרפט דערגאַנצן דעם יום־טוב.

אָבער דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז נישט אַלעמאָל דער באַלעבאָס איבער זיין אייגענער צייט. ער דאַרף אָפט מקריב זיין זיינע אָפּרו־טעג צוליב נאַציאָנאַלע פליכטן. אויך אין דעם פאַל האָט ער דעם יום־טוב אין הייד פאַרק געדאַרפט קאָמבינירן מיט אַ רעדע צום פאָלק וועגן זיין היסטאָרישער רייזע אין די ווייטע, הייסע לענדער.

האָט מען צוזאַמענגעשמאָלצן די דאָזיקע ביידע געשעענישן. היים און לאַנד זענען געוואָרן איינס, ווי אַ סימבאָל. הייד פאַרק האָט גע־רעדט צום פאָלק און דאָס פאָלק האָט, מיט איין האַרץ, מיט איין אָטעם, זיך צוגעהערט צו דעם קול פון דעם פּיצינקן שטעטעלע וואָס מען זעט אויף קיין מאַפּע נישט ארויס. דער פּרעזידענט איז געזעסן אין דער סטודיע פון דער רוזוועלט־ביבליאָטעק, ארומגערינגלט פון איי־גענע: פרוי און קינדער; פריינט און אייניקלעך. פון דער וואַנט האָט איבער אים געוואַכט דאָס בילד פון זיין מוטער. און ער האָט גערעדט צום פאָלק מיט אַ קלאָרער און זיכערער שטים. מיט אַזאַ שטים רעדט בלויז איינער וואָס איז זיכער, אַז ער קאָן רעדן מיט אַ ריין געוויסן, אַז ער, פון זיין זייט, האָט געטאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו טאָן צו ברענגען גליק און שלום אויף דער וועלט; צו ברענגען אַן אייביקן קריסטמעס צו גאָטס קינדער.

מען ווייזט מיר די צוויי הויכע גאָווערנאָר־שטולן. דאָס איז אַן אָנדענק פון אָלבאַני פון דער צייט ווען רוזוועלט איז געווען גאָווער־נאָר פון ניו יאָרק סטעיט אויף צוויי טערמינען. רוזוועלט איז באַ־שטאַנען אויף דעם, אַז ער זאָל מיטנעמען מיט זיך די צוויי שטולן פון דעם סטעיט־קעפּיטאל — אַ פּריווילעגיע וואָס יעדער ארויסגייענדיקער גאָווערנאָר האָט. איז דאָס ביי אים געווען אַ סענטימענט צי אַ קאַפּריז? פאַראַן געווען מענטשן, וועלכע האָבן מורא צו קוקן אויף צוריק, ווען זיי געפינען זיך אויפן שפּיץ פון באַרג. פרענקלין ד. רוזוועלט האָט, ווייזט אויס, מוט צו קוקן אויף צוריק פונקט ווי ער האָט מוט צו קוקן פאָראויס.

איך שטעל אייך פאָר דעם פּרעזידענטס שטאָל — אַן אַן אַנט־שולדיקונג. די שטאָל איז ריין, אַן פערד און אַן אַנדערע פיר־פיסיקע היות. געווען אָבער אַ צייט, ווען דאָס דאָזיקע פּלאַץ איז נישט געווען אזוי שטיל און פאַרלאָזט ווי אַצינד. געווען אַ צייט, ווען פרענקלין ד. רוזוועלט, נאָך אַ יונגער, אַ פרייער, אַ זאָרגלאָזער, פלעגט דאָ פאַר־ברענגען לאַנגע שעהן פון זיין לעבן. דער יונגער פרענקלין איז, ווי באַוואוסט, געווען אַ גרויסער ענטוזיאַסט פון פערד. בירגער פון הייד פּאַרק האָבן מיר דערציילט, אַז זיי געדענקען נאָך די צייט, ווען זיי פלעגן זען דעם איצטיקן פּרעזידענט רייטן צוזאַמען מיט זיין פאָטער. דער עלטערער רוזוועלט אויף אַן אמת פערד; דער אינגערער — אויף אַ קליין פערדל, אַ לאָשיק.ביידע רוזוועלטס האָבן דערביי גע־שמועסט צווישן זיך, ווי גלייכע. ביידע האָבן אויסגעזען צו זיין גליק־לעך אריינגעטאָן אין דער עובדא פון פערד־רייטעריי. אמתע פריצים.

היינט שטייט די שטאָל ליידיק. קיין פערד זענען נישטאָ. ווער וועט זיי ניצן? ווער וועט אויף זיי רייטן? דער פריץ רוזוועלט פליט אַצינד אויף עראָפּלאַנען. דעם פריצס געדאַנק שוועבט איצטער אין די וואָלקנס. ער שלאָגט זיך אַלעמאָל אַן אין אַן אַנדערן קאָנטינענט: דאָ אייראָפּע, דאָ אַמעריקע; דאָ אפריקע, דאָ קליין־אזיע. דאָס בעסטע און פלינקסטע פערדל וואָלט נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט דעם פּרעזידענטס גאַלאָפּירנדיקן מאַרשרוט היינטיקע צייטן.

דערפאַר איז שוין אינטערעסאַנטער דעם פּרעזידענטס גאַראַדזש. דאָ געפינט מען שוין, אויסער אַ פּאָר אנדערע אויטאָמאבילן, דעם פּרעזידענטס האַנט־מאַנעווורירטן אויטאָ. עס איז אַ גרויסע מאַשין מיט זעקס זיצפּלעצער. ער געהערט צום פּרעזידענט — אַלס פּרעזי־דענט. נאַטירלעך פילט מען אַביסל אַ פאַרדראָס פאַרוואָס מען קאָן זיך נישט אריינזעצן אין אים און כאַפּן אַ פאָר — אָט אזוי־אָ, צוזאַמען מיטן געדאַנק און צוזאַמען מיטן חשק.

איך באַגעגן אָנגעשטעלטע פונם גוט, אָנגעשטעלטע פון דער ביבליאָטעק, אָנגעשטעלטע פון ״הויז״. איך וויל הערן פון איינעם אַ באַמערקונג צווישן די שורות וואָס זאָל וואַרפן אַ שאָטן אויף רוזוועלטס כאַראַקטער. עס איז דאָך אַ כלל, אַז דורך שאָטן זעט די זון זיך ארויס שאַרפער, העלער. איך שטעל פראַגעס, דירעקטע און אומדירעקטע. עס איז אוממעגלעך ארויסצוקריגן די מינדסטע נעגאַטיווע באַמערקונג פון וועמען נישט איז. און דאָס נישט דערפאַר ווייל מען האָט מורא צו רעדן. אין הייד פּאַרק האָט מען נישט קיין מורא צו רעדן וואָס מען טראַכט. אפילו אין דער טייל הייד פּאַרק וואָס געהערט צו די רוזוועלטס איז מען אויך פריי צו דענקען און האַנדלען ווי מ׳וויל. האָב איך דאָך אליין געהערט ווי אַן עלטערער הייד פּאַרקער תושב האָט פאַרגעוואָרפן דעם מר. וויליאַם פלאָו, אַז ער איז אַ . . . רעפּובליקאַנער. יענער האָט עס, נאַטירלעך, געמאַכט אויף אַ גוטמוטיקן, הומאָריסטישן אופן, ווייל יענער אליין איז אויך אַ רעפּובליקאַנער. אָבער אינטערעסאַנט איז עס און עס לערנט אונז אַ גוטע און שיינע לעקציע פון אונזער לאַנד און פון דער באַציאונג פון דער ערשטער פאַמיליע פון אונזער לאַנד צו מענטשן מיט אַנדערע איבערצייגונגען, צו מענטשן, וועמען זי געטרויט אָן די שליסלען צו איר היים און צו אַלץ וואָס די היים אַנטהאַלט אין זיך: אינטימע היילי־קייטן, פאַמיליע־סודות, שוואַכקייטן פון שטערבלעכע וואָס זענען אַמאָל פאַרבאָרגן פאַר דעם אויג פונם דרויסנדיקן.

איך דערוויס זיך נאָך עפּעס. די רוזוועלטס זענען נישט קיין מענטשן וואָס האָבן אַ טבע צו קלאַפּן וועמען נישט איז אין פּלייצע. די רוזוועלטס, דעמאָקראַטיש ווי זיי זענען, האַלטן אין דער זעלבער צייט אָן די דיסטאַנץ צווישן זיך און די וועלכע זענען נישט פון זייער גלייכן. די רוזוועלטס זענען איידל, קאָרעקט, נישט דעספּאָטיש און נישט באַליידיקעריש. קיינער פון די אָנגעשטעלטע האָט קיינמאָל נישט געהאַט אויסצושטיין קיין שום קרענקלעך־באַלעבאַטישע קאַפּריזן פון וועלכן נישט איז מיטגליד פון דער רוזוועלט־פאַמיליע. גאַנץ הייד פּאַרק טרויערט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אויף דעם טויט פון מרס. סערא דעלאַנא רוזוועלט, דעם פּרעזידענטס מוטער.

— איז דער פּרעזידענט טאַקע דעמאָקראַטיש, אין דעם עכטן זין פון דעם וואָרט? — וויל איך וויסן — צי איז ער סתם קאָרעקט, ווייל עס פּאַסט אים נישט צו האָבן צו טאָן מיט אייך?

איך שטעל די דאָזיקע דירעקטע פראַגע אַלעמען — פון דעם מר. וויליאַם א. פלאָו ביז סטיוו בילסקי, דעם קליינגעוויקסיקן פּוילישן

יונגנמאַן וואָס טרייבט דעם טראַק. אַלע ענטפערן מיט איין קול: דער פרעזידענט איז די דעמאָקראַטישקייט אַליין, אָן די מינדסטע אָנשטעלן, אָן די מינדסטע אויסזיכטן פאָטאָגראַפירט צו ווערן דערביי פון אַ קאַמעראַמאַן. ער לאָזט זעלטן דורך אַ געלעגנהייט צו פרעגן וואָס מען מאַכט, ווי אַזוי מען פילט. דער פרעזידענט האָט ליב מענטשן און אַלע וואָס קומען מיט אים אין באַרירונג ווייסן דאָס, פילן דאָס מיט אַלע חושים.

— ער קאָן אַמאָל דענערווירט ווערן ווען מען שטייט צו אים צו מיט נאַרישע פראַגעס, אָדער מיט בכיוון־שטעכיקע און פּראָוואָצירנדיקע באַמערקונגען. — זאָגט מיר זיינע אַ קרובה, וועלכע וויל נישט דער־מאָנט ווערן ביים נאָמען. די דאָזיקע קרובה רוזוועלטס איז זייער אַ סימפּאַטישע און ראַפינירטע דאַמע און איך בין איר זייער דאַנקבאַר פאַר אַ סך פון אירע טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן פרעזידענט און בכלל פאַר איר אינפאָרמאַציע. מיין צוזאָג נישט צו דערמאָנען זי ביים נאָמען ווערט דאָ אָפּגעהיטן מיט אָט־די עטלעכע שורות פון אָנער־קענונג צו איר.

מיין ערשטער וויזיט אין הייד פּאַרק איז געענדיקט. סענדי, פרענקלין דזשוניאָרס הונט, באַגלייט מיך אַרויס מיט זיינע קלוגע, פאַרשערישע אויגן. פונקט אַזוי האָט ער מיך באַגעגנט ווען איך בין אַהער אָנגעקומען. איך וואָלט נישט געוואָלט פאַרדינען סענדיס צאָרן. איך וואָלט זיכער נישט געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון זיינע שאַרפע ציין. איך ווייס נישט, צי עס איז געווען מיין פאַנטאַזיע, צי נישט; מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב געזען אַ טרויער אין סענדיס אויגן. בענקט ער נאָך זיין פריינט און האַר, וועלכער געפינט זיך אַצינד אויף די וואַסערן פון דעם מיטללענדישן ים? ווייסט ער פון די סכנות וואָס זיין פריינט און האַר האָט אויסצושטיין?

איך בין אויפן וועג צוריק קיין ניו יאָרק. מר. עלען פראָסט, דעם פרעזידענטס יוגנט־פריינט, באַגלייט מיך אין זיין אויטאָ. איך באַטראַכט עס פאַר אַ גוטער געלעגנהייט צו וועלן דערגיין עפּעס וועגן פרעזידענטס יאָרן אַלס אינגל. מר. פראָסט איז אַ דזשענטלמאַן פון קאָנסערוואַטיוון שניט. ער איז העפלעך, פריינטלעך, אָבער נישט צו פרייגיביק מיט ווערטער. עס איז פאַרשטענדלעך. געוויס אומשולדיקע מענטשן זענען שוין אַזוי אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן פון די דאָזיקע לייט וואָס שרייבן ביכער . . .

פונדעסטוועגן לאָזט ער זיך רעדן, פרעגן. מען דערוויסט זיך איי־ניקע זאַכן פון דעם איצטיקן פּרעזידענטס יוגנט־טעג וואָס לאָזן איבער אַ טיפן איינדרוק.

::——::——::

עס איז דער 7־טער דעצעמבער, דער טאָג פון פּוירל האַרבאָר, ״דער טאָג וואָס וועט לעבן אין דעם געדעכעניש פון דעם אַמעריקאַנישן פאָלק אַלס דער טאָג פון דער גרויסער גבלה״. איך פאָר שוין צום צווייטן מאָל קיין הייד פּאַרק. אייניקע איינדרוקן זענען געבליבן נישט פאַרענדיקט פונם ערשטן וויזיט; אייניקע זאַכן נישט דערגאַנצט. איך האָב געוואָלט איינזאַפּן אין זיך וואָס מער פון דער סביבה אין וועל־כער עס איז געבוירן געוואָרן און אין וועלכער עס האָט געלעבט דער מענטש וואָס געפינט זיך אַצינד אינם צענטער פון דער וועלט.

די באַן וואָס גייט קיין הייד פּאַרק איז אַ לאַנגזאַמע. הייד פּאַרק איז אַ שטיל און פאַרוואָרפן שטעטל און קיין עקספּרעס פאַרבלאָנדזשעט אַפילו נישט אַהין. איך זיץ לעבן פענצטער און פּרואוו לייענען די מאָרגנצייטונג. די וועלט איז דאָך היינט אַזוי פול מיט שטורעם און געשעענישן! ווי קאָן מען זיך איינהאַלטן און זיך קאָנצענטרירן בלויז אויף איין פּונקט און אויף איין געדאַנק — אַפילו ווען דער איין פּונקט און דער איין געדאַנק איז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע?

איראָניע פון דער געשיכטע. איך וויל נישט עפענען די צייטונג, כדי דער געדאַנק זאָל נישט פאַרוואָסערט ווערן מיט אַנדערע זאַכן. דער געדאַנק דאַרף איצטער זיין קאָנצענטרירט אויף איין מענטש: אויף זיין אָפּשטאַם, אויף זיין וויגעלע, אויף זיין היים. איך וויל איינ־זאַפּן אין זיך אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות צו דעם מאַן רוזוועלט כדי די פאַרדייאונג זאָל קאָנען זיין אַ געזונטע און אַ געלייטערטע און די פּראָדוקציע פון דעם דאָזיקן פּראָצעס זאָל אַרויסקומען אָן אַ פגימה. אָבער ווען די צייטונג גיט זיך דאָך אַ וואָרף אין די אויגן און מען שטויסט זיך אָן אָן די ״קעפּ״ נייעס און אָן די בילדער, קומט מען סיי ווי צו צו דעם פּונקט רוזוועלט.

אויף דער ערשטער זייט פון דער ״ניו יאָרק טיימס״ איז אַ בילד פון די דריי פירער פון דער וועלט: רוזוועלט, סטאַלין און טשוירטשיל. סטאַלין פון איין זייט, טשוירטשיל — פון דער אַנדערער; רוזוועלט זיצט אינמיטן. וואוהין־זשע פאָר איך און וואָס טו איך אויף דער

דאָזיקער באַן, ווען דער, וועמעס געדעכעניש איך זוך, געפינט זיך גאָר אין קאַיראָ, אין טעהעראַן? ער שוועבט, אין פליש און אין בלוט, גאָר אַרום איבער די פּיראַמידן און איבער דעם הייליקן לאַנד פון ישראל, פון קריסטנטום און פון אלאָה. וועמען־זשע קאָן איך דערוואַרטן צו טרעפן אָט אין דעם פאַרוואָרפענעם העק וואָס רופט זיך הייד פּאַרק? אפשר איז עס גאָר אַן אויסטראַכטעניש, אָט די גאַנצע זאַך, אַז פרענקלין ד. רוזוועלט שטאַמט פון דאַנען? אַן אויסטראַכטעניש, אַ חלום, אַ וויץ. פרענקלין ד. רוזוועלט געהערט גאָר איצטער דעם לאַנד מצרים; דער לאַנד פון אחשורוש. ער לאָזט איצטער אפשר אַ טרער איבער די, וועלכע האָבן געשקלאָפט איבער פיסום און רעמסס. טאָ וועמען דער־וואַרט איך אַצינד צו טרעפן אין זיין כלומערשטער היים?

אָבער די באַן גייט און איך קאָן זי נישט אָפּשטעלן. נאָך אַ סטעישאָן, נאָך אַ סטעישאָן. יאָנקערס, טעריטאַון, אָסינינג, הארמאָן.ביים צופעליקן רייזנדן מייִנען די נעמען גאָרנישט. ער וואַרט דער־הויפּט אויף זיין סטעישאָן. פונדעסטוועגן גיט זיך עפּעס אַ וועק איבּם געדאַנק ביים נאָמען טעריטאַון. וואָס איז עס? אַך, יאָ. ראָקעפעלערס קעניגרייך. וואָס איז אָסינינג? דער סינג־סינג פון ניו יאָרק. די דאָרטיקע איינוואוינער דערציילן, אַז ווען עס קומט פאַר אַן עקזעקוציע, ווען אַ פאַרמשפּטער צום טויט ווערט אַרויפגעזעצט אויף דער עלעק־טרישער שטול, הייבן אָן צו צאַנקען אַלע ליכטער פון שטאָט, פונקט ווי יענעמס נשמה. אַ שרעקלעכע איבערלעבונג פאַר די איינוואוינער. פאַר דעם וואָס ווייסט דאָס האָט שוין אָסינינג עפּעס אַ באַדייט. און קאָלד ספּרינגס מיינט דאָך אוודאי עפּעס פאַר דעם בירגער. אין דער אמתן איז עס אַ זאַך וואָס באַשטייט פון דריי שטיינער, צוויי ביי די זייטן און איינער פון אויבן, איבער די אַנדערע צוויי. אַן אויפשריפט דערציילט, אַז פון דער דאָזיקער ברונעם האָט געטרונקען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. גיט זיך דערביי אַ טראַכט: מה דאָך אַזאַ פלעצל, אַזאַ מציאה, אַזעלכע פאַר וואָזשנע שטיינער, און עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשיכטע, היינט, וואָס וועט זיין מיט הייד פּאַרק איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום? ווערט פון דעם דאָזיקן פאַרגלייך אַביסל געהויבענער די שטימונג און מען דערנענטערט זיך צו הייד פּאַרק מיט אַן אָפּגעפרישטן אינטערעס.

די עטלעכע מינוט וואָס מיר קומט אויס צו וואַרטן אויפן סטעי־שאָן נוץ איך אויס צו פאַרפירן אַ שמועס מיט דעם סטעישאָן־מייסטער, מר. פעלפּס. איך פרעג אים וויפיל איינוואוינער הייד פּאַרק פאַרמאָגט.

— אָ, ער ווייסט אַליין נישט. ער איז אינגאַנצן אַכט יאָר דאָ. די פראַגע איז: דאָס דאַרף גופא, צי מיט די געגנטן אַרום?

גיי ווייס, אַז דער כרח הייד פּאַרק האָט גאָר געגנבֿט אַרום אויך.

— די מעשה איז — זאָגט מר. פעלפּס — וואָס איצט איז בכלל שווער צו זאָגן, צוליב דעם ביסל מיליטער וואָס שטייט דאָ איין. טייל פון די זעלנער און אָפיצירן זענען דאָ מיט זייערע פאַמיליעס. האָט זיך דעריבער די באַפעלקערונג פאַרמערט. אָבער מער ווי צוויי טויזנט איז מסתמא נישטאָ.

מילא, אַ הונדערטער אַרויף, אַ הונדערטער אַראָפּ. קיין גרויסן אונטערשיד וועט עס שוין נישט מאַכן. דער עיקר: צי קען ער דעם פּרעזידענט, דער מר. פעלפּס? צי קען ער ווען עס איז פון דער רוזוועלט־פאַמיליע?

— ניין, ער קאָן דאָס נישט זאָגן. ער זעט אַמאָל דעם פּרעזידענט אָנקומען אַהער, אָדער אַוועקפאָרן פון דאַנען. אָבער קענען קען ער אים נישט. וועגן דער פאַמיליע? אָט איז אַ פּעקל פאַר מרס. רוז־וועלט וואָס איז אָנגעקומען פאַר איר. ער שיקט עס איר צו קיין וואַשינגטאָן, אין ווייסן הויז אַריין.

ניין, איך וועל נישט פרעגן פון וואַנען דאָס פּעקל איז — און פון וועמען. אָבער מר. פעלפּס קאָן, ווייזט אויס, אַ כאָפּ טאָן יענעמס אַ הינטער־געדאַנק.

— אָ, — זאָגט ער, זי דערהאַלט פּעקלעך פון אומעטום, פון אַלע עקן וועלט.

— מענטשן האָבן זי, ווייזט אויס, ליב. — גיב איך אַ באַמערק.

— יאָ, — זאָגט ער, — אַ פיינע לעידי.

אַ טראָק קומט אָן. דער פריינטלעכער מר. וויליאַם א. פלאָו קומט מיך אָפּנעמען. ער איז היינט זייער פאַרנומען. עס איז ערב קריסט־מעס. ער דאַרף זען, אַז עס זאָלן צוגעגרייט ווערן גענוג ביימער צו פאַרקויפן. דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט, אַ חוץ דעם דזשאָב אין ווייסן הויז, אַ שטיקל זייטיקע פּרנסה אויך. ער לאָזט וואַקסן ביימער אויף זיין מאַיאָנטעק, נאָכדעם פאַרקויפט ער זיי. היינטיקן קריסטמעס, דערציילט מיר מר. פלאָו, וועלן פאַר־קויפט ווערן אַרום דריי טויזנט אַזעלכע ביימער. ווער עס האָט אַ ידיעה אין די דאָזיקע זאַכן, דער וועט מסתמא וויסן וויפיל איבעריקע הכנסה עס וועט אַריינטראָגן דעם פּרעזידענט. מען וועט דאַרפן אַכ־טונג געבן אויף זיין אינקאָם־טעקס. אָבער דאָס וועלן מיר שוין מוזן לאָזן צו מר. מאָרגענטהאו, וועלכער איז דעם פּרעזידענטס אַ טאָפּלטער שכן: אין ווייסן הויז און אין דאַטשעס קאַונטי. ער וועט שוין מוזן האַלטן אַן אויג.

מיר זענען אויפן הייד פּאַרקער בית עולם. איך האָב געוואָלט זען דאָס רוזוועלט פאַמיליע-ווינקל דאָרטן. אַ קבר דערציילט אַמאָל אַ סך זאַכן. אַ מצבה דעקט אַמאָל אויף אַזעלכע פאַרבאָרגענע ווינקלען פון לעבן, וואָס דאָס לעבן גופא טוט עס נישט. איך האָב געוואָלט זען דעם קבר פון דעם פּרעזידענטס פאָטער. האָט ער דאָך איבער־געלאָזט אַזאַ גוטן נאָמען אין שטאָט. איז ער דאָך געווען אַזאַ ווירקנ־דיקער כח אין דעם קומענדיקן פּרעזידענטס ערשטע יאָרן. האָט דאָך זיין זון פרענקלין געירשנט (זאָגט מען מיר) זיין גוטמוט און זיין ווירדע; זיין ליבעראַליזם און זיין דיסטאַנץ פון מענטשן מיט וועלכע ער וויל נישט האָבן צופיל צו טאָן.

אַ גרויסער מירמלשטיינערנער קבר, לויט דער מאָס פון פאַר־שטאָרבענעמס גרויסן וואוקס. אַ פּשוטע אויפשריפט, אין דער רוז־וועלט־טראַדיציע: פרידן. נאָך אַן אויפשריפט וואָס זאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן דעם 16־טן יולי, 1828, און איז געשטאָרבן דעם 8־טן דעצעמבער, 1900.

דערלעבן איז דער קבר פון זיין ערשטער פרוי, רעבעקאַ, וועלכע איז געשטאָרבן דעם 21־טן אויגוסט, 1876. אַן אויפשריפט אויפן קבר זאָגט: רו. נאָך אַ קבר פון אונזער פּרעזידענטס שטיפברודער, דזשעימס ר. רוזוועלט, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1927. און אָט איז דער פרישער קבר פון דעם פּרעזידענטס באַליבטער מוטער, סערא דעלאַנא רוזוועלט. דער אויפשריפט אויף דער מצבה זאָגט, אַז זי איז געבוירן געוואָרן דעם 21־טן סעפּטעמבער, 1854, און איז געשטאָרבן דעם 7־טן סעפּטעמבער, 1941. זי האָט, הייסט עס, אריינ־געלעבט קיילעכדיקע 87 יאָר. זי איז אַוועק פון דער וועלט אַ זאַטע און צופרידענע מיט דער העכסטער מוטערלעכער פרייד פון איר איינ־ציקן זון. קוקנדיק אויף די דאָזיקע קברים פאַלט, נישט ווילנדיק, איין אַ געדאַנק, אַז ביידע ווייבער פון דעם פּרעזידענטס פאָטער האָבן געטראָגן ביבלישע נעמען: רבקה און שרה. דערצו נאָך נעמען פון אונזערע מאַמעס.

צום מערסטן האָט מיך פאַראינטריגירט דאָס קליינע קברל פון פרענקלין דזשוניאָר. פון זינט איך האָב געלייענט מרס. עלינאָר רוז־וועלטס באַשרייבונג אין איר אויטאָביאָגראַפיע ווי דער ערשטער פרענקלין דזשוניאָר איז באַערדיקט געוואָרן אין אַ ווינטערדיקן טאָג, און ווי אַלע זענען נאָכדעם אַוועק און האָבן אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין אין דער ביטערער קעלט, האָב איך געהאַט אַ פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג אָנצוקוקן דאָס דאָזיקע פּלאַץ. איז אָט שטיי איך דאָ דער־לעבן. אַ קליין קברל, אַ קליין שטיינדל. אַרום און אַרום איז באַוואַקסן

מיט גראָז. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מענטש איז דאָ אונטערגעגאַנגען פאַר דער צייט. ניין, מען טאָר נישט לעסטערן. עס איז נישטאָ קיין פאַר דער צייט. גאָט און זיין משפט איז גערעכט. מען דאַרף אָננעמען זאַכן פאַר ליב און גוט. גאָט גיט און גאָט נעמט. "פאַר אַוו סאָטש איז די קינגדאם אָוו העווען!" (ווייל אַזעלכע נשמות פילן אָן דאָס קעניג־רייך פון גן עדן).

איך רעד מיט מר. בען האבעלאנד. ער איז דער עלטסטער תושב אין הייד פאַרק. העכער אַכציק יאָר איז ער אַלט. וואו, מיינט איר, האָב איך אים געטראָפן? אין בעט? הינטערן אויוון זיך וואַרימען? "ער איז ערגעץ אויפן פעלד", האָט אונז געענטפערט אַ מיטליאָריקע פרוי, ווען מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— איז דאָס מר. האבעלאנדס פרוי? — פרעג איך מיין באַגלייטער, מר. וויליאם פלאָו.

— ניין, — ענטפערט ער, — זי איז זיין טאָכטער.

דער וועג וואָס האָט געפירט "ערגעץ אויפן פעלד" איז נישט געווען פון די לייכטע. באַזונדערס דאַן, ווען מיר האָבן שוין דערגרייכט דאָס פעלד פון די ריבן. די ערד איז געווען פייכט און זאַפּטיק און מיינע שטאָטישע שיך האָבן זיך געפילט אין דער דאַזיקער פרעמדער ערד ווי פאַרבלאָנדזשעטע שבטים.

— אָט איז ער! — ווייזט מיר מר. פלאָו אָן אויף אַ מאַן אַ פינף־און־צוואַנציק שפאַן פון אונז, שטייענדיק פאַרטיפט אין דער עבודה פון רייסן ריבן פון דער ערד און וואַרפן זיי אין איין ריכטונג אריין.

איך האָב זיך געריכט צו טרעפן אַן אַלטן־אַלטן מאַן, אַן איינגעבויגענעם אונטער דער משא פון יאָרן. איך בין אָבער געוואָרן אַנגענעם אַנטוישט, ווען פאַר מיינע אויגן האָט זיך אויסגעגלייכט אַ פיגור וואָס האָט אויסגעזען איינגער ווי עלטער. ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַן אָנגערויטיקט, פאַרווינטיקט פנים וואָס מער ווי זעכציק יאָר וואָלט מען עס נישט געקאָנט געבן.

— דאָס איז מר. פאָרעם פון ניו יאָרק, — שטעלט מיך פאָר מר. פלאָו — ער וואָלט אייך געוואָלט שטעלן אַ פּאָר פראַגעס וועגן פּרעזידענט. ער שרייבט אַ בוך וועגן אים.

— אַזוי? — זאָגט מר. האבעלאנד מיט אַ לייכטן הומאָר אין זיין קול און ער ווישט זיך דעם פעלד־טוי פון זיין פנים מיט אַן אַרבל פון זיין קורץ פעלצל. ער קאָן נישט ווישן דאָס פנים מיט דער הוילער האַנט, ווייל זי איז פאַרבלאָטיקט פון דער ערד. — אַזוי, ער שרייבט אַ בוך וועגן פּרעזידענט? וואָס־זשע קאָן איך טאָן וועגן דעם?

מיר פאַרשטייען, אַז ער טרייבט עס אזוי קאַטאָוועס, דער מר. בען האבעלאנד. און ער אַליין ווייסט אויך, אַז מיר פאַרשטייען עס. די שטימונג איז אַ לייכטע און אַ פריינטלעכע. עס געדויערט טאַקע נישט לאַנג און מר. האבעלאנד הויבט אָן רעדן. יאָ, ער קען שוין דעם פרעזידענט און די גאַנצע רוזוועלט־פאַמיליע מכמה יאָרן. ער געדענקט נאָך דעם איצטיקן פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַלס קליין אינגל. אַוודאי געדענקט ער דעם עלטערן רוזוועלט. אַ פיינער דזשענטלמאַן געווען. ער רעדט דאָס אַרויס מיט רעספּעקט און זיין פּנים ווערט דערביי אַ סך ערנסטער ווי אין אָנהויב פון אונזער שמועס.

צווישן אַנדערע זאַכן דערציילט מיר מר. בען האבעלאַנד אַן אינ־טערעסאַנטן עפּיזאָד וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן. עס איז געווען באַלד נאָכדעם ווען פרענקלין ד. רוזוועלט איז געפאַלן אַ קרבן פון דער שרעקלעכער קראַנקהייט פון אינפענטאַיל פּאַראַליזיס. רוז־וועלט האָט זיך, ווייזט אויס, שוין געהאַט מיאש געווען סיי אין פּאָ־ליטיק, סיי אין וועלכער נישט איז געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין אַלגעמיין. האָט ער, ווי עס איז צו זען, געפּלאַנט צו ווידמען זיינע איבעריקע יאָרן צו ליטעראַטור. ניין, ער האָט נישט געוואָלט שרייבן קיין ראָמאַנען און קיין דראַמעס. וואָס ער האָט יאָ געהאַט באַשלאָסן איז אָנצושרייבן די געשיכטע פון זיין היים, פון זיין געבוירן־אָרט הייד פּאַרק. ער האָט שוין פאַר דעם צוועק אפילו געהאַט אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן.

איינמאָל, דערציילט מיר מר. האבעלאנד, איז צו זיין הויז צו־געפאָרן אַן אויטאָמאָביל. עס איז פון אים אַרויסגעשטיגן מרס. עלינאָר רוזוועלט. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר און אים געבעטן אַרויסקומען. אינעם אויטאָמאָביל איז געזעסן מר. פרענקלין ד. רוז־וועלט. ער האָט אים דערציילט וועגן זיין פּלאַן פון שרייבן אַ בוך פון הייד פּאַרק און ער האָט געוואָלט, אַז ער, מר. בען האבעלאנד, זאָל אים באַהילפיק זיין אין דעם מיט זכרונות.

פון יענעם פּראָיעקט איז גאָרנישט געוואָרן. פרענקלין ד. רוז־וועלט האָט זיך גענומען שרייבן אַ גרעסערן בוך — אַ בוך פון דער וועלט. אָבער זיינע הייד פּאַרקער לאַנדסלייט מעגן פונדעסטוועגן אָפּ־שאַצן וואָס ער האָט געוואָלט טאָן. עס איז געווען אַ שיינער און באַ־שיידענער פאַרלאַנג צו וועלן פאַראייביקן זיין שטעטל; צו וועלן זיך צופרידנשטעלן מיט אַזאַ קליין ווינקל פון דער גרויסער און ברייטער וועלט וואָס דער דאַמאָלסדיקער רוזוועלט האָט שוין געהאַט באַרירט.

די פּרענקלין ד. רוזוועלט ביבליאָטעק אין הייד פּאַרק איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך. צוליב מאנגל אין צייט האָב איך נישט געקאָנט זען אַלץ וואָס איז ווערט צו זען דאָרטן און וואָס מען קאָן שוין זען. עס איז אַ פּראכטפולע געביידע וואָס פאַרנעמט זעכצן אַקער לאַנד. דאָס לאַנד איז אַוועקגעגעבן געוואָרן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן פריי — אַ מתנה פון דעם ערשטן בירגער, פּרענקלין ד. רוזוועלט. אין עטלעכע יאָר ארום וועט דאָס דאָזיקע פּלאַץ זיין אַן אוצר־דיקער קוואל פון אינפאָרמאציע פאַר אַלע רוזוועלט־פאָרשער. פאַר דעם ביסל וויסן וואָס איך האָב דאָרטן געקראָגן דאַנק איך דאָ דעם סימפּאַטישן דזשענטלמאַן, מר. אי. ב. ניקסאָן, איינעם פון די ארכיוויסטן פון דער פּרענקלין ד. רוזוועלט ביבליאָטעק פון הייד פּאַרק.

איך וועל לאַנג געדענקען מיינע צוויי רייזעס אין הייד פּאַרק, באַזונדערס דעם באַזוך אין דעם פּרעזידענטס היים. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט די ספּעציעלע איינריכטונג פון די טרעפּ דורך וועלכע דער פּרעזידענט פאָרט ארונטער אויף זיין שטול. וואָס פאַר אַ געבענטשטן כאראקטער דער מענטש מוז עס האָבן דאָס אַלץ צו קאָנען פאַרזען; צו קאָנען פאַרקוקן דאָס וואָס וואָלט אַן אַנדערן אָפּגעשניטן אַלע פליגל — אי פון דער פאַנטאַזיע, אי פון דעם גאַנצן לעבן.

# רוזוועלטס ערשטער פרעזידענט קאַמפּעין

עס איז 1932. פרענקלין ד. רוזוועלט איז גאָווערנאָר פון ניו יאָרק סטעיט. אויסער דעם, איז ער נאָמינירט פון זיין פּאַרטיי צו זיין דער פרעזידענט־קאנדידאט פון די פּאַראייניקטע שטאַטן. ער איז אין דעם בליענדיקסטן צושטאַנד פון זיין לעבן און אויף דעם העכסטן שטאפּל פון זיין פּאָליטישער לייטער. אפילו זיין געזונט־צושטאַנד איז אַ גוטער, נישט געקוקט אויף דער שווערער און געפערלעכער קראנקהייט וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

עס איז זומער און זיין געמיט איז זוניק און יום טובדיק. אויב אַלץ וועט גיין ווי זיין אפּטימיסטישער קוק זאָגט אים, וועט ער אינגיכן זיין דער פרעזידענט פון דעם רייכסטן לאַנד אין דער וועלט. ער וועט האָבן דערגרייכט דאָס וועגן וועלכן טויזנטער חלומען און בלויז איינצלנע דערגרייכן. האָט ער, אין אָט דעם יום טוב׳דיקער שטימונג זיינער, באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע אויף זיין יאַכטע "מיטה 2". צוזאַמען מיט אים געפינען זיך אויף דער שיף זיינע דריי זין, וועלכע ער באַווייזט מיט טאַטעשן שטאָלץ זיין געשיקטקייט צו קירעווען אַ שיף. די זין באַוואונדערן זייער פּאָטער. זיין רעפּוטאציע ביי זיי איז סיי ווי אַ געזיכערטע. לויט זיי, איז מסתמא נישטאָ קיין זאַך וואָס דער פּאָטער וואָלט נישט געקאָנט מייסטערן.

אויף דער שיף זענען פאַראַן נאָך געסט. פרענקלין ד. רוזוועלט האָט ליב געזעלשאַפט. זיין כאראקטער, זיין באַנעמונג, זיין הומאָר, זיין גאַנצע פּשוטע דעמאָקראַטישע האַלטונג, ציט־צו מענטשן. איז מען פריילעך און אויפגעלייגט. מען רעדט נישט קיין פּאָליטיק. די שטימונג און דאָס וועטער זענען צו־יום טובדיק. מען וויל עס נישט קאַליע מאַכן.

נאָר אָט קומט אָן אַ ידיעה. דער גאָווערנאָר מוז קומען קיין אַלבאַני. אַ וויכטיקער ענין איז אויפגעקומען. עס האַנדלט זיך וועגן דעם מעיאָר

פון דער שטאָט ניו יאָרק, קעגן וועמען עס זענען אריינגעטראָגן גע־וואָרן ערנסטע קלאַגעס.

דעם גאָווערנאָרס אָפּרו איז געשטערט. די גאַנצע זאַך איז אים נישט צום האַרץ. האָט עס געמוזט פּאַסירן דוקא איצטער, ווען ער געפינט זיך אויף זיין אָפּרו? איצטער, ווען ער זאמלט כחות און ענערגיע פאַר זיין פּרעזידענטישן קאַמפּעין? און בכלל: צו וואָס האָט מען געדאַרפט צעפּויקן דעם ענין? איז ער דען אזוי ערנסט? איז עס נישט אַמאָל אַ שפּיל אין פּאָליטיק פון לאָקאַלע פּאָליטישע קעגנער?

עפּעס איז גאָווערנאָר רוזוועלט יאָ באַקאַנט מיט דעם ענין. אָבער קיין צופיל אויפמערקזאמקייט האָט ער אים נישט געשענקט. ער האָט געדענקט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ מוניציפּאַלע פּראַגע, אַ שטאָט־סכסוך, וואָס וועט זיך מיט דער צייט אויסגלייכן צווישן די שטרייטנ־דיקע צדדים.

גאָווערנאָר רוזוועלט קען דעם מעיאָר פון ניו יאָרק. אַ פריילעכער, גוטמוטיקער און, דאַכט זיך, סימפּאַטישער מענטש. קאָן ער זיך אריינ־פּאַסן אין די קלאַגעס וואָס זענען קעגן אים געמאַכט געוואָרן? שווער צו גלויבן. אָבער דער מאַן, וועלכער האָט די קלאַגעס אריינגעטראָגן, סעמועל סיבערי, איז נישט אבי־ווער. ער איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכער בירגער און אַ יוריסט מיט אַ פיינער רעפּוטאַציע.

וואָס־זשע קאָן דאָ זיין?

פרענקלין ד. רוזוועלטס פּנים וואָלקנט זיך אונטערן פרייען, קלאָרן הימל. זיינע זין און זיינע פריינט זענען באַזאָרגט. "ס'איז אָלרייט, פּאַ . . . " — פּרואוון אים טרייסטן די קינדער. "דהאַט"ס רייט, פרענקלין" — העלפן אונטער די פריינט. אָבער עס העלפט נישט. מען מוז פאַרקירעווען די יאַכטע. מען מוז צוריקפאָרן קיין אלבאַני, קיין ניו יאָרק. סוף כל סוף איז ער דער "טשיף" פונם סטעיט. ער מוז זען, אַז "דאָס הויז" זאָל זיין אין אָרדנונג.

רוזוועלט איז שוין אין ניו יאָרק, אין אלבאַני. וואָס טוט זיך? די קלאַגעס זענען ערנסטער ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. דער קאַמף פלאַקערט. עס איז שוין ווייט אריבער די גרעניצן פון דער שטאָט ניו יאָרק. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלן ענין. עפּעס דאַרף געטאָן ווערן וועגן דעם.

ער וואַרפט זיך אריין אין דער ארבעט צו שטודירן די "קעיס". עס ווערט אים טרויעריק אויפן האַרץ. דער מעיאָר פון ניו יאָרק ווערט באַשולדיקט אין נעמען געלט (זעקס־און־צוואַנציק טויזנט דאָ־

לאַר) פון אַ קאָמפּאַניע וואָס באַטרייבט טעקסיס. ער ווערט אָנגע־קלאָגט, אַז זיין אַגענט האָט גענומען צוויי־און־צוואַנציק טויזנט דאָלאַר פון נאָך אַ קאָמפּאַני. ער ווערט אָנגעקלאָגט, אַז ער זאָל האָבן גענומען געלט פון אַ פּאַרלעגער, און פון אַנדערע . . . די קלאַגעס זענען שווערע, ערנסטע. עס איז אַ פלעק אויף דער שטאָט ניו יאָרק, אויפן סטעיט ניו יאָרק און אויף דער גאַנצער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — אויף דער זעלבער פּאַרטיי, וועלכע האָט אים, רוזוועלטן, איצט ארויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט.

ווי אַזוי זאָל ער האַנדלען? די פּאַרטיי, פון וועלכער ער און דזשעימס דזשעי וואָקער זענען מיטגלידער, שעמט זיך. פאַר איר וואָלט, נאַטירלעך, געווען געזינטער צו פאַרשטיקן דעם גאַנצן עסק. ווי קאָן זי נעמען אויף זיך אַזאַ פלעק? באַזונדערס אין יאָר פון נאַצ־יאָנאַלע וואַלן? רוזוועלט, אַלס גוטער פּאַרטיי־מאַן, וואָלט אויך גע־דאַרפט האָבן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. ער האָט גאָרנישט צו גע־ווינען פון אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל און כמעט אַלצדינג צו פאַרלירן. סוף כל סוף איז רוזוועלט אין פּאָליטיק און ער מוז מעסטן זאַכן מיט אַ פּאָליטישער מאָס. בפרט אין אַזאַ יאָר, ווען זיין אייגענע פּאָליטישע קאַריערע קאָן געבויט אָדער געבראָכן ווערן פון איין פאַלשן גאַנג. פאַרמאַכט זיך גאָווערנאָר פרענקלין ד. רוזוועלט ביי זיך אין צימער און ער הויבט אָן מאַכן אַ חשבון הנפש:

אָנגענומען, אַז דער ניו יאָרקער מעיאָר איז שולדיק אין אַלע אָדער אין אַ טייל קלאַגעס וואָס זענען קעגן אים ארויסגעשטעלט געוואָרן. דאַן מוז מען אומבאַדינגט אונטערזוכן די זאַך. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. וואָקער איז דער העכסטער באַאַמטער פון דער גרעסטער שטאָט אין לאַנד. ער טאָר נישט שאַפן קיין שלעכטן ביישפּיל פאַר אַנדערע. ער האָט גענומען אַ שבועה, פּונקט ווי ער, רוזוועלט אַליין, אַז ער וועט אָפּהיטן זיינע פליכטן צו זיינע בירגער, וועלכע האָבן אים דערוויילט, ערלעך און געטריי. ער האָט געשוואוירן נישט אויס־צוניצן זיין הויכן אַמט קעגן זיינע מיטבירגער, וועלכע האָבן אים אָט דעם הויכן אַמט געגעבן. וועט ער די דאָזיקע שבועה ברעכן? עס גלויבט זיך נישט. אויב, ווידער, ער איז אומשולדיק, און אָט די קלאַגעס קעגן אים זענען, ווי דער מעיאָר פון ניו יאָרק זאָגט, אויס־געטראַכט און ביליק, כדי צו שטערן זיין פּאָליטישע רעפּוטאַציע, איז דאָך אַן אויספאָרשונג וועגן דעם אַוודאי נויטיק.

שרייבט גאָווערנאָר רוזוועלט אָפּ אַ בריוו צום ניו יאָרקער מעיאָר. „טייערער דזשימי,” שרייבט ער אים, „אַזוי ווי די קלאַגעס קעגן דיר

זענען אוודאי אויסגעטראכטע, פאַרוואָס נישט דערלויבן קיין עפנט־לעכע אונטערזוכונג? דו, וואָס ביסט אומשולדיק, קאָנסט דאָך נאָר געווינען פון אַזאַ אונטערזוכונג . . .״

אָבער ״דזשימי״ וואָקער וויל נישט קיין אונטערזוכונג. ער וויל נישט קיין אויספאָרשונג. עס איז קעגן זיין ווירדע, זאָגט ער. עס איז קעגן דער ווירדע פון דער שטאָט ניו יאָרק. עס איז קעגן דער ווירדע פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אַ מעיאָרס אַ וואָרט דאַרף זיין געבוט. אויב אַ מעיאָר זאָגט, אַז די קלאַגעס קעגן אים זענען בייז־וויליק און האָבן נישט קיין באָדן הינטער זיך, דאַרף מען אים גלויבן אויפן וואָרט.

גאָווערנאָר רוזוועלט איז געפּלעפּט. ער, דער אריסטאָקראַט, וועל־כער האָט נישט געמאַכט זיין פּאָליטישע קאַריערע אויף טומלדיקע פּאַרטיי מיטינגען און אָנגערויכערטע פּאַרטיי־קאָקוסן, קאָן נישט באַ־נעמען אַזעלכע רייד. ער, וועלכער האָט באַטראַכט פּאָליטיק גיכער אַלס אַ קונסט איידער אַלס אַ קאַריערע, האָט נישט געקאָנט ארונטערשלינגען אַזאַ ציניש באַנעמונג פון אַ פאָלקספאָרטרעטער פון אַזאַ פריי לאַנד, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע. האָט ער זיך אוועקגעזעצט און אָפּגעשריבן וואָקערן אַ בריוו. אָט איז איין שטעל פון דעם בריוו:

״קיין מענטש טאָר נישט אָנהאַלטן קיין עפנטלעכן אַמט, ווען ער מיינט, אַז דער דאָזיקער אַמט גיט אים די פּריווילעגיע אַלצדינג צו טאָן און מען טאָר אים אפילו נישט קריטיקירן דערפאַר (נאָ מען שוד האָלד פּאָבליק אָפיס ענד ריפיוז טו וועיוו אימיוניטי וויט ריספעקט טו היס פּאָבליק עקטס).״

אַז דאָס איז ביי רוזוועלטן נישט קיין פוסטע פראַזע, האָט ער באַ־וויזן מיט מעשים. ווען עס האָבן זיך צו אים דערטראָגן קלאַנגען (פאַרשפּרייט דורך זיינע רעפּובליקאַנישע קעגנער), אַז מען רעדט כלומרשט, אַז ער איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעהיילט פון זיין קראַנק־הייט און אַז ער וועט דעריבער נישט זיין אימשטאַנד נאָכצוקומען די פליכטן וואָס אַזאַ אַמט, ווי פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פאָדערט, האָט ער געמאַכט אַן עפנטלעכע דערקלערונג, אַז ער איז גרייט צו לאָזן זיך אונטערזוכן פיזיש פון וועלכן נישט איז דאָקטאָר וואָס זיינע קעגנער וועלן אויסקלויבן. אַלע דאָקטוירים האָבן רוז־וועלטן געפונען פולשטענדיק געזונט און זיינע קעגנער האָבן געמוזט אויפהערן דעם מורמל־קאַמפּעין קעגן אים.

דעריבער איז זיין שטעלונג צו וואָקערן געווען אַזאַ שטרענגע אויב ער האָט פריער געוואָלט בלויז אַן אויספאָרשונג כדי ריינצו־

וואָשן דעם ניו יאָרקער מעיאָר, וועלכער האָט, לויט רוזוועלטס באַגריף פון ערלעכקייט, נישט געקאָנט זיין שולדיק אין אָט־די אַלע קלאָגעס וואָס זענען אויף אים ארויפגעלייגט געוואָרן, האָט ער שפּעטער אָנגע־הויבן טראַכטן אַנדערש. ווען איינער, וועלכער האַלט זיך העכער פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, וויל פונדעסטוועגן דאָך שטיין אין שפּיץ פון דער געזעלשאַפט, — אַזאַ איינער הויבט אָן ווערן פאַרדעכטיק נאָך איידער עס ווערט קלאָר, צי ער איז שולדיק אין געוויסע קלאָגעס, צי נישט.

דער פאַרהער אין אלבאני, אין גאָווערנאָרס מענשאָן, איז געווען איינער פון די דראַמאַטישסטע מאָמענטן סיי פאַר רוזוועלטן, סיי פאַר וואָקערן און סיי פאַר דעם אָריגינעלן אָנקלאָגער, סעמועל סיבערי. אויך די צוהערער זענען געווען געשפּאַנט. יעדנס נערוון זענען געווען אָנ־געצויגן ביז גאָר. עס איז געשטאַנען אין קאָן נישט נאָר וואָקערס פּערזענלעכער פּרעסטיזש און זיין פּאָליטישע קאַריערע, נאָר דער פּרעסטיזש און דער נאָמען פון דער שטאָט ניו יאָרק, פון דעם סטעיט ניו יאָרק, פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. עס איז געשטאַנען אין ריזיקע דער גוטער נאָמען פון אַ פּראָמינענטן יוריסט, אַ גוטן בירגער, ווי סעמועל סיבערי. עס איז געשטאַנען אין קאָן רוזוועלטס פּרעסטיזש אַלס גאָווערנאָר, רוזוועלטס פּרעסטיזש אַלס שופט, אַלס פאַרשטייער פון מענטשן, אַלס טשעמפּיאָן פאַרן אמת, אַלס פאַרטיידיקער פון ער־לעכער רעגירונג־סיסטעם. דער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אומגעהויער אַ סך געהאַט צו פאַרלירן פון דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל אין אלבאני, אין דער אָנוועזנקייט פון צייַ־טונג־פאַרשטייער פונם גאַנצן לאַנד. עס האָט זיך געפאָדערט מוט, אַנטשלאָסנקייט און אַ שטאַרקן כאַראַקטער פון אַ רוזוועלט צו באַ־שטיין אויף דעם פאַרהער קעגן דער וואָרנונג פון אַ טייל פון די מעכ־טיקע פירער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן אַזאַ חרפּה אין זייערע רייען נישט געקאָנט דערלויבן. טייל, פון די ווייניקער פאַראַנטוואָרטלעכע פירער, האָבן רוזוועלטן פּשוט געסטראַשעט, אַז זיי וועלן זיך מיט אים אָפּרעכענען ביי די קומענדיקע וואַלן.

וואָס דאָס האָט געמיינט, איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין. און רוזוועלט האָט פאַרשטאַנען. זיינע פריינט און ראטגעבער האָבן פאַרשטאַנען. טייל האָבן אים טאַקע געוואָלט אָפּרעדן פונם גאַנצן עסק. זיי האָבן אים געעצהט, אַז ער זאָל איבערוואַרטן ביז נאָך די וואַלן. טייל האָבן אים געסטראַשעט — די פון וואָקערס צד, פאַרשטייט זיך. אָבער רוזוועלט, צוהערנדיק זיך צו אַלע רייד, וואָרנונגען און סטראַ־שונקעס, איז געבליבן ביי זיין באַשלוס: דורכצופירן מיטן פאַרהער.

ער האָט נישט געזען קיין אַנדערן אויסוועג. עס וועט אים ברענגען שאָדן? איז וואָס? אָבער ער מוז טאָן זיין פליכט — די פליכט אַלס גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, די פליכט אַלס דער ערשטער בירגער פונם סטעיט, די פליכט, אפשר, אַלס דער ערשטער בירגער פון לאַנד.

— וואָס איז מיין פּערזענלעכע קאַריערע אין פאַרגלייך מיט דעם וואוילזיין פון מיליאָנען בירגער? וואָס פאַר אַ רעכט וואָלט איך גע־האָט צו וועלן זיין דער פאַרטרעטער פון מיליאָנען, ווען איך זאָל זיין גלייכגילטיק צו זייערע אינטערעסן? וואָלט איך געבליבן געטריי מיין שבועה אַלס גאָווערנאָר, ווען איך באַצי זיך מיט גרינגשעצונג צו די בירגער פונם סטעיט? וואָלט איך מיט אַ ריין געוויסן געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן מיינע מיטבירגער און זיי אויפפאָדערן צו שטימען פאַר מיר אַלס פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען איך נעם זיך נישט אָן זייערע קריוודעס אין אַ צייט, ווען מען דאַרף עס טאָן? . . .

— נאָכאַלעמען, ווער בין איך עס אַזוינס, אַז איך זאָל שטעלן מיינע פּערזענלעכע אינטערעסן העכער ווי די אינטערעסן פונם פאָלק? האָט דען דאָס פאָלק מיך נישט גרויס געמאַכט? האָט עס מיר נישט גע־געבן אַן אָנהאַלט און אַן אינהאַלט אין לעבן? אָן דעם גוטן ווילן, אָן דעם וואונדערבארן צוטרוי, וואָס דאָס פאָלק האָט מיר געשענקט, וואָס וואָלט איך, פרענקלין ד. רוזוועלט, געווען? וועמען וואָלט איך רעפּרעזענטירט? אין וועמעס נאָמען וואָלט איך געקאָנט שטיין אויף די פּלאַטפאָרמעס און קעמפן פאַר שיינקייט, פאַר ערלעכקייט, פאַר פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלעמען אין אונזער געזעלשאַפט? האָב איך אַ רעכט צו זיין ציניש צום פאָלק וואָס האָט אַזאַ צוטרוי צו מיר? מעג איך גאָר אויף איין מאָמענט טראַכטן, אַז איך מעג קלעטערן אויף דער פּאָליטישער לייטער וואָס דאָס פאָלק האָט מיר אונטערגעשטעלט און פאַרגעסן אין דעם? . . .

— און ווער איז דזשימי וואָקער וואָס דערלויבט זיך אָפּצושפּעטן פון דעם פאָלקס הייליקסטע געפילן? און ווער זענען די אַנדערע וואָס מיינען, אַז אַזוי גיך ווי מען כאַפּט זיך ארויף אויף דעם פאָלקס רוקן קאָן מען שוין רואיק זיצן אויף אים און רויכערן אַ ציגאַר? ניין, נישט איך, פרענקלין ד. רוזוועלט. איך בין געוואָרן סטעיט סענאַטאָר, ווייל דאָס פאָלק האָט אַזוי געוואָלט. איך בין געוואָרן גאָווערנאָר פון דעם גרעסטן שטאַט אין דער יוניאָן, ווייל די בירגער פון ניו יאָרק האָבן אַזוי געוואָלט. איך וועל ווערן פּרעזידענט פון אונזער לאַנד, אויב די בירגער וועלן דאָס וועלן. דעריבער מוז איך זיין מיט די בירגער — שטענדיק און אַלעמאָל. אויב מעיאָר וואָקער איז אומשולדיק, וועל

איך זיין צופרידן. אויב נישט, טאָר ער קיין מעיאָר נישט זיין קיין איינציקן טאָג. די אינטערעסן פונם פאָלק זאָלן באַשיצט ווערן אונטער אַלע אומשטענדן. ווייל דאָס פאָלק איז דאָס ליכט צו אַלע אונזערע אויפטואונגען און דערגרייכונגען. דאָס פאָלק איז די אינספּיראַציע צו אונזער שטייגן און די פרוכט פון אונזער טאַלאַנט, דער פונק צו דעם פלאַם וואָס טליעט פאַרבאָרגן אין אונזערע נשמות. ווען נישט דאָס פאָלק וואָלטן מיר געווען קליינע און אומוויכטיקע אינדיווידן, אָן פליגל און אָן אמביציע...

אזוי האָט דאַן געטראַכט גאָווערנאָר רוזוועלט. און מיט אַ ריין געוויסן איז ער צוגעטראָטן צום פאַרהער. ער האָט זיך געהאַלטן שיין און ווי אַ דזשענטלמאַן. אויף דעם האָבן עדות געזאָגט אַלע פאַרטרעטער פון דער פּרעסע. צום באַדויערן, האָט מען נישט געקאָנט זאָגן דאָס זעלבע וועגן אָנגעקלאָגטן. עס איז אים נאָך אַלץ נישט אָנגעשטאַנען דער עסק פון זיין אין דער לאַגע אין וועלכער ער האָט זיך דאַן געפונען. דער בטבע גוטמוטיקער דזשימי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געקריוודעטער פּרימאַדאָנע, אין וועמעס פעאיקייטן אויסצוזינגען אַן אַריע מען הויבט אָן צווייפלען. ער איז געווען ביטער. ער האָט אָפן באַשולדיקט דעם גאָווערנאָר, אַז ער האָט זיך פאַרלייגט צו פאַרשוואַרצן אים דאָס פּנים, אַז ער, דער גאָווערנאָר, וויל בשום אופן נישט איינזען, אַז מען האָט אויסגעטראַכט אַ בלבול, ווייל מען איז מקנא זיין פּאָפּולאַריטעט ביי די מאַסן. יאָ, די מאַסן האָבן אים ליב. זיי באַוואַרפן אים מיט שמייכלען און מיט פרייַנטלעכע אויסרופן וואו נאָר ער גייט. צי מיינט ער, דער גאָווערנאר, אַז די מאַסן קאָן מען אזוי נאַרן? אַז ווען זיי דערפילן, אַז ער, דער מעיאָר זייערער, איז צו זיי נישט ערלעך, וואָלטן זיי אים ארויסגעוויזן אַזאַ ליבע?

עס איז געווען אַ שטאַרקער ארגומענט. ווייל עס איז געלעגן אַ סך אמת אין דעם מעיאָרס דערקלערונג. דער דורכשניטלעכער בירגער האָט טאַקע דזשימין ליב געהאַט. ער האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין פריילעכקייט, פאַר זיין פאָלקסטימלעכקייט, פאַר זיין הומאָר און פאַר זיין אָנטאָן זיך. "דער בעסט געקליידעטער מאַן אין לאַנד" — האָט מען אים גערופן. "אונזער דזשימי פאַרשעמט אונז נישט". "אונזער דזשימי" האָט געקאָנט זאָגן אַ וויץ, וואו מען האָט געדאַרפט — און אַ געלונגענעם וויץ דערצו. אַלץ אמת. "אונזער דזשימי" האָט זיך (יעדנפאַלס, אויבערפלעכלעך) געהאַלטן גוט מיטן פּשוטן פאָלק, גוט-ברודעריש, קאָן מען זאָגן. ער האָט זיך אויך נישט פאַרלוירן אין דער געזעלשאַפט פון גרויסע מענטשן. מיט זיין באַגרעניצטער בילדונג האָט ער זיך כמעט אַלעמאָל געקאָנט ארויס-

העלפן מיט אַן המצאה, מיט אַ בליציקער באַמערקונג, וואָס פלעגט אָפּט טרעפן אין פינטל אריין. דאָס פלעגט פאַרשטעלן זיין באַגרע־ניצטע מאָס וויסן אין העכערע פראַגן. ווען פראָפעסאָר אלבערט איינ־שטיין, צום ביישפיל, איז געקומען קיין אמעריקע און דזשימי וואָקער האָט אים אויפגענומען אין סיטי האָל, האָט ער, צווישן אנדערס, צו אים געזאָגט:

— דאָ האָט איר דעם שליסל צו דער שטאָט, פּראָפעסאָר — רעלאַטיוו גערעדט.

דאָס איז געווען טרעפלעך. עס האָט זיך דאַמאָלס אַ סך גע־רודערט ארום איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט, וואָס דזשימי וואָקער האָט מסתמא אָנגעכאַפּט ביי אַ שפּיץ האָר.

איז רוזוועלטן נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ער האָט געהאַט אַ שווערע נוס. ווען דזשימי איז געקומען קיין אלבאַני צום פאַרהער, האָט ער געקראָגן אַזאַ וואַרימען אויפנעם פון אַ גרויסן עולם אויפן וואקזאל, פונקט ווי ער וואָלט געקומען מיט דער גערעכטיקייט אין די קעשענעס; פונקט ווי ער וואָלט שוין געווען ריינגעוואַשן געוואָרן פון דעם "בלבול" וואָס מען האָט נעבאַך אויף אים ארויפגעוואָרפן.

שוין ביי יענע פאַרהערן האָט מען געקאָנט ארויסזען רוזוועלטס פאַרמירנדיקן כאַראַקטער — אַ כאַראַקטער פון אַן אומדערמידלעכן זוכער פונם אמת, ווי שווער דער וועג זאָל נישט זיין. שוין דאַמאָלס האָט ער באַוויזן (פאַר מענטשן וואָס האָבן געקאָנט זען), אַז מען קאָן אים נישט אָפּווענדן אויף קיין האַלבער צאָל פון דער ריכטונג אין וועלכער ער האָט באַשלאָסן צו גיין עפּעס אויסצוגעפינען. "מיין פליכט און מיין אויפגאַבע איז נישט ארויסצוגיין פון דאַנען ביז וואַנען די גאַנצע זאַך וועט מיר נישט זיין פולשטענדיק קלאָר" — האָט ער צו זיך געזאָגט. "וועל איך עמיצן ווייטאָן, איז פאַרפאַלן. בעסער ווי טאָן איינמאָל אַן איינציקן מענטשן איידער לאָזן די חולאת זיך פאַר־שפּרייטן און זי זאָל נאָך אָנשטעקן אַנדערע . . . "

ער איז אויפגעוועון נעכט. די ארבעט האָט געברענט אונטער זיינע הענט. די צייט האָט נאָך מער געברענט. אויף אים האָט גע־וואָרט אַ פּרעזידענטישער קאַמפּיין. דער גאַנצער אפּאַראַט פון זיין פּרעזידענטישן טור איז געשטאַנען גרייט. זיינע פריינט האָבן זיך געביסן די פינגער. די רעפּובליקאַנישע קעגנער זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן אויסגענוצט אַט דעם וואָקער סקאַנדאַל אין דער פולער מאָס. "אַט וואָס פאַרא פאַרטרעטער די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט!" — האָבן זיי אָנגע־וויזן אויף וואָקערן. און אויב זיי האָבן נישט געקאָנט אויסזוכן קיין

ענלעכע חטאים אויף רוזוועלטן, האָבן זיי, אויף אַ געשיקטן און פאַר־שטעלטן אופן, אָנגעדייט, אַז אויב עס איז מעגלעך אַ סקאנדאל אין די דעמאָקראַטישע רייען אויף אַזאַ גרויסן פאַרנעם, איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז די גאַנצע פאַרטיי איז נישט קאָמפּעטענט און נישט ראוי ארויסצושטעלן אַ פּאַסיקן קאנדידאט אַזש פאַר דער פרעזידענט־שטול, וואָס איז צוגעשניטן געוואָרן בלויז פאַר איין מענטשן — הוירבערט קלארק הואווער.

דער פאַרהער גופא איז געווען אָנגעפילט מיט אַ סך ברען־מאַ־טעריאַל. וואָקער האָט זיך געהאַלטן טראַציק און ארויסרופעריש. ער האָט זעלטן געענטפערט דירעקט אויף אַ פראַגע פון רוזוועלטן אָדער פון אַן אַנדערן אויספרעגער. רוזוועלט, פאַרקערט, האָט ארויסגע־וויזן די גרעסטע מאָס געדולד און די העכסטע טאָלעראַנץ צו וואָקערס אויסברוכן פון כעס און סארקאזם. עס איז נישט פאַרצייכנט קיין איינציקער פאַל, אַז רוזוועלט זאָל האָבן פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט אַלס הויפּט פון אַ סטעיט וואָס וויל ארויסברענגען דעם אמת אין אַ פאַרדריסלעכן, פאַרפלאָנטערטן ענין. ער האָט אַלע זיינע פראַגעס געשטעלט דירעקט, אָבער העפלעך, צום פונקט, אָן הינטער־פּיסלעך, אָן זייטיקע כוונות צו "כאַפּן" דעם קעגנער. ער האָט זיך בכלל נישט באַצויגן צו דזשימין ווי צו אַ קעגנער. וואָלט דער לעצטער נאָר געווען אויפגענומען דעם זעלבן טאָן וואָס רוזוועלט, וואָלט דער גאַנצער פאַרהער געווען אַ זאַכלעכער, אַ קאָלעגיאַלער, כמעט אַ פריינטלעכער. ווייל דאָס איז אבסאָלוט געווען דער טאָן וואָס גאָווערנאָר רוזוועלט האָט אָנגעשלאָגן. אלע צושויער, אַלע פאַרטרעטער פון דער פּרעסע, קאָנען דאָס באַשטעטיקן.

דאמאָלס האָט מען ערשט אָנגעהויבן צו דערקענען רוזוועלטן. אַלס גאָווערנאָר האָט מען אים נישט צופיל געקענט. עס איז געווען די צייט פון זיין הייל־פּעריאָד און ער האָט אַ סך צייט פאַרבראַכט אין וואָרם ספּרינגס, דזשאָרדזשיאַ. דאָ, ביים פאַרהער, האָט מען פאַר זיך דערזען אַ מאַן, ערשטנס, מיט אַ פיינער יורידישער געניטקייט. צוויי־טנס, האָט מען פאַר זיך דערזען אַ מענטש מיט אַ גוואַלדיקער מאָס פון געזעלשאַפטלעכער אחריות. ווייל קיינער האָט נישט פאַרמאַכט די אויגן אויף דעם פאַקט, אַז רוזוועלט האָט דעם פאַרהער אָנגעפירט קעגן דעם ווילן פון אַ טייל פאַרטיי־פירער, אין וועמעס הילף רוז־וועלט האָט זיך, נאַטירלעך, געניטיקט אָנצופירן דעם פרעזידענטישן קאמפּעין. און רוזוועלט האָט געוואָלט, אַז דער קאמפּעין זאָל זיין אַ דערפאָלג. ער האָט געוואָלט דערוויילט ווערן אַלס פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט וועגן דעם קיין סוד נישט געמאַכט.

דריטנס, איז עס געווען זיין גלויבן אין זיך — אפשר נישט אזוי פיל אין זיך, ווי אין דעם וואָס ער פאַרטיידיקט. פון די אַלע קליינע שטיקלעך און פראַגמענטן האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצושיילן דאָס מעכטיקע געשטאַלט פון דעם קומענדיקן מלחמה־פּרעזידענט. מען האָט אָנגעהויבן איינזען — באַגענטע אזוי גוט ווי זייטיקע — אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ מענטשן וואָס וועט קעמפן פאַר אמת און גע־רעכטיקייט אונטער אַלע אומשטענדן. אויסער דעם, איז קלאָר גע־וואָרן נאָך אַ זאַך: אַז ער וועט זיך נישט לאָזן פירן פון קיינעם; אַז ער וועט זיין אַ פּרעזידענט (אויב ער וועט דערווײלט ווערן) מיט אַן אייגענעם בליק אויף זאַכן, מיט אַן אייגענער אָריענטאַציע, מיט אַן אחריות צו דערפילן דאָס וואָס ער זאָגט־צו אין פאָראויס.

אזוי האָט רוזוועלט דאָן מער געוואונען איידער פאַרלוירן. ווייל נישט זייענדיק קיין נאַאיווער מענטש, האָט רוזוועלט שטילערהייט געוואוסט, אַז די וואָקער־קעיס גיט אים אַ סך שאנסן צו פאַרלירן. ער האָט זיך אָבער דערמיט נישט גערעכנט. און מיט דער דאָזיקער האַנדלונג האָט ער באַוויזן, אַז דער וואוילזיין פון דער שטאָט און פון דעם שטאַט ניו יאָרק איז ביי אים געשטאַנען העכער פון זיינע פּאָלי־טישע אינטערעסן. דערמיט האָט ער זיך איינגעקויפט אין ליבע פון די בירגער, אין רעספּעקט פון דער אמעריקאַנישער אינטעליגענץ און אפילו ביי זיינע פּאָליטישע קעגנער.

רוזוועלט איז פון דעם וואָקער־פאַרהער, וועלכער האָט זיך, אַגב, פאַרענדיקט מיט וואָקערס רעזיגנאַציע אַלס מעיאָר פון ניו יאָרק נאָך איידער די שולד אָדער אומשולד איז באַוויזן געוואָרן, אַרויס אַ געשטאַרקטער פּרעזידענט־קאַנדידאַט. ווען ער האָט, באַלד נאָכ־דעם, אָנגעהויבן זיין קאַמפּעין־טור איז ער אומעטום אויפגענומען גע־וואָרן מיט גוואַלדיקער ליבשאַפט און אנערקענונג. נאָך די ערשטע עטלעכע רעדעס זיינע איז ער אריין אין פאָלקס האַרץ — צו ניצן אַ מליצהשן אויסדרוק. "מיינע פריינט . . . " — אָט די דאָזיקע פראַזע וואָס איז אַרויסגערעדט געוואָרן מיט אזוי פיל עכטקייט און מיט אַזאַ וואַרימקייט איז אריינגעדרונגען אין די סאַמע טיפענישן פון די מאַסן. וואו ער איז געקומען, וואו ער האָט גערעדט, האָט ער זיך, בוכשטעבלעך, דערוואָרבן טויזנטער פריינט און סימפּאַטיקער. מען האָט געזען פאַר זיך אַ מאַן מיט אַן אָפן פּנים, מיט אַ שטענדיקן ברייטן שמייכל אויף די ליפּן, מיט אַ וואַרימער אויסשפּראַך. דער דאָזיקער מילדער און שמייכלענדיקער מאַן האָט געבראַכט צו די אנטוישטע און פאַרהונגערטע צוהערער (פאַרהונגערט נאָך אַ ניי וואָרט, אַ נייעם צוזאָג, אַ נייע האָפנונג) אַ קעמפערישן פּראָגראַם. "עס איז

נישטאָ קיין דזשאבס?״ — האָט ער געערעדט צו צענטליקער טויזנטער און הונדערטער טויזנטער מענער און פרויען — ״מיר וועלן קריגן דזשאבס פאַר איך.״ דאָס האָט גוואלדיק אימפּאָנירט. און דער עיקר — מען האָט אים געגלויבט. זיין האַלטונג, זיין טאָן, זיין גאַנצער מאַניער האָט ארויסגערופן דעם גרעסטן צוטרוי.

עס האָט רוזוועלטן דאַמאָלס צוגעשפּילט נאָך אַ זאַך. דער עולם איז שוין דאַמאָלס געווען מיד פון צוועלף יאָר רעפּובליקאַנישער אַד־מיניסטראַציע. דאָס האָט געמיינט צוועלף יאָר גאָרנישט טאָן, נאָר לאָזן אַלץ גיין ״נאָטירלעך״, ווי פּרעזידענט הואווער האָט פאַרשריבן. הואווער האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט רעכענען מיט די גע־ביטענע אומשטענדן — סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און טעכנישע. דאָס וואָס מען האָט נאָך געקאָנט טאָלערירן אונטער הארדינגן, האָט נישט געקאָנט טאָלערירט ווערן איצטער. דאָס וואָס עס איז כלומרשט גע־ווען גוט אונטער קולידזשן (אויטאָמאטיש גוט, אָן זיין פאַרדינסט), איז געווען אומנאַטירלעך אונטער דער געענדערטער לאַגע סיי אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד. אין אייראָפּע האָט זיך געגרייט אַ שטורעם, הואווערן האָט עס נישט געאַרט. ״עס איז בלויז אָן אייראָפּעאישער צוג צו ברענגען דאָס הויז אין אָרדנונג (מירילי עי יוראָפּיען מואוו טו פוט האוז אין אָרדער)״ — האָט ער געזאָגט. אפילו דער קלוגער סענאַטאָר באָראַה, דער פאָרזיצער פון דער אויסלאַנד־קאָמיסיע ביים סענאַט, האָט אויך געהאַלטן, אַז דאָס וואָס עס טוט זיך אין אייראָפּע איז נישט אונזער דאגה. רוזוועלט האָט אויף זיין ראַפּינירטן אָבער ענערגישן אופן דאָן געהאַמערט אויף אַט־דער קורצזיכטיקייט מצד די רעפּובליקאַנישע פירער. און דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק האָט ליב נייעס, האָט ליב אַ פייט, דערהויפּט — אַ פייטער. און אויב רוזוועלטס אויסלענדישער פּראָגראַם האָט נישט אַפּעלירט צו צופיל מענטשן (צוליב דער פּאָליטישער דערציאונג זייערער), האָט זיי אָבער אימפּאָנירט זיין שטאַנדהאַפטיקייט, די פרישקייט פון זיין אויפנעמען זאַכן, דער מוט זיינער פאַר ארויסקומען מיט זיינע אידייען אָפן און פריי. אַז צופיל פאַרלירן פון דער הואווער־אַדמיניסטראַציע האָט מען סיי ווי נישט געקאָנט, האָט דער אַמעריקאַנישער ווילער ביי זיך באַ־שלאָסן צו געבן אַ טשענס דעם נייעם קאַנדידאַט מיט דעם פריינטלעכן שמייכל אויפן פּנים, וואָס זאָגט־צו אפילו מער ווי זיינע רייד. דאָס איז געווען עכט־אַמעריקאַניש. ״גיוו די אָדהער פעלאָו עי ברעיק.״ בפרט ווען דער אַנדערער ״פעלאָו״ איז אַזאַ פריינטלעכער און מוטיקער מענטש, וועלכן מען קאָן, דאַכט זיך, געטרויען אויף זיינע צוזאָגן.

אַ מענטש מיט אַזאַ פעסטן כאַראַקטער קאָן מסתמא אויפטאָן זאַכן אויף דער וועלט.

ווייל עס איז ווערט צו געדענקען, אַז יעדער איינער האָט גע־וואוסט וועגן רוזוועלטס שרעקלעכער קראַנקהייט און ווי אַזוי ער האָט זי באַקעמפט. "אַ מאַן מיט אַזאַ פעסטן ווילן קאָן אונז דערפירן צו די העכסטע מעגלעכקייטן" — האָט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק גע־טראַכט, מיטן געדאַנק, צי מיטן האַרץ. דער אינצידענט ווי ער איז איינמאָל געשטאַנען אין דזשאָרדזשיא און האָט גערעדט פאַר אַן עולם און ער איז אינמיטן רעדן אומגעפאַלן, ווייל ער האָט אויף אַ מאָמענט געהאַט פאַרגעסן זיין קראַנקהייט און ער האָט אָנגעהויבן צו זשעסטי־קולירן מיט די הענט, און ער האָט אויגנבליקלעך זיך אויפגעהויבן און פאָרגעזעצט דאָס רעדן, גלייך ס'וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען, האָט זיין פּרעסטיזש גוואַלדיק געהויבן. דער דאָזיקער פאַל איז, נאַטירלעך, געגאַנגען פון מויל צו מויל און מען האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונ־דערן פון זיין מוט און זיין באַלאַנסירטן כאַראַקטער. ווי האָט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק נישט געקאָנט האָבן קיין צוטרוי צו אַזאַ מענטש?

אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין דעטראָיט, וואָס איז פאָרגע־קומען דעם 2־טן אָקטאָבער, 1932, אַ חודש פאַר די פּרעזידענט־וואַלן, האָט ער צו די פאַרזאַמלטע פון דריי רעליגיעס, פּראָטעסטאַנטן, קאַ־טאָליקן און אידן, געזאָגט:

"צוויי דאָמינירנדיקע פילאָזאָפיעס זענען אונז געגעבן געוואָרן: איינע גאָר נישט צו טאָן, נאָר לאָזן גיין זאַכן ווי זיי זענען, און איינע— צו טאָן עפּעס. איך, ווי איר זעט, האַלט פון דער צווייטער פילאָזאָפיע."

אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן האָט באַוויזן, אַז די זעקס טויזנט מענטשן אין זאַל זענען מיט אים איינשטימיק.

וואָס דערציילט דאָס? עס דערציילט קלאָר און שאַרף, אַז רוז־וועלט איז בשום אופן נישט קיין אָפּאָרטוניסט. רוזוועלט האָט גוט געוואוסט, אַז ער רעדט פאַר אַן אוידיטאָריע פון וועלכער די מערהייט גלויבט אוודאי אין דער ערשטער פילאָזאָפיע פון גאָרנישט טאָן; פון זיצן און וואַרטן, אַז גאָט וועט שוין מסתמא עפּעס אויסדרייען וואָס וועט זיין גוט פאַר אַלעמען. רוזוועלט האָט זיך אָבער דערמיט נישט גערעכנט. ער האָט געזאָגט דאָס וואָס ער האָט געפילט און נאָכאַמאָל איז זיין אמתדיקייט אריין אין דעם פאָלקס האַרץ און ער האָט געוואונען זייער צוטרוי.

איך האָב צונויפגעמישט די צוויי עפּיזאָדן אין רוזוועלטס לעבן — דעם וואָקער פאַל און דעם פּרעזידענטישן קאַמפּעין — ווייל זיי

זענען פאָרגעקומען אין דער זעלבער צייט. מען קאָן פון דיביידע פאַלן זען רוזוועלטן פון צוויי פאַרשידענע זייטן וואָס באַווייזן אין דער אמתן איין און דעם זעלבן מענטשן. עס איז כאראקטעריסטיש פאַר דעם מאַן מיט זיין פילזייטיקן דענקען, מיט זיין שנעלער אָריענטאַציע אויף פאַרשידענע געביטן אָט וואָס:

אזוי גיך ווי ער איז צוריקגעקומען פון אַ טור פון דער וועסט, האַלטנדיק צענטליקע רעדעס, האָט ער זיך, אַנשטאָט צו נעמען זיך אַביסל אָפּרו, באַלד אריינגעוואָרפן אין אַ נייעם קאַמפּעין — אין אַ קאַמפּעין צו העלפן דערוויילן זיין פריינט הוירבערט ה. לעהמאַן אַלס גאָווערנאָר פון דעם סטעיט ניו יאָרק. אויך דאָס איז געווען אַן אַקט וואָס האָט ארויסגערופן גרויס אַכטונג צו אים פון אַ סך בירגער. עס האָט נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז ער איז נישט אויסן בלויז צו דערגרייכן פּערזענלעכע גלאָריע, נאָר אַז ער האַלט אַנדערע קאַנדידאַטן פאַר פּונקט אזוי וויכטיק ווי זיין אייגענע קאַנדידאַטור, אויב ער איז אי־בערצייגט, אַז זיי וועלן דינען די בירגער געטריי.

ווי אזוי רוזוועלט האָט געקאָנט מיט דעם זעלבן ברען און פלייס אין דער זעלבער צייט ארבעטן אי אויף דער וואָקער קעיס, אי פאַר זיין קאַמפּעין אַלס פּרעזידענט, וועט אפשר פאַרענטפערט ווערן אין פאָלגנדיקן מעשהלע:

ווען פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט איז נאָך געווען אַ קליין איינגל האָט איינמאָל די מוטער זיינע געלייענט פאַר אים אַ מעשה פון אַ ביכל. געלייענט, געלייענט און עס האָט זיך איר געגומען אויסדאַכטן, אַז דאָס איינגל אירס הערט זיך אפילו נישט צו צו איר; ער זיצט און פאַרשפּילט זיך גאָר מיט פאַרשידענע צאַצקעס. האָט זי צוגעמאַכט דאָס ביכל און געזאָגט:

— ס'האָט נישט קיין זין ווייטער צו לייענען. הערסט זיך אַפילו נישט צו.

צו איר שטוינונג, האָט דער קליינער פרענקלין איבערגעזאָגט דעם גאַנצן פּאַראַגראַף וואָס זי האָט פאַר אים נאָר־וואָס געהאַט געלייענט.

ווען זי האָט אויסגעדריקט איר פאַרוואונדערונג, האָט ער, אַן דעם מינדסטן אַנדייט פון באַרימעריי, געזאָגט:

— מאַמע, איך וואָלט זיך געשעמט, ווען איך זאָל נישט קאָנען טאָן כאָטש צוויי זאַכן אויף אַמאָל . . .

איז אויב איר ווילט איז עס אַ קליין שליסעלע צו דער פּערזענ־לעכקייט וואָס רופט זיך פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט.

# דזשיאָזעפּע זאַנגאַראַס שאָס

עס איז דער פֿופֿצנטער פֿעברואַר, 1933. אין די מזרחדיקע און צפֿונדיקע טיילן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז קאַלט. פֿראָסט און שניי ליגן אויף די גאַסן. טייכן און פֿעלדער ליגן פֿאַרפֿרוירענע. דער ווינטער־סעזאָן איז אין זיין פֿולן בלי. מענטשן, מיט שווערע קליידער אויף די לייבער, באַקלאָגן זיך, אַז אַזאַ קאַלטער ווינטער ווי דער היינטיקער איז שוין לאַנג נישט געווען. אַזוי האָט מען געזאָגט פֿאַר־אַיאָרן אויך. אַזוי האָט מען געזאָגט מיט הונדערט יאָר צוריק און אַזוי וועט מען מסתמא זאָגן מיט פֿינף הונדערט יאָר שפּעטער.

חגעוודיקע מענטשלעכע שוואכקייט.

אָבער אין פֿלאָרידאַ איז וואַרים. די זון גאָלדיקט די ברייטע גאַסן ביי טאָג און דער בלויער הימל זוימט אַרום מיט אַ בלויער דעקע דעם ים־ברעג פֿאַרנאַכט. מענטשן, אין לייכטע קליידער, שפּאַנען אַרום פֿרייע, זינגענדיקע, שפּילעוודיקע, פּונקט ווי זיי וואָלטן נישט געווען די שוועסטער און ברידער פֿון די וואָס פֿרירן אין די קאַלטע שטאַטן. זיי פֿילן זיך אַ פֿוטע עפּנטלעכע פּלעצער. די שטימונג איז אַ לייכטע און אַ זאָרגלאָזע. די שפּיל־פּלעצער זענען איבערגעפּאַקט. קינדער און דערוואַקסענע מישן זיך אויס. קולות, שמייכלען און געלעכטערס גיסן זיך צוזאַמען אין איין קול, אין איין שמייכל און אין איין הילכיק געלעכטער. עס איז זיי דאָ אַלעמען גוט. עס איז זיי דאָ אַלעמען וואַרים און זוניק אויף די געמיטער. פֿאַר אַן אָנגע־קומענעם איז שווער צו באַגרייפֿן, אַז ער געפֿינט זיך אין דעם זעלבן לאַנד. אַ רייזע פֿון וואָסערע צען־צוועלף שעה ענדערט נישט נאָר דעם אויסזען פֿון דער לאַנדשאַפֿט, נאָר דעם גאַנצן באַגריף פֿון הייס און קאַלט, פֿון זומער און ווינטער.

וואונדערבאַר, קאַליפֿאָרניע, אַמעריקע.

צווישן אַ געדיכטער מענגע מענטשן אויף מייאַמיס הויפּטגאַסן דרייט זיך אַרום אַ יונגערמאַן. ער איז פֿון נידעריקן וואוקס און מיט לאַנגע, טונקעלע, צעשויבערטע האָר. ער האָט גרויסע, שוואַרצע און צעשראָקענע אויגן, וועלכע האַלטן אין איין זוכן עפּעס אָדער

עמיצן. עס ברענט אין זיי אַ פלאַם וואָס בריט אויס לעכער אין די פּנימער, וועלכע ער געגנט אָן. ער וואַרפט ארויף אַן אומרו און א מורא אויף די, וועלכע באַגעגענען זיך מיט זיינע בליקן.

ווער איז ער? וועמען זוכט ער?

ער איז דזשיאַזעפּע זאנגארא, אַן איטאליענישער אימיגראנט מיט אַ שלעכטן מאָגן. און זוכן זוכט ער דעם נאַר־וואָס דערוויילטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פרענקלין דעלאנאָ רוזוועלט, וועלכער איז, מיינט זאַנגאַרא, שולדיק אין זיינע געשווירן אין מאָגן.

ער איז בלויז אַ שפּילקע צווישן דעם גרויסן עולם, וועלכער שלעפּט אים מיט אויף רעכטס און אויף לינקס. ווי גרויסע ריזיקע כוואַליעס אין אַ ים שלעפּן־מיט אַ קליין, פאַרבלאָנדזשעט כוואַליעכל, וואָס איז אנטלאָפן פונדערהיים, אזוי ווערט דזשיאַזעפּע זאנגארא מיט־געשוועבקט קעגן זיין ווילן און קעגן זיין וויסן אפילו. ער טראכט אפילו נישט וועגן דעם. נישט ער האָט די פעאיקייט דאָס פונאנדער־צוגלידערן, נישט ער האָט די בייגונג דערצו. זיין געדאַנק איז אַצינד פאַרנומען מיט איין זאַך. זיין ברענענדיק אויג איז אָנגעצילט אויף איין אָביעקט: פרענקלין דעלאנא רוזוועלט, דעם נייעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אים מוז ער זען. מיט אים האָט ער אַ "דעיט."

צווישן זעלבן עולם געפינט זיך אַ פּרוי פון מיטליאַריקן עלטער. אויך זי ווערט געטראָגן פונם שטראָם מענטשן דאַ רעכטס, דאַ לינקס. דער קאַפּריז פון דעם צופאַל ברענגט אַמאָל די צוויי מענטשן צו־זאַמען — דזשיאַזעפּע זאנגארא און מרס. וו. פּ. קראָס. צוזאַמען אויף די גאַסן און עוועניוס פון מייאמי. אָבער זיי ווייסן נישט דערפון. ווייל זיי קענען נישט איינס דאָס אַנדערע. ווייל זיי האָבן נישט קיין שום באַגריף וואָס פאַר אַ ראָלע איינער וועט באַלד שפּילן אין דעם לעבן פון דעם אַנדערן.

עס איז ניין אַזייגער אין אָוונט פון דעם פופצנטן פעברואַר, 1933. פרענקלין ד. רוזוועלט שטייט אויף דער פּלאַטפאָרמע אין בעי־פראָנט פּאַרק, וואָס אין מייאמי ביטש, און רעדט פאַר דעם גרויסן פאַרזאמלטן עולם. ער איז אין אַ גוטער שטימונג. ער איז שוין דער ערשטער בירגער פונם לאַנד. ער איז שוין דער אויסדערוויילטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס פאָלק קוקט צו אים ארויף מיט צוטרוי, מיט ליבע, מיט דערוואַרטונג. ער רעדט צו די ארומשטייענדיקע וואַרים און נישט אָנגעשטרענגט. זיין קול איז עכט, פונקט ווי ער וואָלט גערעדט נישט צו קיין פאַרזאמלטן עולם

פון אַלע עקן לאַנד, נאָר ווי צו אַ גרופּע פריינט און באַקאַנטע פון זיין אייגענער שטאָט. ער רופט אַלעמען "פריינט" און עס קלינגט נישט פאַלש. עס קלינגט נישט דעמאַגאָגיש. עס וואַרימט די הערצער פון די צוהערער, פּונקט ווי זייערע אויערן.

ער איז פול מיט פּלענער. אָבער ער צורייצט נישט די פאַנטאַזיע מיט איבערגעטריבענע צוזאָגן. אַלץ וואָס ער זאָגט יאָ צו איז — אַ "ניו דיל", אַ נייע ווענדונג, אַ נייע אָריענטאַציע. דאָס איז גענוג. ער ווערט אַלע ווײַלע איבערגעריסן מיט אַפּלאָדיסמענטן פון דעם עולם אָרום. ער שמייכלט צופרידן. אַנטאָן טשערמאַק, דער דעמאָ־קראַטישער מעיאָר פון שיקאַגאָ, שטייט לעבן אים אויף דער פּלאַט־פאָרמע. אַ צופרידענער שמייכל רוט אויף זיין ברייט, סלאַוויש פּנים. ער האָט ליב זיין פריינט פרענקלין, פּונקט ווי אַלע, וועמען עס איז אויסגעקומען צו זיין נאָענט לעבן דעם ניי־דערוויילטן פּרעזידענט. ער איז צופרידן וואָס דער אַרומשטייענדיקער עולם באַוואַרפט זיין פריינט פרענקלין מיט אַזאַ וואַרימען אַפּלאַוז.

פּלוצלינג דערהערט זיך אַ קנאַל. באַלד נאָכדעם — נאָך איינער. און נאָך איינער. וואָס איז? מסתמא אַ פייער ראַקעט לכבוד דעם גאַסט. רוזוועלט בלייבט אַ רגע שטיל. ער וואַרט ביז די "פייער ראַ־קעטן" וועלן אויפהערן. אָבער ער באַמערקט עפּעס אַ צורודערונג צווישן עולם. עס דערטראָגן זיך געשרייען: "האַלט אים! לינטשט אים!" לעבן אים ליגט זיין פריינט, דער נאָר־וואָס שמייכלענדיקער מעיאָר טשערמאַק, און דרייט זיך פון ווייטיק. אַ קויל איז אריין אין זיין ברוסט און ער גייט אָפּ מיט בלוט. ווען רוזוועלט בייגט זיך צו אים אַרונטער, באַמיט ער זיך צו שמייכלען. "איך בין צופרידן," מורמלט ער אַרויס פון צווישן די ציין, "וואָס די קויל האָט געטראָפן מיך און נישט אייך . . ." רוזוועלט איז געפּלעפט פון דער לאָיאַלקייט און ער איז גערירט ביז גאָר. "טאָני, רעד נישט . . . " — זאָגט ער צו אים. "אַר יו אָלרייט?"

אָבער "טאָני" איז ווייט פון צו זיין אָלרייט. ער איז שטערבלעך פאַרוואונדעט. לעבן דער פּלאַטפאָרמע ליגט נאָך אַ מענטש וואָס ראַנגלט זיך מיטן טויט. דאָס איז מרס. ניל.

דער מיטינג איז איבערגעריסן. די גוטע שטימונג אַוועק. די קרבנות ווערן אוועקגעכאַפּט אין שפּיטאָל. אַ נס איז געשען. דורך דער האַנט פון מרס. קראָס, וועלכע האָט זיך גראָד געפונען נאָענט פון זאַנגאַראַ, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער אַקט וואָס האָט געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער גרעסטער טראַגעדיע. זי האָט אָנגעכאַפּט

דעם מערדער ביי דער האַנט און די קוילן וואָס זענען געווען געצילט אויפן נייעם פרעזידענט האָבן פאַרבלאָנדזשעט צו אַנדערע. ווען נישט די האַנט פון דער מרס. קראָס — ווער ווייסט, צי איין קויל פון די פינף קוילן, וואָס דער יונגערמאַן פון העקענסעק, ניו דזשוירזי, מיטן קראַנקן מאָגן, האָט אויסגעשאָסן, וואָלט נישט געווען אָפּגעהאַקט דאָס לעבן פון דעם שפּעטערדיקן גרויסן פרעזידענט און וועלט־פירער, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט.

אין אַ רינג פון פּאָליציי גייט דער ניי־דערוויילטער פּרעזידענט אַראָפּ פון דער אַרענע וואו אַ גלאַדיאַטאָרן־שפּיל האָט זיך נאַר־וואָס פאַרענדיקט. אַ גלאַדיאַטאָרן־שפּיל עקלדיקער און געמיינער אײדער יענער אין רוים מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. ער איז טיף גערירט פון דעם וואָס איז נאַר־וואָס פאָרגעקומען, אָבער נישט דערשלאָגן. ער רייסט זיך צו גיין אין שפּיטאָל אַריין. ער וויל זען די אומשולדיקע קרבנות פון דעם משוגענעמס קוילן.

יאָ, פרענקלין ד. רוזוועלט איז אויסערלעך רואיק, כאָטש אינ־ווייניק אין אים קומען פאָר די גרעסטע שטורעמס. אַזאַ איז ער. כאָטש זיין ברייט האַרץ איז צעוואונדיקט אפשר נישט ווייניקער ווי די הערצער פון זאַנגאַראַס קוילן, איז ער אָבער אויסערלעך קאַלט, אַ שטיק שטאָל. אַזוי דאַרף זיין איינער וואָס איז באַצייכנט פון דעם גורל צו זיין אַ פירער.

מרס. עלינאָר רוזוועלט האָט זיך דערוואוסט פון דעם אַטענטאַט. זי האָט גלייך טעלעפאָנירט פון ניו יאָרק. "האַו אַר יו, דאַרלינג ?" — האָט זי אַריינגערעדט אין טעלעפאָנס מויל מיט אַ ציטערנדיקער שטים. יאָ, איר שטים האָט געציטערט, כאָטש זי האָט אויך אומגע־הויערן קאָנטראָל איבער אירע נערוון. נאָכאַלעמען, איז עס איר מאַן — פּרעזידענט, צי נישט. און ער ?

"אַי'ם אָלרייט." — האָט ער געענטפערט.

"הי'ז נאַט איוואן עקסיידעד", האָט זי זיך נישט געקאָנט אָפּ־וואונדערן. ער איז אפילו נישט געווען אויפגערעגט, האָט זי, דאָס ווייב זיינס, די סטאָאישע מרס. עלינאָר רוזוועלט, געשטוינט.

דער אָנפאַלער איז אַרעסטירט. די קליידער זענען אינגאַנצן אויף אים צוריסן. זיינע גרויסע אויגן שפּריצן מיט משוגעת. ווען נישט די פּאָליציי וואָלט מען אים געווען צוריסן אויף שטיקער אויפן אָרט, פונקט ווי זיינע קליידער.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן ? — פרעגט מען אים.

— דערפאַר. — איז זיין ענטפער — איך וויל הרגענען אַלע פּרעזידענטן, אַלע מענטשן מיט מאַכט.

— האָסטו געהאַט אַ ספּעציעלע אורזאַך צו וועלן הרגענען מר. רוזוועלטן?

— איך ווייס נישט. איך האָס פּרעזידענטן. איך האָס מענטשן מיט מאַכט.

— האָסט אַמאָל באַגעגנט מר. רוזוועלטן?

— ניין.

— פאַרוואָס-זשע האָסטו אים געוואָלט הרגענען?

— כ'האָב אייך שוין געזאָגט פאַרוואָס. איך האָס פּרעזידענטן. איך האָב אַ שלעכטן מאָגן.

— מיינסטו, אַז דער פּרעזידענט איז אין דעם שולדיק?

— איך ווייס נישט. לאָזט מיך צורו. גיט מיר די עלעקטריק טשער און פאַרטיק.

עס איז נישט געווען מער וואָס צו מאַכן מיט אים. מען האָט דאָ געהאַט צו טאָן מיט נישט קיין נאָרמאַלן מענטשן, כאָטש קיין משוגענער אין אָנגענומענעם זין פון דעם וואָרט איז ער אויך נישט געווען.

פאַרוואָס־זשע האָט ער פאָרט אָפּגעפייערט די פינף שאָסן? ער איז אפילו קיין אנארכיסט נישט געווען — אַן אנארכיסט אין דעם זין ווי האַלב-מושגענע "אידעאַליסטן" פאַרשטייען דאָס וואָרט. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, האָט ער אפילו נישט געהערט צו קיין שום פּאָליטישער אָרגאניזאציע. ער האָט בלויז פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס וואָס מען רופט אַ "מענטאַל קעיס", אַ "קרענק" מיט אַ קראַנקן מאָגן וואָס דאַרף עפּעס טאָן אַנצוהאַלטן זיין גלייכגעוויכט. דער "עפּעס" ביי דעם סאָרט דריקט זיך אויס אין דער אומגלויבלעכסטער, אומלאָגישסטער זאַך. אין דעם פאַל איז עס געווען: שיסן אויף דעם ניי־דערוויילטן פּרעזידענט פונם לאַנד.

דער טיפּ איז נישט אינגאַנצן ניי דער פּסיכיאַטרישער וועלט. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ זעלטענעם אָבער זייער געפערלעכן קאָמפּלעקס. דער מין טיפּ קלייבט געוויינטלעך אויס אַלס קרבן אַ הויך־דערפאַלג־רייכן מענטשן, איינעם וואָס האָט דערגרייכט דעם שפּיץ פון דער לייטער. אַזאַ טיפּ איז געווען דזשאָן ווילקס בוטה, דער מערדער פון אייבראַהעם לינקאָלן. פאַרוואָס האָט בוטה, דער קליינער אַקטיאָר, אויסגעקליבן דווקא די גרויסע עטישע פּערזענלעכקייט לינקאָלן פאַר

זיין קרבן? אויב ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו לאָזן פריי זיין "קינסטלערישן טעמפעראַמענט" האָט ער נישט געקאָנט געפינען קיין אַנדערן קרבן? איז ער געווען אונטערגעקויפט פון לינקאָלנס פּאָלי־טישע קעגנער? מען האָט עס קיינמאָל נישט אויסגעפונען. ווען דאָס זאָל געווען זיין דער פאַל, וואָלט מען עס מסתמא געווען דערגאַנגען. גיכער האָט ער לינקאָלנען דערשאָסן אויף זיין אייגענער אחריות און אויף אייגענער איניציאַטיוו. ער האָט מסתמא אויך "געהאַסט פּרעזי־דענטן". אַ דורכגעפאַלענער אין לעבן, אַ מענטש, מסתמא, מיט גרויסע אמביציעס אין אָנפאַנג; אמביציעס, וועלכע זענען ביסלעכ־ווייז צערינען געוואָרן; אַ מענטש, וועלכער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט זיין מיטלמעסיקייט, — האָט ער ביסלעכווייז פאַרלוירן דעם באלאנס. ער האָט אויך פאַרלוירן די לאָגיק איינצוזען, אַז נישט יעדער קאָן זיין גרויס און באַרימט. אַזאַ איינער וואַרפט געוויינטלעך די גאַנצע שולד אויף די, וועלכע האָבן, ווי ער מיינט, מיט כח זיך ארויפגערוקט צום אויבן־אָן און האָבן פאַרכאַפּט די "מזרח־וואַנט" — אַן אָרט, וואו ער, דזשאַן ווילקס בוטה, אָדער דזשיאַזעפּע זאנגארא, אָדער אַ ריכארד האופטמאן, וואָלט גאָר באַדאַרפט פאַרנעמען.

יאָ, דערמאָנט ריכארד האופטמאַן, דער קידנעפּער און מערדער פון טשארלס לינדבערגס קינד. ער געהערט אויך צום זעלבן טיפּ. פאַרוואָס האָט ער דווקא אויסגעקליבן לינדבערגן אַלס קרבן, אויב ער האָט שוין יאָ געהאַט פאַרטראַכט צו קידנעפּן אַ קינד, כדי שנעל רייך צו ווערן? אמת, די לינדבערגס זענען נישט געווען קיין אָרימע מענטשן. אָבער עס זענען דאָך פאַראַן אַן אַ שיר רייכערע. איז דער ענטפער: עס איז נישט געווען דאָס געלט אליין. דער ווילן זיך אָפּצורעכענען מיט איינעם וואָס איז אַזוי דערפאָלגרייך אין לעבן; מיט איינעם, וועלכער ווערט באַוואָרפן מיט בלומען פון אַ גאַנצער וועלט, איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער גורל האָט געמוזט פאַלן אויף אים אָדער אויף אַן ענלעכן דערפאָלגרייכן מענטשן אין לעבן פון אַזאַ פאַרנעם.

אין דער זעלבער קאַטעגאָריע, כאָטש אין אַ מילדערער פאָרם, גייען אַריין די בריוו־שרייבער. זיי שרייבן בריוו צו באַרימטע סטאַרס אָדער צו מענטשן מיט פּאָליטישער מאַכט. מען גיט עצות די ארויפ־געאַרבעטע, די וואָס שטייען שוין אין סאַמע שפּיץ פון דער וועלט. דאָס זענען האַרץ אויסדרוקן און נשמה אויסגוסן פון קליינע מענטשע־לעך מיט גרויס השגות, וועמען דאָס מזל האָט פאַרזען — ווי זיי מיינען. ווילן זיי זיך דורך יענע, דורך די דערהויבענע, אויסלעבן, באַפרידיקן אויף זייער נאַאיוון און פרימיטיוון שטייגער זייערע באַ־

גראָבבענע וואונטשן. איז דער מין אינפעריאָטעט־מענטש אַ גוטמור־טיקער, קומט ער אָפּ מיט דעם. איז ער, פאַרקערט, אַ בייזער, אַ שלעכטער, אַ גיפטיקער, באַשליסט ער זיך (פריער אין זיין אונטער־באַוואוסטזיין) צו אַ פאַרברעכערישן טאַט. ער וועט זיך אָפּרעכענען, הייסט עס, מיט דעם וואָס האָט פאַרכאָפּט זיין פּלאַץ אונטער דער זון.

צו דעם לעצטן מין האָט געהערט דזשאָזעפע זאנגארא. צו דעם דאָזיקן מין האָט געהערט דזשאָן פלאמאנג שרענק, דער פּסיכאָפּאַט וואָס האָט געוואָלט דערמאָרדן אַן אַנדערן רוזוועלט, טעאָדאָרן. עס איז געווען אין 1912 "טעדי" רוזוועלט האָט דאמאָלס געוואָלט נאָכאַמאָל ווערן פּרעזידענט פון די פּאַראייניקטע שטאַטן אויף דעם באַרימטן "בול מוז" טיקעט. האָט עס אַוודאי שרענק נישט געקאָנט פאַרליידן. הערט נאָר אַן אומרעכט: אַ מענטש וויל ווערן פּרעזידענט שוין צום צווייטן מאָל, ווען ער, דזשאָן פלאמאנג, איז נאָך אפילו קיין איינמאָל אויך נישט געווען דער פּרעזידענט פון לאַנד. נו, "טעדי" האָט זיך דאמאָלס ארויסגעדרייט פון דעם משוגענעמס קויל. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ לייכטער וואונד. אָבער דאָס איז נישט געווען שרענקס שולד. עס איז געווען די שולד פון "טעדיס" ברילן־פושקעלע וואָס האָט אים דאַן געראַטעוועט דאָס לעבן.

אין דעם פאַל דזשיאָזעפע זאנגארא איז עס געווען די האַנט פון אַ מרס. קראָס וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן פון אַ רוזוועלט. אָבער די צופאַלן האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט די פּראָבלעם־מענטשן, וועלכע דרייען זיך ארום אין אונזער געזעלשאַפט. זייער אויפגאַבע איז אַנצוטאָן שאָדן. אויב עס געלינגט זיי נישט אַמאָל, איז עס נישט זייער שולד.

רוזוועלט האָט דאמאָלס נישט געהאַט קיין צייט צו בלייבן אין מייאמי לעבן זיין פריינט אנטאָן טשערמאַק, ווי ער האָט דאָס געוואונטשן צו טאָן. ער האָט געמוזט אָוועקפאָרן, פאָרן ווייטער, צפון־צו, מזרח־צו. בערג מיט אַרבעט האָבן אויף אים געוואַרט. אָבער זיין געדאַנק און זיין האַרץ זענען געווען אין פלאָרידא, אין דער וואָרימער, זוניקער מדינה, וואו דער קאַלטער טויט האָט אויף אים אַ שטשירע געטאָן. און ווי וויניק סענטימענטאַל רוזוועלט דערלויבט זיך צו זיין עפנטלעך — כאָטש ער איז עס אינערלעך אין אַ גרויסער מאָס — האָט ער פונדעסטוועגן נישט געקאָנט איינגאַנצן באַהאַלטן זיין צער אין יענער שעה. און ווען מען האָט אים געפרעגט ווי אזוי ער פילט, האָט ער געהאַט בלויז איין ענטפער:

— עס איז נישט קיין אונטערשיד ווי אזוי איך פיל. איך בין טיף באַזאָרגט וועגען דעם צושטאַנד פון מיינע פּאַרוואונדעטע פריינט.

אַז רוזוועלט קאָן אזוי פילן, האָט ער באַוויזן נישט איינמאָל. מען וואָלט באַדאַרפט פרעגן הערי האָפּקינס, וואָלט ער געקאָנט דערציילן ווי אזוי דער פּרעזידענט קאָן זיין באַזאָרגט וועגן זיינס אַ פריינטס געזונט צושטאַנד. מען דאַרף אויך נישט מיינען, אַז רוז־וועלט, מיטן גליקלעכן שמייכל אויפן פּנים, שוועבט טאַקע אַלעמאָל אין די הימלען און אַז יעדע רגע פון זיין מעת לעת איז איינגעטונקען אין תענוג און אין וואוילטאָג. רוזוועלט האָט שווערע פּאַרקילונגען. ער האָט ווייטיקן אין מאָגן, ווייטיקן אין די ציין. איר קאָנט אים אָפט זען שטיין מיט אַ בלויזן קאָפּ אין רעגן און אין שניי אַדרעסירן אַ פאַרזאַמלונג, אנטייל נעמען אין אַ לוויה, אָפּוואַרטן אַ גאַסט. רוזוועלט זשאַלעוועט זיך נישט. גיט אַ קוק אויף די טיפע קארבן פון זיין פּנים וועט איר זען דעם ענטפער צו זיינע פּאָליטישע שונאים, אַז ער וויל נישט ארויס פונעם ווייסן הויז, ווייל עס איז דאָרטן אזוי גוט.

אָבער רוזוועלט קאָן פאַרנעמען קריטיק, אפילו אַזאַ בייזוויליקע אויך. ער איז קיינמאָל נישט קרענקלעך, אפילו נישט דאַן, ווען ער איז געצוואונגען זיך אַלעמאָל אָנצוהאַלטן אָן יענעם, ער זאָל נישט פאַלן. קאָן זיך עמיץ פאָרשטעלן, אַז רוזוועלט, מיט זיין ברייטן האָריזאָנט פון דענקען, מיט זיין טיפן טראַכטן, זעט זיך נישט אין אָט דער לאַגע? קאָן עמיצער מיינען אויף איין רגע, אַז ער איז נישט געגנוג עמפּינדלעך צו בלוטיקן אינערלעך, סיי מיטן געדאַנק, סיי מיטן געפיל, אויף דער שטראָף וואָס גאָט האָט אויף אים אָנגעשיקט?

אָבער קיינער וועט עס ביי אים נישט וויסן. דאָס וועט שוין זיין שטאָלץ נישט דערלויבן. ווייל פרענקלין ד. רוזוועלט איז אַ מאַן וואָס קאָן ליידן אינדערשטיל און לאַכן אינדערהויך.

ווי אזוי האָט זאנגאראס שאָס געווירקט אויף רוזוועלטס אינער־לעכן איך — טאַקע באמת, נישט אויבנאויפיק? בלויז נאָענטע צום פּרעזידענט וויסן ווי אזוי ער האָט דאַן געליטן. פון יעדן לעבעדיקן זשעסט זיינעם אין יענער צייט האָט ארויסגעשריגן אַ ווידערקול פון טויט. פון יעדן לאַך זיינעם האָט אַרויסגעווינט דער פּיין פון זיינע טויטלעך־פּאַרוואונדעטע פריינט. הינטער יעדער מונטערער פראַזע וואָס ער האָט גערעדט צו זיינע גירי̇קע צוהערער איבערן גאַנצן לאַנד האָט ארויסגעציטערט אָן אַנדערע פראַזע: ״אַר יו אָלרייט, טאָוני? איז מרס. ניל אָלרייט?״

ווי גרויס עס איז געווען די געפּאַר מען זאָל מיספּאַרשטיין אַזאַ מענטשן ווי רוזוועלט! אָט, אַ פריילעכע לונג־און־לעבער, טראַכט מען. אַ מענטש אָן אַ טראָפּן זאָרג. אַלץ איז ביי אים וואויל און העל. פון אַלצדינג האָט ער הנאה. ווייל — זאָגט ער דען נישט כסדר, ווען נאָר ער באַגעגנט זיך מיט אַן אודיטאָריע מענטשן: "איך בין זייער צופרידן צו זיין מיט אייך . . ." "איך בין גליקלעך צו האָבן די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט אייך פנים אל פנים . . ." "היינט איז ביי מיר אַ גליקלעכער טאָג . . ." און ער געפינט מיט וואָס צו באַקרעפטיקן זיינע ווערטער, זיי זאָלן נישט האָבן קיין הוילן קלאַנג פון אַ פּאָליטישן. אין באָסטאָן איז ער גליקלעך צו זיין, ווייל דאָס דערמאָנט אים אין זיינע גליקלעכע טעג פון זיין יוגנט, ווען ער האָט שטודירט אין הארוואַרד אוניווערסיטעט. אין קאַליפאָרניע האָט ער ליב צו זיין ווייל דאָ געפינען זיך זיינע גוטע פריינט, סיי דעמאָקראַטן, סיי רעפּובליקאַנער. אין נעבראַסקאַ פאַרבינדט ער זיין גליקלעכקייט מיט עפּעס אַנדערש. אין מיזורי מיט נאָך עפּעס אַנדערש. אין פּענסילווייניא איז עס דער אָנדענק פון טאָמאַס דזשעפערסאָן וואָס ברענגט אים אַריין אין אַ גליקלעכער שטימונג. קאָן עס אַלץ אויסזען ווי הוילע רייד פון אַ פּאָליטישן וואָס וויל זיך איינקויפן אין ליבע פון די בירגער פון די דערמאָנטע סטעיטס.

איז עס אָבער נישט אזוי. רוזוועלט האָט באמת הנאה צו זיין אין די אַלע פאַרשידענע פלעצער און באַגעגענען די אַלע פאַרשידנערליי מענטשן. זיין גייגעריקייט צו באַגעגענען אַלעמאָל נייע פּנימער האָט נישט קיין גרעניץ. אויב עמיצער פון זיין פּאַרטיי האָט אַ רעכט זיך אָנצורופן "דעמאָקראַט", איז עס זיכער ער. ווייל ער איז עס אין פולשטענדיקסטן זין פון דעם וואָרט. נישט געמאַכט, נישט געוואָרן, נאָר געבוירן. זיין באַנעמען זיך צו מענטשן איז פשוט אַ מוסטער פאַר אַנדערע. מיט אַ סך קלענערע און אומוויכטיקערע פון אים פילט מען זיך ענג און געקראַכמאַליעט. אָבער נישט מיט אים. זיין פריינטלעכער שמייכל גיט אויף אייך אַ העלן פלייץ שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש. זיין וואַרימער טאָן גיט דעם שליסל צו דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דעם שמועס וואָס קומט. דער וואַרימער דרוק פון זיין ווייכער, וואַרימער האַנט געווינט פאַר אים באַלד אַ פריינט אָדער אַ קאַנדידאַט צו ווערן אַ פריינט פון אים. עס איז נישטאָ קיין קונצן דערביי. מען קאָן נישט נאַרן קיין וועלט. רוזוועלט איז אליין אַ מענטש פול מיט וואַרימקייט און ער רופט עס צוריק ארויס ביי יענעם מיט זיין פערזענלעכקייט.

אוודאי וואָלט אים טיילמאָל געווען גרינג צו זיין קאַפּריזנע. לויט זיין פּאָזיציע און לויט דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס וואָלט ער אויך געמעגט אַמאָל אַ פּראָווע טאָן עקסצענטרישע שטיק, ווי זיין עלטערער קרוב, טעאָדאָר רוזוועלט, פלעגט טאָן. דאָס וואָלט פאַר אים טיילמאָל געווען אָן אַן ערך גרינגער, איידער תמיד פריינטלעך, תמיד העפלעך, תמיד דער ראַפינירטער דזשענטלמאַן. „עס איז אַ פאַרגעניגן מיט אים צו אַרבעטן", זאָגן זיינע אָנגעשטעלטע, צי עס איז אַ מיניסטער, צי אַ סטענאָגראַפער. „אויף וויפיל איך ווייס", האָט מיר געזאָגט דער ניו יאָרקער מעיאָר, לאַ גוואַרדיאַ, „איז אויסערגעוויינטלעך גוט מיט אים צו אַרבעטן צוזאַמען; אַלע זאָגן דאָס זעלבע."

יאָ, אַלע האָבן מיר געזאָגט דאָס זעלבע. „ער ווערט קיינמאָל נישט אין כעס." „ער קריטיקירט קיינמאָל נישט אַזוי, אַז מען זאָל פילן, אַז עס איז קריטיק." באַגרייפט מען וואָס דאָס מיינט? אַ מענטש מיט אַזוינע בערג זאָרג אויף זיין קאָפּ, מיט אַזאַ וועלטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט — און ער האַלט אָן דעם שיינעם באַלאַנס פון זיין מאַניער. וואו זעט מען עס? וואו הערט מען עס?

איז גרינג פאַר אַן אויבערפלעכלעכן באַאָבאַכטער צו קומען און זאָגן: רוזוועלט איז נישט קיין גרויסער מענטש; ער זידלט אפילו נישט זיינע מיטאַרבעטער. פונקט ווי מען פלעגט אַמאָל זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַ שוואַכער קינסטלער, שרייבער, קאָמפּאָזיטאָר, ווייל — ער האָט נישט קיין צעשויבערטע האָר און ער טראָגט די שיך מיט צוגעשנורעוועטע בענדלעך.

ווען דזשיאָזעפּע זאַנגאַרא האָט אָפּגעפייערט דעם שאָס אויפן ניי־דערוויילטן פּרעזידענט, איז פאַרצייכנט געוואָרן, אַז דער, אויף וועמען עס איז געצילט געוואָרן דער טויט, האָט זיך געהאַלטן מוסטער־האַפט רואיק; אַז ער האָט נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע שרעק, דעם מינדסטן פּאַניק; און אַז ער איז זיך אוועקגעפאָרן וואוהין ער האָט געדאַרפט. באַלד נאָכדעם, איז פאַרצייכנט געוואָרן, האָט דער דער ניי־דערוויילטער פּרעזידענט גערעדט, געלאַכט, געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו פירן דאָס לאַנד, באַשטימט מיניסטאָרן פאַר זיין קאַבינעט, פונקט ווי עס וואָלט קיין זאַך נישט פאַרגעקומען. „אַ האַרטער מענטש", האָט מען געקאָנט טראַכטן. „אַ מענטש וואָס גאָרנישט רירט אים אָן", האָט מען אים געקאָנט כאַראַקטעריזירן. אָבער די וואָס זענען גע־שטאַנען נאָענט צום קומענדיקן פּרעזידענט וואָלטן אייך געקאָנט דער־ציילן אַן אַנדערע מעשה. כאָטש קיינער האָט נישט געוואוסט גענוי וואָס עס קומט אין אים פאָר, האָט מען אָבער געוואוסט גענוג, אז ער האָט

דעם ענין ווייט נישט אזוי אָפּגעפּטרט ווי מען האָט געקאָנט טייטשן. נישט איינמאָל האָט דער ניי־דערווײילטער פּרעזידענט זיך געפרעגט אין יענע טעג:

„איז טאָקע זאַנגאַרא נישט מער ווי אַן אינדיווידועלער משוגענער? שטייט נישט ווער הינטער אים? בין איך באַגאַנגען עפּעס אַ פעלער פאַר וועלכן מען וויל זיך מיט מיר אָפּרעכענען?“

און רוזוועלט האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו זיין געוויסן. לאָמיר זען, האָט ער געזאָגט. וואָס אזוינס האָב איך געזאָגט אָדער געטאָן וואָס איך האָב נישט געדאַרפט טאָן און נישט געטאָרט זאָגן? ער האָט אָנגע־שטרענגט זיין זכרון. אַלץ, דאכט זיך, איז געווען ערלעך און ריין. עס איז נישט געווען קיין איינציקע זאַך וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער זאָל זיך שעמען עס צו טאָן. און עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך וואָס ער טוט, ער זאָל זיך שעמען וועגן דעם צו רעדן. איז ער אפשר געווען אומ־באַשיידן אין זיין רעדן צום פאָלק? אויף דעם האָט דאָס פאָלק גופא געגעבן דעם ענטפער. איז אפשר זיין פּראָגראַם אַ צו־געוואָגטער וואָס שרעקט אָפּ געוויסע קרייזן? אפשר. אָבער קיין שום פּאָליטישער קעגנער — אַן איינצלנער אָדער אַ גרופּע — וועט אים דערפאַר וועלן דערמאָרדן. האָט אפשר ביי עמיצן ארויסגערופן אַ מורא זיין זאָג, אַז מיט זיין פליען קיין שיקאַגאָ (אָנצונעמען די נאָמינאַציע פאַר פּרעזי־דענט) האָט ער געבראָכן אַ פּרעצעדענט און ער וועט נאָך ברעכן אַנ־דערע פּרעצעדענטן אויך? איז דאָס אומבאַשיידן? איז דאָס צו־פיל גענומען אויף זיך? נאָכאַלעמען, אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ טייל פון די אומשטענדן ארום אים. ווילנדיק, נישט ווילנדיק — ער מוז דאָך סוף כל סוף מיטגיין מיטן שטראָם. האָט דען נישט אייב־ראַהעם לינקאָלן געזאָגט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געוואָגט צו האָבן די אמביציע צו קאָנען קאָנטראָלירן דעם גורל פון די געשעענישן. אנשטאָט דעם, האָט ער זייער באַשיידן צוגעגעבן, אַז ער ווערט אליין קאָנטראָלירט פון די געשעענישן. אזוי האָט געזאָגט לינקאָלן. און וואָס זאָגט ער, פרענקלין ד. רוזוועלט?

מיר וועלן ברעכן פּרעצעדענטן. מיר וועלן שאַפן אַרבעט פאַר די אַרבעטלאָזע. מיר וועלן שאַפן ברויט פאַר די ברויטלאָזע. מיר וועלן אָפּשטעלן דעם אומזיניקן שפּיל פון ספּעקולאַציע. מיר, מיר, מיר...

עס זענען אַלעמאָל פאַראַן אַזוינע וואָס טייטשן אויס, אַז „מיר“ מיינט אין דער אמתן איך, פרענקלין ד. רוזוועלט. דערוועקט עס דער־פאַר פאַרדראָס און קנאה. מערסטנס טאָקע קנאה. ווייל אזוי זענען

שוין מענטשן. איז איינער שוואַך און נעבאַכדיק, רייסט זיך ארויס אַ קרעכץ פון מיטגעפיל. איז איינער, פאַרקערט, שטאַרק און אַנגעזען — פאַרגינט מען אים נישט. יאָ, עס זענען שוין פאַראַן אזוינע וואָס פאַרגינען אים, רוזוועלטן, נישט זיין גלאָריע — שוין אַצינד־אָ. מען טראַכט שוין, אַז די זעלבע גלאָריע און די זעלבע דערגרייכונג קומט גאָר אים — אָט דעם, וואָס מיינט, אַז רוזוועלט פאַרדינט עס נישט . . . אזוי זענען מענטשן. ברייט און גרויסמוטיק. ענג און נישט־פאַר־גינעריש. אַ פאַרפלאָנטערטער קאָמפּלעקס.

פרענקלין ד. רוזוועלט האָט אַ סך געטראַכט אין יענע ערבדיקע נעכט — ערב דער גרויסער עובדא זיינער. ער האָט דורכאויס נישט מינימיזירט די קאָלאָסאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער נעמט אויף זיך. וועט ער זיך קאָנען ספּראַווען דערמיט? ער האָפט, אַז יאָ. מיט וועלכן כח? מיט דעם כח פון אמת. מיט דעם ריינעם געדאַנק און מיט אַ ריינעם געוויסן. ער וועט זיך לאָזן באַדינען פון דעם שכל הישר. ער וועט זיך צוהערן צו דעם געפיל פון דעם פּשוטן מענטשן. ווייל וואָס איז דען אַ פּרעזידענט? אַן איבערמענטש? ניין. אַ פּרע־זידענטס ראָלע איז נישט קיין ראָלע פון אַן איבערמענטש און נישט פון אַ גאָט. אַ פּרעזידענט דאַרף בלויז שטיין אין כסדרדיקער באַ־רירונג מיטן פאָלק, וועלכן ער דינט, און נישט פאַרקערט: מאַכן פון דעם פאָלק אַ דינער פאַר זיך. אַ פּרעזידענט דאַרף בלויז וועלן וויסן וואָס דאָס פאָלק וויל און ער דאַרף זען צו דערפילן דעם דאָזיקן ווילן. דאָס איז נישט קיין סך. דאָס פאָלק פאַרלאַנגט זייער ווייניק. ער, פרענקלין ד. רוזוועלט, איז געוואָרן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט אָט־דעם ציל: צו געבן דעם פאָלק די עלעמענטאַרסטע זאַכן וואָס עס פאַרלאַנגט.

וועט ער דעם ציל דערגרייכן? ער וועט פּרואוון. ער זעט נישט איין פאַרוואָס נישט. עס דאַרף נאָר זיין דער ווילן און דער מוט פון זיין זייט און דער צוטרוי פון דעם פאָלקס זייט. אויב דיביידע שטרע־מונגען וועלן זיך צוזאַמענקומען, וועט ארויסוואַקסן אַ געראָטענע פּרי.

ווער האָט עס געזאָגט, אַז פרענקלין ד. רוזוועלט ליידט נישט פון קיין שלאָפלאָזע נעכט? ער אַליין טאַקע. "די איינציקע זאַך וואָס האַלט מיך וואַך ביינאַכט, איז שטאַרקע קאַווע." דאָס זענען זיינע ווערטער.. נו, רוזוועלט איז אַן אמתער מענטש. אָבער אַ מענטש איז ער. ער האָט ליב אַמאָל זיך אַ חנדל צו טאָן, אָדער צו טרייבן אַ קאַטאָוועס. דער אמת איז, אַז רוזוועלט האָט שוין געהאָט זייער אַ סך שלאָפלאָזע נעכט אין זיין לעבן — צי ער האָט געטרונקען שטאַרקע

קאַווע, צי נישט. און יענער פעריאָד פון זיין קאַריערע, דער פעריאָד פון איבערנעמען די פרעזידענטשאַפט פון דעם גרויסן, מעכטיקן לאַנד, איז געווען איינער פון די שטורעמדיקסטע, איינער פון די סאַמע ברענענדיקסטע אין זיין לעבן. האָט עס אים געגנוג שלאָפלאָזע נעכט צוגעשטעלט. ער האָט געטראַכט נישט נאָר פון זאַנגאַראַס פאַרזוך אוועקצורויבן זיין לעבן, נאָר וועגן די אורזאַכן פונם פאַרזוך, און וואָס וואָלט געווען, ווען דער פאַרזוך זאָל געווען געלינגען. און צי רוזוועלט האָט עפּעס אָפּגעלערנט דערפון, צי נישט — ווייסן מיר נישט. מסתמא יאָ. ווייל רוזוועלט איז אַ מענטש וואָס לערנט — סיי פון פּאָזיטיווע, סיי פון נעגאַטיווע דערשיינונגען. רוזוועלט געהערט נישט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן וואָס מיינען, אַז ער ווייסט שוין אַלץ וואָס עס איז דאָ צו וויסן. ווען דאָס וואָלט געווען דער פאַל, וואָלט איצטער אין ווייסן הויז פון וואַשינגטאָן געזעסן אַן אַנדערער פרעזידענט. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע קאָן נישט רעגירן אַ מענטש מיט אַ ציניש שמייכעלע אויף די ליפּן צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד.

רוזוועלט ווייסט, אַז ער באַגייט אַמאָל אַ פעלער. אָבער לויט דעם אויסערגעוויינטלעכן סכום פון ארבעט וואָס ער טוט אָפּ איז אַ טעות דאָ און דאָרט אומבאַדייטנדיק. דער עיקר איז — ער טוט, ער לאָזט נישט קיין זאַכן ווי זיי גייען, אויסער, אפשר, דער זון און דעם רעגן, דעם שניי און דעם אטלאַנטישן אָקעאַן.

ער האַלט, אַז איבלען מוזען אויסגעבעסערט ווערן. אַ חולאת, אַ פיזישע ווי אַן עקאָנאָמישע, מוז אויסגעהיילט ווערן. און נישט מיט קיין באַבסקע רפואות, נישט מיט אָפּשפּרעכן אַ "גוט אויג", נאָר מיט מאָדערנע מיטלען. רוזוועלט אידענטיפיצירט זיך נישט מיט דער טעאָריע פון, אַ שטייגער, אַ וויליאַם דזשענינגס ברייען, אַן אַמאָליקער פרעזידענט קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַז די איינציקע זאַך וואָס אַ מענטש דאַרף טאָן איז — זיך פאַרלאָזן אויפן אויבערשטן; ער וועט שוין אַכטונג געבן אויף דער וועלט און אויף איר באַלעבאַטישקייט. קאָנט איר זיך אויסמאָלן אַ פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן וואָס האַלט, אַז אונזער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן מיט פיר טויזנט דריי הונדערט יאָר צוריק; אַז זי איז געשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג צייט; אַז די ערשטע פרוי האָט געהייסן חוה און זי איז אויסגעשניטן געוואָרן פון אדמס ריפּ? . . . ברייען האָט געגלויבט, אַז די זון איז ערשט באַשאַפן געוואָרן אויפן פערטן טאָג (פון די זעקס טעג), און אַז אין די ערשטע דריי טעג איז געווען טאָג און עס איז געווען נאַכט — אָן דער זון . . .

ניין, פרענקלין ד. רוזוועלט איז אַ מענטש פון דער ערד, מיט אַ געזונטן שכל, מיט אַ קאַלטער לאָגיק, כאָטש מיט אַ וואַרים האַרץ. ער גלויבט, און האָט אַלעמאָל געגלויבט, אין טאָן, אין אַרבעטן, אויב נישט . . .

אויב נישט, איז הערט זיך צו צו נאָך אַ מעשהלע פון רוזוועלטס קינדהייט.

זיין מוטער האָט אים אַמאָל געהאָט אויסגערעדט אלמאי ער שאָפט זיך צופיל מיט זיינע חברים, די אַנדערע אינגלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך געשפּילט.

— פאַרוואָס לאָזסטו זיי נישט אַמאָל עפּעס טאָן? — האָט זי אים געמוסרט — אַלץ נאָר דו? . . .

— אָבער מוטער, — האָט ער איר געענטפערט אַ טויט-ערנסטער, — אויב איך וועל זיך פאַרלאָזן אויף זיי, וועט קיין זאַך נישט געטאָן ווערן . . .

וויפיל יאָר איז פרענקלין דאַמאָלס אַלט געווען? אַכט, צען, צוועלף — וואָס איז דער חילוק?

זאנגאַראַס שאָס האָט נישט געענדערט רוזוועלטס כאַראַקטער. אָבער אַ ווירקונג האָט עס אויף אים געמאַכט אַ טיפע, באַזונדערס דאָן, ווען זיין פריינט, אַנטאָן טשערמאַק, איז געשטאָרבן פון דער קויל וואָס איז געמיינט געווען פאַר אים, רוזוועלטן. און זייט נישט איבער־ראַשט צו הערן, אַז אונזער פּרעזידענט איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אינגאַנצן אויסגעהיילט פון דעם דאָזיקן ווייטיק.

קענט איר רוזוועלטן, ווען איר הערט אים לאַכן אזוי ברייט און הויך? דער דאָזיקער מאָן קאָן לאַכן אינדערהויך, אָבער ליידן איינ־דערשטיל.

# די ערשטע אײַנשװערונג

דער טויט האָט רוזוועלטן נאָכגעיאָגט אין ווייסן הויז. נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט עטוואָס צו קומען צו זיך פון דעם טויט פון מעיאָר טשערמאַק, האָט ער פאַרלוירן אַן אַנדערן פריינט, סע־נאַטאָר טאָמאַס דזשעי וואַלש פון מאָנטאַנאַ. אויך דער דאָזיקער טויט איז פאָרגעקומען אונטער מאָדנע אומשטענדן. דעם 2־טן מערץ, צוויי טעג פאַר דער איינשווערונג — רוזוועלטן אַלס פּרעזידענט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן און וואַלשן אַלס רוזוועלטס יוסטיץ מיניסטער — איז וואַלש געשטאָרבן אויף דער באַן, פאָרנדיק קיין וואַשינגטאָן.

דער אינצידענט האָט אויף אים געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינ־דרוק. אָבער — ווייניק מענטשן האָבן דערפון געוואוסט. די זעלבע אורזאַך: רוזוועלט קאָן ליידן אינדערשטיל. ער קאָן פאַרטראָגן די גרעסטע קלעפּ — אַליין, אָן אויסצושרייען זיין ווייטיק און זיין צער. בלויז פאַר די סאַמע נאָענטסטע האָט ער, אין אַ שוואַכער רגע, געלאָזט פאַלן אַ באַמערקונג וועגן זיין פאַרטרויערט געמיט.

אָבער די פליכטן וואָס זענען דאָן אויף אים געלעגן, די שווערסטע פליכטן וואָס מען קאָן נאָר אַרויפלייגן אויף איין מענטשן, האָבן גע־לינדערט זיין געמיט, האָבן געמאַכט עטוואָס פאַרגעסן אָן פּערזענלעכע אומגליקן. בערג מיט אַרבעט זענען געלעגן אָנגעגרייט. אַ קראַנקע וועלט האָט געוואַרט ביי זיין טיר. האָט ער צייט געהאַט צו טרויערן אויף פּערזענלעכע אומגליקן — אפילו אויף אַזעלכע וואָס האָבן אים אַזוי דירעקט אָנגערירט? יאָ. אַ ביישפּיל? אָט איז איינער: דעם 3־טן מערץ, אַ טאָג פאַר זיין איינשווערונג, אַ טאָג אין וועלכן ער האָט זיך געדאַרפט צוגרייטן צו דער שווערסטער עובדא פון זיין לעבן, האָט ער אַלץ און אַלעמען געלאָזט שטיין און ער איז אַוועק צו דער פאַמיליע פון טאָמאַס וואַלש, זי טרייסטן אויף דעם פאַרלוסט אירן.

דאָס איז נישט געווען קיין זשעסט לפנים וועגן. לפנים וועגן וואָלט אים די גאַנצע וועלט געווען מוחל געווען, ווען ער זאָל דאַמאָלס נישט געווען גיין צו דער פאַמיליע פון זיין פאַרשטאָרבענעם פריינט. אַ קלייניקייט, אַזאַ טאָג! אַזאַ יאָריד! ווי האָט גאָר זיין געדאַנק גע־

קאָנט טראַכטן וועגן עפּעס אַזוינס וואָס איז געלעגן אויסער זיין אויפ־טריט אויף דער וועלט־בינע?

ביי רוזוועלטס אָנקום קיין וואשינגטאָן דעם 2-טן מערץ, 1933, איז פאַרגעקומען נאָך אַ פאַל, דאָס מאָל אַ קוריאָזער. עטלעכע טעג פאַר דעם האָט געהאַלטן כסדר אין איין רעגענען אין דער הויפּט־שטאָט. אָבער אַזוי גיך ווי רוזוועלט איז אַראָפּ פון דער באַן האָט דער רעגן גלייך אויפגעהערט, ווי עמיץ וואָלט אַ מאַך געטאָן מיט אַ כישוף־שטעקעלע. ווען מען האָט געצויגן זיין אויפמערקזאמקייט צו דעם, האָט ער צופרידן זיך צעשמייכלט מיט זיין ברייטן שמייכל, וואָס איז שפּעטער אַזוי באַרימט געוואָרן איבער דער וועלט. דאָס האָט אים אַביסל אויפגעהייטערט און עטוואָס אָפּגערייניקט די אַטמאָספער פון טויט און מרה שחורה וואָס האָט זיך געהאַט אויסגעשפּרייט אַרום אים.

דער פערטער מערץ, 1933, איז געווען אַ גרויסער טאָג אין וואַ־שינגטאָן. דאָס לאַנד האָט באַדאַרפט באַנייט ווערן מיט אַ נייעם פּרעזידענט. עס איז אַלעמאָל אַ פאַסירונג אינם לעבן פון דער גרויסער רעפּובליק, ווען דאָס פאָלק נעמט־אויף אַ נייעם מושל. דאָס מאָל איז די פאַסירונג געווען פון אַ באַזונדערס גרויסן באַדייט. איז דעריבער די שטאָט געווען אויסגעצירט מיט אַ באַזונדערן סאָרט פּוץ. האָפענונג און דערוואַרטונג האָט אַראָפּגעשיינט נישט נאָר פון מענטשלעכע פּנימער, נאָר, דאַכט זיך, פון יעדער געביידע, פון יעדן ווינקל. עס איז נישט געווען דער מין פריילעכקייט פון אַ דורכשניטלעכן יום טוב, נאָר אַ פריילעכקייט אַ טיפע, געמישט מיט ערנסטער פייערלעכקייט. די גאַסן און עוועניוס זענען געווען איבערגעפּלייצט מיט מענטשן, מענטשן פון אַלע קאָלירן און ראַסן פון אַלע עקן לאַנד. אַ געניט אויג האָט גע־קאָנט אונטערשיידן בירגער פון דער איסט און נאָרד און בירגער פון דער וועסט און סאַוט. לויט דער קליידונג איז נישט צו־שווער געווען דאָס צו דערגיין. עס איז געווען ווינטערדיק וועטער אין דער הויפּט־שטאָט און די סאַוטערנערס און וועסטערנערס האָבן געכאַפּט אַ ציטער אין זייערע לייכטע מלבושים.

דער גאַנצער וועג דורך וועלכן דער נייער פּרעזידענט האָט גע־דאַרפט דורכפאָרן צו זיין איינשווערונג איז געווען באַלאַגערט פון נייגעריקע מענטשן, וועלכע זענען געקומען פון ווי ווייט צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם מאַן פון דער שעה. פּאָליציי האָט געהאַלטן אָרד־נונג. זי האָט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק ווייל עס איז שוין געהאַט גע־מאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צו שיסן אויף מר. רוזוועלטן. אָבער צו־שטערונג איז זי נאָך אַלץ נישט געווען. קיינער האָט נישט געוואָלט

גלויבן, אַז אַזאַ ווילדער פּאַרזוך זאָל זיך איבערחזרן. דאָס איז עכט-אַמעריקאַניש. דער דאָזיקער לייכטזין קאָסט אַמאָל אַ קרבן, עס ליגט אָבער אין אים דער ספּעציפישער חן פון אַ פאָלק.

די עטיקעט פאָדערט, אַז דער ארויסגייענדיקער פּרעזידענט באַגלייט דעם אריינקומענדיקן פּרעזידענט צו דער איינשווערונג-צערעמאָניע אין דער אָפענער קארעטע. איז דער עולם געווען באַזונדערס נייגעריק צו זען הואווערן לעבן רוזוועלטן. דער קאַמפּעין וואָס איז געפירט געוואָרן פון ביידע גרויסע פּאַרטייען אויף אַ גאַנץ ציווילי-זירטן אופן, איז דאָך טיילווייז געווען שטורמיש און ביטער. די רעפּובליקאַנישע אדמיניסטראציע האָט נאָר-וואָס געהאַט פאַרענדיקט אַ צוועלף-יאָריקע הערשאַפט אין ווייסן הויז. די רעפּובליקאַנישע פּאַרטייפירער האָבן שוין אָנגעהויבן מיינען, אַז זיי זענען אומבאַזיגבאַר. דעריבער איז די אנטוישונג אין זייערע רייען געווען אזוי גרויס. אָבער פּרעזידענט הואווער איז גיך געקומען צו זיך פון דעם קלאַפּ און ער האָט געהאַנדלט אויפן אמעריקאַנישן שטייגער: אַלס אַ גוטער פאַרלירער. ער האָט צוגעשיקט רוזוועלטן די טראַדיציאָנעלע באַגריסונג צו זיין זיג און אים געוואונטשן דערפאָלג אויפן נייעם אַמט. דאָך האָבן אַלע געוואוסט, אַז עס איז געבליבן אַ וואונד אין הואווערס האַרץ, וואָס האָט נישט געקאָנט אויסגעהיילט ווערן מיט גוטער ספּאָרטישקייט.

וואשינגטאָן האָט אין 1933 געציילט אַ באַפעלקערונג פון וואָסערע פיר הונדערט טויזנט. אין דעם טאָג פון דער איינשווערונג זענען זיך אַהין אָנגעקומען מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל. דער שטח דורך וועלכן ביידע פּרעזידענטן האָבן געדאַרפט דורכפאָרן און וואו די איינשווערונג-צערעמאָניע האָט געזאָלט פאָרקומען איז געווען פול און קאָמפּאַקט. מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. מענער און פרויען. אַלט און יונג. אָרים און רייך. ווייס און שוואַרץ. געל און ברוין. עס איז געווען אַ שפע פון קאָלירן און די גרעסטע גאַלעריע אויסשטעלונג פון פּנימער פון אַלערליי פאָרמען און קאָנטורן. אַלע הערצער האָבן געקלאַפּט מיט איין טאַקט — דעם טאַקט פון דערוואַרטונג. אַלע הערצער האָבן אָנטהאַלטן דעם זעלבן ציטער — דעם ציטער פון האָפנונג. אַלע האָבן באַגריפן די ערנסטקייט פון דער שעה. אַלע אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אין איין ריכטונג, אין דער ריכטונג וואו עס האָט זיך געפונען פרענקלין ד. רוזוועלט.

נישט יעדעס אויג האָט אים דערגרייכט פיזיש. אַלע אויגן האָבן אים אָבער דערגרייכט גייסטיק. נישט יעדעס אויער האָט געקאָנט געננוי אויפכאַפּן וואָס ער האָט געזאָגט. גייסטיק איז מען אָבער געווען באַהעפט מיט זיינע שניידנדיקע, מוטיקע און מונטערנדיקע רייד —

רייד, וואָס איז נאָך קיינמאָל, אין דער גאַנצער אַמעריקאַנישער געשיכטע, נישט אויסגעקומען צו הערן פון אַ פּרעזידענט ביי זיין איינשווערונג.

ער האָט גערעדט שאַרף, אָפן און קלאָר. פונדעסטוועגן איז ער אַלץ געבליבן דער דזשענטלמאַן וואָס ער איז. ער האָט אָנגעגריפן אַ סאָציאַלע גרופּע פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. ער האָט גערעדט בייסיק און מיט הארץ. אָבער ער האָט נישט געסטראַשעט. ער האָט נישט געזידלט. ער האָט נישט באַליידיקט פּערזענלעך. ער האָט בלויז אויפגעדעקט די געמיינע, אומדאַנקבאַרע ראָלע פון אַ גרופּע מענטשן אין דער געזעלשאַפט ביי וועלכע דאָס געוויסן איז אָפּגעשטאָרבן.

לעבן אים אין דער קאַרעטע, וואָס האָט אים געפירט צו דער איינשווערונג, איז געזעסן הוירבערט הואווער.ביידע מענער זענען הויכע, מאַסיווע און פעסט־געבויטע. ביידע האָבן געטראָגן די טראַדיציאָנעלע צילינדערס און שווארצע פּראַקן. און ביידע האָבן געקראָגן רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן פון די הונדערטער טויזנטער אַרומשטייענדיקע. וועמען האָט מען אַפּלאָדירט מער? מען האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן. אָבער רוזוועלט האָט אַרויסגעוויזן זיין שיינעם טאַקט. ער האָט געענטפערט אויף דעם ענטוזיאַזם פונם עולם מיט קילער איינגעהאַלטנקייט. ער האָט זיך באַמיט צו שאַפן דעם איינדרוק, אַז הואווער און נישט ער קריגט עס דעם גרעסערן אַפּלאַוז.

דאָס איז געווען אַ זשעסט פון אַ גרויסמוטיקן געווינער און עס מעג פאַרצייכנט ווערן.

מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט און אַן ערנסט פּנים האָט רוזוועלט פייערלעך נאָכגעזאָגט די ווערטער פון דעם באַבערדלטן הויפּט־ריכטער פון דעם העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, טשאַרלז עוואַנס היוז. ״איך, פרענקלין ד. רוזוועלט, שווער פייערלעך צו, אַז איך וועל הייליק אָפּהיטן דעם אַמט פון פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און איך וועל מיט מיין גאַנצער פעאיקייט וואָס איך באַזיץ אָנהאַלטן, אָפּהיטן און פאַרטיידיקן די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן.״

הונדערט און פינף־און־צוואַנציק מיליאָן אַמעריקאַנער האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם ביי אָט־די פּשוטע ווערטער. אויך כמעט די גאַנצע אויסערלעכע וועלט האָט זיך צוגעהערט מיט דעם גרעסטן אינטערעס. יעדער האָט געוואָלט אַרויסדרינגען דעם באַדייט פון אָט־די ווערטער אויף רוזוועלטס ליפּן. עס איז געשטאַנען דער פּשוטער פאָלקסמענטש, וואָס איז אַזוי פאַרזען געוואָרן פון דער פריערדיקער

אַדמיניסטראַציע, אַ פאַרשטיינטער, מיטן היטל אין דער האַנט, און האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אויפצונעמען די שבועה פון אַט־דעם סימפּאַטישן, דאָך פאַר זיי פרעמדן מענטשן. ער וועט, מיט די פּעאַי־קייטן וואָס ער באַזיצט, היילין אָפּהיטן די קאָנסטיטוציע פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן . . . וועט אַט־דער פרעמד־אייגענער מענטש מיט דעם אָפענעם פּנים האַלטן זיין וואָרט, אָפּהיטן זיין שבועה אַזוי אַז דער פּשוטער פאָלקסמענטש וועט, צוזאַמען מיט זיינע אייגענע, זיך קאָנען לייגן שלאָפן בייניאַכט אַ מידער אָבער מיט אַ רואיקן געדאַנק, אַז ער האָט זיין דזשאָב, זיין זיכערקייט פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג ?

עס האָט זיך צוגעהערט דער אַמעריקאַנער קליינער סוחר און קליינער אינדוסטריעלער. אין די קרעמלעך און אין די שעפּער און אין די אָפיסעס האָט מען זיך צוגעהערט צו דער שבועה פון דעם מענטש וואָס ווייזט אויס צו זיין אַזוי ערלעך און אַזוי אויפריכטיק. וועט ער נישט זיין קיין אַנטוישונג ? וועט טאַקע דער קליינער מאַן קריגן זיין תּיקון, ענדלעך אַמאָל געהאָלפן ווערן ? וועט דער נייער פּרעזידענט זען, אַז די קאָנסטיטוציע פון דעם רייכן לאַנד זייערן זאָל פאַרהיטן פון אונטערגאַנג דעם וואָס געפינט זיך אינמיטן ? אַט דעם וואָס ווערט גע־וויינטלעך צעריבן אונטער די רעדער פון די צוויי עקסטרעמע קלאַסן אין דער געזעלשאַפט ? וועט דער נייער מושל זען צו פאַרמיידן די שטראָף וואָס דאָס מיטל־מענטשעלע קריגט נאָר דערפאַר ווייל ער איז שוואַך און פאַרנעמט אַ שלעכטע פּאָזיציע אין לעבן ?

עס האָט זיך צוגעהערט דער גרויס־קאַפּיטאַליסט. ער האָט גע־האַלטן דעם ציגאַר אין מויל, מער געביסן אים ווי געררויכערט, און האָט קיין איינציק וואָרט נישט געוואָלט פאַרלירן. מיינט ער עס טאַקע דאָס וואָס ער זאָגט, אַט דער רוזוועלט וואָס שטאַמט אַליין פון אַ רייכער פאַמיליע ? וואָס גייען אים אָן די אָרימע ? וואָס גייען אים אָן די שוואַכע ? ער אַליין איז רייך און שטאַרק. ער אַליין האָט דער־גרייכט דעם זעניט — וואָס־זשע וויל ער ? וואָס סטראַשעט ער, אַז ער וועט די חלפנים (געלט־בייטער) פאַריאָגן אין די לעכער ? ווייסט ער דען נישט, אַז די רייכע האָבן מאַכט און מיטלען זיך צו ווערן אפילו קעגן אַ פּרעזידענט ? דאַרף נישט אַ נייער פּרעזידענט וויסן דערפון און זיין פאָרזיכטיק מיט זיינע רייד ?

אָבער פאַרוואָס ציטערט ער פונדעסטוועגן, דער באַנקיר און געלט־בייטער, זיצנדיק ביי דער ראַדיאָ און צוהערנדיק די רייד פון דעם מאָדנעם מענטשן — רייד אַזוינע שטאַרקע, אַזוינע פעסטע, פּונקט ווי ער וואָלט טאַקע געמיינט אַלץ וואָס ער זאָגט ? . . . ״גליק ליגט

נישט אין דעם באַזיץ פון געלט . . . ״ — דונערט ער פון זיין פּלאַט־פאָרמע. ״די פרייד און די מאָראַלישע באַפרידיקונג פון ארבעט טאָר נישט פאַרגעסן ווערן אין דעם משוגענעם געיעג נאָך פּראָפיטן . . . ״ — האַמערט ער אויס זיינע זאַצן אויף זיין אַנגענעמער שטים. ״נישט אַנדערש,״ — טראַכט דער מיטן ציגאַר צווישן די ציין, ״נאָר אַז דער מאַן רוזוועלט איז גערירט פון זינען . . . ״

און די הונדערטער טויזנטער שטייען איינגעקרעמפּט ארום און ארום דער פּלאַטפאָרמע און שלינגען די ווערטער. און נאָך מיליאָנען זיצן אין זייערע היימען, ביי די ראַדיאָס, און הערן זיך צו ווי דער פּרעזידענט לייענט פאָר זיין פּראָגראַם מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. ״די איינציקע זאַך פאַר וועלכער מיר דאַרפן זיך שרעקן איז די שרעק גופא . . . ״ אַ נייע הויט טוט זיך אָן אויף די צוהערער פון יעדן ווינקל פון דעם גרויסן לאַנד. וואָס מיינען די דאָזיקע רייד? אַז פאַר עפּעס אַנדערש איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן. אויב עס איז נישטאָ קיין ארבעט, וועט זיין אַרבעט. אויב עס איז נישטאָ קיין ברויט, וועט זיין ברויט. דאָרט וואו עס איז דאָ מיזעריע, וועט זי אָפּגעשאַפט ווערן. דער עיקר: נישט מורא האָבן. נישט אַריינפאַלן אין פּאַניק, אין הילפלאָזיקייט. ווייל — טרייסט דער נביא אויף זיין טריבונע — ״מיר זענען נישט באַפאַלן געוואָרן פון קיין היישעריק . . . ״ קיינער, הייסט עס, וועט קיינעם נישט אויפעסן. די הויפּזאַך איז, אַז די מורא פאַרן מאָרגן זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. זי זאָל מער נישט אויפעסן דאָס לעצטע ביסל מוט אין דעם מענטש, זי זאָל נישט ארויסציען דאָס לעצטע ביסל לעבנס־זאַפט פון די אָדערן.

דאָס זענען געווען נייע רייד, נאָך קיינמאָל נישט געהערטע פון אַ נייעם פּרעזידענט. און זיי זענען טאַקע אויפגענומען געוואָרן מיט געמישטע געפילן. איין טייל, דער גרעסטער טייל, דער וואָס שטעלט צוזאַמען מיליאָנען, איז געווען באַגייסטערט, באַנייט און באַהאָפנונגט. דער אַנדערער טייל, דער וואָס שטעלט צוזאַמען די מינדערהייט, די פּריווילעגירטע מינדערהייט, איז געווען פּריטשמעליעט און דער־שלאָגן און האָט נישט געוואוסט ווי אזוי דאָס אויפצונעמען. די טע־לעפאָנען פון דער דאָזיקער מינדערהייט האָבן זיך צעוואָיעט. איין באַנקיר האָט געזוכט טרייסט ביי דעם אנדערן. איין קוילן־באַראָן, אויל־מאַגנאַט, אויטאָמאָביל־קעניג האָט געוואָלט הערן וואָס דער אַנ־דערער האָט צו זאָגן. איין זאַך האָט ער באַלד דערגרייכט, דער נייער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן: ער האָט אויפגעשטורעמט דאָס לאַנד, אויפגערודערט אַלעמענס געמיטער, צעטרעסלט די פּסי־כאָלאָגישע פונדאַמענטן פון אָרים און רייך — ביי די אָרימע, די פונ־

דאַמענטן פון נויט און מיזעריע, ביי די רייכע, פון לוקסוס און ציני־שער גלייכגילט צו אַנדערע.

נישט נאָר דאָס לאַנד. דער רושם פון דער נייער פּערזענלעכקייט איז ווייט אריבער די גרעניץ פונם לאַנד. אַ גאַנצער קאָנטינענט האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס דער נייער מאַן האָט געהאַט צו זאָגן. "מיר ווילן לעבן אין פרידן מיט אַלע וואָס ווילן לעבן בשלום מיט אונז . . . " — האָט ער אריבערגערעדט צו די שכנותדיקע מלוכות פונם קאָנטינענט, אזוי גוט ווי צו מלוכות פון אייראָפּע און אזיע. עס איז פאַראַן בלויז איין וועג ווי אזוי זיך איינצולעבן מיט אנדערע פעלקער — האָט ער געזאָגט — און דאָס איז נישט וועלן פעט און רייך ווערן אויף זייער חשבון. צו אַלע וואָס ווילן לעבן מיט אונז אין פרידן — האָט ער געזאָגט — וועלן מיר אויסשטרעקן אַ ברודערלעכע האַנט . . .

אויף יענער זייט ריאָ גראַנדע, דאָרט וואו עס ענדיקט זיך די ענג־לישע שפּראַך און עס הויבט זיך אָן די שפּאַנישע, איז מען געווען פאַרגאַפט. נישט דערפאַר ווייל עס איז זיי נאָך דאָרטן נישט אויס־געקומען צו הערן אַזעלכע שיינע רייד פון אַן אַמעריקאַנישן פּרעזי־דענט. דווקא יאָ. וואודראָו ווילסאָן, פראַנקלין ד. רוזוועלטס דעמאָ־קראַטישער פאָרגייער, האָט נישט געזשאַלעוועט קיין געפליגלטע צו־זאָגן אין יענער ריכטונג. און ער האָט זיי מסתמא געמיינט אויך. אָבער ער האָט זיי, צוליב איין סיבה, אָדער אַן אנדערער, נישט גע־האַלטן. דאָס האָט מען געדענקט אָט־דאָרטן אריבער די דרומדיקע גרעניצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. האָט מען דעריבער געהאַט יעדע רעכט צו באַציען זיך מיט אַ מאָס סקעפּטיציזם. אָבער אין פראַנקלין ד. רוזוועלטס רייד און אין זיין טאָן איז געלעגן עכטקייט און אזוי פיל איבערצייגונג, אַז עפּעס האָט זיך אָנגענומען. עס האָט זיך אין דער אמתן אָנגענומען אזוי פיל, אַז די גאַנצע פרעסע פון לאַטיין אַמעריקע, די שפּאַנישע און די פּאָרטוגעזישע, האָט אויפגעכאַפּט מר. רוזוועלטס ווערטער ווי אַ נייע ווענדונג פון דעם גרעסערן אמעריקאַ־נישן ברודער צו די קלענערע אָבער נישט ווייניקער וויכטיקע ביי זיך ברידער פון אנטקעגנאיבער.

צו דעם נייעם פּרעזידענטס רעדע האָט זיך דאַמאָלס צוגעהערט אַזאַ לאַנד, ווי סאָוועט רוסלאַנד — אַ לאַנד מיט אַ באַפעלקערונג פון הונדערט מיט פינף־און־זיבעציק מיליאָן און מיט אַ טעריטאָריע וואָס נעמט אריין אַ זעקסטל פון דער ערד. ווייל רוזוועלט, דער נייער מענטש אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק; דער מענטש, וועלכער

האָט דאָן אין דער וועלטס אויגן אויסגעקוקט אַנטקעגן דעם פּראַקטישן, אויסגעפּרואוווטן הוּאווער ווי אַ שיפּע זיבעלע, האָט געהאַט דעם מוט און די "העזה" צו דערקלערן פריער, אַז עס איז דער גרעסטער אומ־זין וואָס אַזאַ ריזיק לאַנד, ווי דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט אַ מלוכה־סטאַזש פון פופצן יאָר, זאָל נישט "אַנערקענט" ווערן, אין דער צייט, ווען אנדערע מלוכות, וועמעס פּאָליטישע סיסטעמען זענען אויך ווייט פון צו זיין צופרידנשטעלנדיק לויטן אמעריקאנישן באַגריף, זענען יאָ אנערקענט (מיינענדיק איטאַליעס פאַשיסטישן רעזשים און די גאַנץ־און האַלבע פאַשיסטישע רעזשימען פון אנדערע לענדער).

אַוודאי האָבן דאָס גרויסע רוסישע פאָלק און אויך די סאָוועטישע פירער אריבערגעקוקט אַהער און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס אָט דער נייער, קלוגער פּריינט זייערער האָט צו זאָגן. וועט ער האַלטן וואָרט? — האָבן זיי זיך געפרעגט. וועט ער אָפּווישן די באַליידיקונג וואָס די פריערדיקע אמעריקאנישע אדמיניסטראציעס האָבן אויף זיי געוואָרפן?

עס האָט זיך צוגעהערט אַזאַ לאַנד ווי כינע און דאָס גרויס, קלוג, געדולדיק פּאָלק — פיר הונדערט מיליאָן שטאַרק. אָדער בעסער: פיר הונדערט מיליאָן שוואַך. וועט אָט דער פרעמדער, ווייטער מאַן, אויף וועלכן מען זאָגט, אַז ער האָט אַזאַ ברייט האַרץ, זיך אָננעמען זייערע קריוודעס וואָס געדויערן שוין אַזוי לאַנג? וועט ער ענדלעך איינזען, אַז עס איז געקומען די צייט צו באַשטראָפן דעם חוצפּהדיקן שכן זייערן, וועלכער גיט זיי קיין רו און קיין פרידן נישט? ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער פון זיי אוועקגערויבט אַ שטיק פון זייער לאַנד, מאַנדזשוריע. ער גיסט אויס זיין אויסגעלאַסן האַרץ אויף זייערע זין און טעכטער. ער האַלט דאָס גרויסע פיר הונדערט מיל־יאָניק פאָלק אין אַ שטענדיקן טעראָר. ער שאַרפט שוין זיינע ציין אויף נאָך לאַנד. מיט דעם וועלן קומען נאָך פייניקונגען פאַר אנדערע ברידער און שוועסטער. און זיי? פאַרוואָס שווייגן זיי? זיי זענען דאָך אַזוי פיל אין צאָל — אַזוי פיל מער איידער דער חוצפּהדיקער יונג פון דעם שכנותדיקן לאַנד?

עס שטייט זיי נישט אָן צו פאַרמעסטן זיך מיט אים. זיי האַלטן טייער די לערע פון זייערע גרויסע מייסטערס. "כח ליגט נישט אין קיין שפּיז און נישט אין קיין שווערד . . . " — האָבן זייערע חכמים געפּרייידיקט. "דער וואָס קאָן נישט קאָנטראָלירן זיינע עמאָציעס און הויבט־אויף אַ שפּיז קעגן זיין מיטמענטש איז אַ פּחדן." "דער וואָס בויגט אָן זיין קאָפּ פאַר זיין מיטמענטש, דער האַלט אָן זיין שטאָלץ, זיין ווירדע און זיין גייסטיקן כח . . . "

וועט־זשע אַט דער נייער מושל האָבן דעם ווילן אָפּצושטעלן אַט די פֿאָלקס־חרפּה וואָס איז באַפֿאַלן פֿיר הונדערט מיליאָן מענטשן — דעם ווילן און דעם מאָראַלישן כּח?

עס האָבן זיך צו רוזוועלטס רייד צוגעהערט זעכצן מיליאָן פּיליפּינער — אַ פֿאָלק מיט אַן אייגנאַרטיק לעבן, מיט אַ שיינער פֿאָלקס־קולטור, אָבער אָן דער פֿרייהייט וואָס זיי באַגערן. אַ פֿאָלק וואָס האָט ביזן יאָר 1565 געלעבט ווי עס האָט געוואָלט — אין זאָרגלאָזיקייט און אין פֿרייד; אין אָן אָרימקייט וואָס האָט זיי צוגעשטעלט די גרעסטע רייכקייט. ביז וואַנען עס איז געקומען אַן אויסלענדער פֿון איבעריע און האָט זיי פֿאַרשקלאַפֿט צו אַ קעניג, וועמעס נאָמען זיי האָבן נאָכדעם געמוזט אָננעמען. זיי האָבן דעם קעניג פֿיליפּ פֿון דעם לאַנד שפּאַניע קיינמאָל נישט אָנגעזען. אָבער זיין האַרטע בייטש האָבן זיי געפֿילט איבער זייערע לייבער אַ לאַנגע צייט. ביז עס איז געקומען אַן אַנדערער אויסלענדער, פֿון אַן אַנדערער ריכטונג, און האָט זיי באַפֿרייט פֿון דעם פֿאַרשקלאַפֿער פֿון איבעריע. דער נייער הערשער איז געווען מילדער און לייטישער. ער האָט זיי אַפֿילו צוגעזאָגט מיט דער צייט זיי אינגאַנצן צו באַפֿרייען. וועט ער האַלטן וואָרט? אפשר אַט דער נייער מאַן מיט דעם פֿיינעם שמייכל אויפֿן פּנים — אפשר וועט ער אַרויסווייזן די גרויסמוטיקייט פֿון אַ שטאַרקן און באַפֿרייען אַ שוואַכערן פֿון זיך פֿון אומזיסטער חרפּה צו זיין יענעם אונטערטעניק.

עס האָבן זיך צוגעהערט דריי הונדערט און פֿופֿציק מיליאָן אינדיער. וועט דער נייער מאַן פֿון דעם לעגענדאַר־רייכן לאַנד זיך דערמאָנען אויך אין זיי, די יתומים פֿון דער וועלט? וועט דער נייער פּרעזידענט קאָנען אויסאיבן אַן איינפֿלוס אויף זיין ענגלישן קוזין אויפֿצועפֿענען פֿאַר די ברויגע ברידער אַ טירעלע פֿון פֿרייהייט? דער נייער פּרעזידענט, וואָס רוזוועלט איז זיין נאָמען, פֿון דעם ווייטן רייכן לאַנד, קאָן טאָן אַ סך זאַכן — אויב ער זאָל נאָר וועלן. וועט ער וועלן?

עס האָט זיך צוגעהערט צו דעם פּרעזידענטס רייד גאַנץ אייראָפּע. די קראַנקע און אומבאַלאַנסירטע אייראָפּע. עס איז נישט אמת, ווי מען האָט געמיינט, אַז רוזוועלט האָט איבערגענומען אַ קראַנק לאַנד. נייך, רוזוועלט האָט טיילוויז איבערגענומען אַ קראַנקע וועלט וואָס ער האָט געדאַרפֿט העלפֿן אויסהיילן. וועלן אים טראָגן כּחות דערפֿאַר? די שטאַרקע, אַזוי גוט ווי די שוואַכע, האָבן שטודירט רוזוועלטס רייד. אַזוי די גערעכטע, אַזוי די אומגערעכטע. אַזוי די געשלאָגענע, אַזוי די שלעגערס. וואָס וועט זיין דעם פּרעזידענטס שטעלונג וועגן אויס־

לאַנד? וועט ער ווייטער אָנהאַלטן די פּאָליטיק פון אָפּגעזונדערטקייט פון הארדינג, קולידזש און הואווער? דאַן — האָבן די אומגערעכטע געטראַכט — איז גוט. דאַן — האָבן די גערעכטע און געשלאָגענע גע־טראַכט — איז אַ סוף צו אייראָפּע. דאַן וועט מקוים ווערן די פינצטער'ע נבואה פון דעם דייטש שפּענגלער. אויב דער נייער פּרעזידענט וועט נישט אויסטרעטן קיין נייע וועגן, דאַן פרייט זיך, שדים, גייט אַ קאראהאָד! מוסאָליני און היטלער, פּראַוועט אַ יום טוב! קומענדיקער פראַנקאָ און קומענדיקע אַנדערע פויגלען פון דעם מין, לעבט אַ גוטע נאַכט! שאַרפט די מעסערס! ציט אָן די תליות! אויס מיט אייראָפּע! אויס מיט דער ציוויליזאַציע!

אויב אָבער דער נייער פּרעזידענט מיינט עס ערנסט וואָס ער האָט אָנגעדייט אין זיין פּראָגראַם, אַז אַמעריקע און אייראָפּע זענען נישט קיין צוויי באַזונדערע קערפּערס, נאָר צוויי באַזונדערע אברים פון איין קערפּער, און אַז ווען איין טייל פון דעם איינעם קערפּער וועט ווער'ן קראַנק און פאַרדאַרט, וועט במילא דער אנדערער טייל אָנגערירט ווערן, דאַן איז נאָך פאַראַן אַ האָפנונג, אַז די פינצטערניש זאָל איינ־גייען, פאַרשווינדן און אַ שטראַל זאָל אויפגיין, נישט פון מזרח נאָר דווקא פון מערב — פון דער נייער וועלט, פון דעם יונגן לאַנד, — אַ שטראַל וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטן און פונאַנדערשפּרייטן איבער אַלץ גרעסערע שטרעקעס פון דעם אוניווערז, ביז וואַנען עס זאָל פאַרכאַפּן גאָר די ערד און זי באַדעקן מיט זון און וואַרימקייט.

אזוי האָט רוזוועלט דאמאָלס אויפגערודערט די געמיטער פון מענטשן. ער האָט, אַזוי־ארומער, געוועקט האָפנונג און די פאַנטאַזיע נישט נאָר ביים "פאַרגעסענעם מענטש" אין זיין לאַנד, נאָר אויך ביי די צענטליקע מיליאָנען פאַרגעסענע און באַשפּיגענע פון דער גאַנצער וועלט. זיינע רייד זענען אויך געווען געמיינט אויפצואוועקן דעם פאַרשלאָפענעם געוויסן פון דער מענטשהייט, דערהויפּט ביי די פירער. עס איז געלעגן פאַר זיינע אויגן אַ באַנקראָטירטע פירמע וואָס האָט געהייסן "וועלט־פירערשאַפט". ער האָט עס געדאַרפט דער דאָזיקער פירמע געבן אַן איינשפּריץ, אַ וויטאמין פיל און זי אָפּראטעווען פון אַ פיזישן און מאָראַלישן פונאנדערפאַל.

נאָך יענער היסטאָרישער רעדע איז רוזוועלט אוועק אויף זיין נייער דירה. ער האָט זיך ארייגעזעצט אין דער פּרעזידענט־שטול וואָס איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן פאַר אים. מענטשן, וועלכע האָבן אים געזען אוועקזעצן זיך צום ערשטן מאָל אויף אָט דער שטול, האָבן זיך פשוט נישט געקאָנט אָפּוואונדערן מיט וואָסער רואיקייט און גע־מיטלעכקייט און "איינגעוואוינטקייט" ער האָט זיך אין איר ארייגגע־

פֿאַסט. ווען עס זאָל זיך צווישן די ערשטע צושויער געווען געפֿינען אַן אָבערגלויבערישער מענטש, וואָלט ער זיכער געווען געדענקט, אַז עס איז מסתמא אָנגעצייכנט געוואָרן אין הימל שוין מיט איין־און־פֿופֿציק יאָר פֿריער, אַז פֿרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט זאָל זיין דער פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע מיט אַזוי פֿיל יאָרן שפּעטער.

אַן אַנדערער אויף רוזוועלטס פּלאַץ וואָלט דאַמאָלס געווען צו־דריקט געוואָרן פֿון די קאָלאָסאַלע פֿליכטן וואָס זענען אים פֿאָרגע־שטאַנען. אַ מענטש מיט קלענערע פּאָטענצן ווי ער וואָלט מסתמא געווען געטראָטן אויף אַ מער־ווייניקער אויסגעטראָטענעם וועג. אויף דעם וועג פֿון זיינע פֿאָרגייער. ער וואָלט אַ סך זאַכן געווען געלאָזט גיין ווי זיי גייען. אַ מענטש מיט גרעסערע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן איידער דער דורכשניטלעכער פּרעזידענט פֿון לאַנד וואָלט, אין יעדן פֿאַל, געווען אָנגעצויגן, אָנגעשטרענגט, קרענקלעך, פֿון די שווערע אויפֿגאַבעס. ער וואָלט געווען שווער, עקסצענטריש און ער וואָלט געהאַט מאָמענטן ווען עס וואָלט געווען אוממעגלעך מיט אים צו אַרבעטן. אַ קלייניקייט אַן אויפֿגאַבע! אַ קלייניקייט אַ פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט! ווי נעמט מען כח, אָטעם, מוט, ווילן און פֿעאיקייט זיך דערמיט צו ספּראַווען? מען וואָלט אויסגעזען מיד, נישט אויסגערוט, נישט דערשלאָפֿן. מען וואָלט אַרומגעגאַנגען מיט אַ מאַרטירערישער מינע אויפֿן פּנים.

אָבער נישט פֿרענקלין ד. רוזוועלט. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיט אַזאַ לייכטן אימפּעט, מיט אַזאַ געמיטלעכער ענער־גיע, מיט אַזאַ פּערמאַנענטן שמייכל אויף זיין ברייט פּנים, וואָס האָט אַלע מיטאַרבעטער זיינע, פֿונעם סטעיט סעקרעטאַר ביז אַ סטענאָגראַ־פֿיסטן, אָנגעשטעקט מיט אַן אָפּטימיזם וואָס האָט געמאַכט די אַרבעט ברענען אונטער זייערע הענט. די ערשטע צייט זענען זיי געווען באַ־רוישט און געפּלעפֿט. עס איז זיי געווען שווער צו באַנעמען זיין צו־גאַנג. איז ער טאַקע דער מאַן פֿאַר דעם דזשאָב? איז ער דער מענטש פֿון דער שעה? באַגרייפֿט ער טאַקע די ערנסטקייט פֿון דער לאַגע? עס ווייזט אויס, אַז יאָ. אָבער ווי אַזוי קאָן עס אַ מענטש צוגיין צו אַזעלכע פּראָבלעמעס מיט אַזאַ לייכטקייט? מיט אַזאַ גרינגן טאָן?

עס האָט באַדאַרפֿט נעמען וואָכן ביז וואַנען זיינע מיטאַרבעטער האָבן זיך צוגעוואוינט צו אים. דאָס הייסט, זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז מען קאָן אויפֿטאָן די גרעסטע זאַכן, אויפֿבויען און דורכפֿירן די גרעסטע פּלענער גוטמוטיק און אַרטיק. קיינער האָט פֿון רוזוועלטן קיין הויך וואָרט נישט געהערט. קיינער האָט פֿון אים

קיין שאַרפֿע באַמערקונג נישט געליטן. מיט דעם ציגאַר־שפּיצל צווישן די פֿינגער, ציענדיק פֿון צייט צו צייט דעם דינעם פּאַפּיראָס, אוועקשאַרנדיק דעם רויך פֿון יענעמס פּנים, פֿלעגט ער רעדן און הערן וואָס דער אַנדערער האָט צו זאָגן. ער האָט קיינעם נישט איבערגעשלאָגן אינמיטן, נישט אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט יענעמס אַ מיינונג. האָט מען טאַקע קיינמאָל נישט געקאָנט ביי אים וויסן ווען ער איז איינשטימיק מיט אַ מיינונג און ווען נישט. עס האָט נישט איינמאָל פּאַסירט, ווען אַ מיניסטער אָדער אַ ראַטגעבער זיינער פֿלעגט אַרויס פֿון זיין סטודיע, מיינענדיק, אַז דער פּרעזידענט האָט אָנגענומען זיין עצה. און מערקווירדיק: מען איז נישט געווען אין כּעס אויף אים, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּרעזידענט האָט נישט אָנגענומען דעם, דאַכט זיך, קלוגן ראַט. ווייל זיין צוריקווייזן אַ מיינונג אָדער אַ רעקאָמענדאַציע איז אַלעמאָל געמאַכט געוואָרן אַזוי שיין און דזשענטלמעניש, פּונקט ווי ער וואָלט עס יאָ אָנגענומען. דעם פּרעזידענטס פּערזענלעכע באַציאונג צו אַ מענטשן מיט וועלכן ער האָט נישט איינגעשטימט האָט זיך מיט גאָרנישט געביטן. אויפֿן צווייטן צי אויפֿן דריטן טאָג פֿון אַ באַגעגעניש, פֿלעגט ער יענעם באַגריסן מיטן ערשטן נאָמען: העלאָ, ביל! אָדער: העלאָ, הענרי! דאָס פֿלעגט אַרויסקומען אַזוי עכט, אַזוי פֿריינטלעך, אַז מען האָט בשום אופֿן נישט געקאָנט טראָגן קיין האַרץ אויף אים.

אָט אַזוי, מיט לייכטקייט, מיט גוטמוט, מיט אַ פֿיינעם מאַניער, אָן צופֿיל רעש און אָן צו מאַכן דאָס לעבן שווער אי זיך, אי יענעם, האָט ער איבערגענומען אַ באַלעבאַטישקייט אין זיינע הענט וואָס וואָלט געקלעקט פֿאַר צען פּרעזידענטן. טראָט נאָך טראָט איז ער געגאַנגען, כאָטש דאָס זענען געווען גרויסע און ברייטע טריט ווי פֿון אַ ריז. מיט דעם פּאַק אויף די פּלייצעס, מיט דעם ווייז־שטעקן אין דער האַנט, האָט ער געשפּאַנט צו אַ ציל — צו ראַטעווען אַ לאַנד פֿון הונדערט־און־פֿינף־און־צוואַנציק מיליאָן מענטשן פֿון אַ קאַטאַסטראָפֿע, צו ראַטעווען אַ וועלט פֿון צוויי ביליאָן נפֿשות פֿון אונטערגאַנג.

אין דער היץ פֿון דער קריטיק קעגן אים און אין דער קעלט פֿון דעם וואָס מען האָט געגאָסן קאַלט וואַסער אויף זיינע רעדער, האָט ער געשפּאַנט זיין וועג. מיט אַ מוט און אַן אַנטשלאָסנקייט וואָס נאָר מענטשן פֿון זיין כאַראַקטער פֿאַרמאָגן, האָט ער איגנאָרירט די בייזוויליקע, בכּוונדיקע שטערער און אויך די נאַאיווע גוט־מיינערס. מיט אַן ערנסט און אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס איז געלעגן באַהאַלטן הינטער זיין כלומרשטער קאַלטקייט און גלייכגילט, האָט ער געצייכנט פּונקט נאָך פּונקט פֿון זיין פּראָגראַם, וואָס האָט געפֿירט צום

ציל. פריש פון אַ געזונטער נאַכט שלאָף, איז ער גאַנץ פרי געזעסן אויף זיין שטול, לעבן זיין גרויסן טיש, און האָט אָנגעהויבן זיין טאָג ארבעט פון איבערמאַכן די וועלט פון אַ שפּיטאָל פון גייסטיק-צורו־דערטע און סאָציאַל־אומבאַלאַנסירטע מענטשן אויף עפּעס וואָס זאָל האָבן דעם אויסזען פון נאָרמאַלס. ווייל — וואָס-וואָס, קיין כישוף, האָט ער געוואוסט, קאָן ער נישט באַווייזן. זיין אויפגאַבע איז געווען אַכטונג צו געבן, אַז דער גאַנצער בנין וואָס רופט זיך וועלט, מענטש־הייט, געוויסן, מאָראַל, א. אז. וו., זאָל נישט באַנקראַטירן מיט אַזאַ קראַך, וואָס זאָל שוין נאָכדעם קיין תיקון נישט געפינען לדור דורות.

״ער זיצט מיט אַ מערקווירדיקער רואיקייט״ — האָט דאַמאָלס וועגן רוזוועלטן געשריבן ען א׳העיר מק׳אָרמיק אין ״ניו יאָרק טיימס״. עס האָט זי געוואונדערט צו זען אים זיצן ביי זיין ארבעט-טיש אַ רואיקן, אַ שמייכלענדיקן, מיט אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער זיינע אָנגעשטרענגטע נערוון. דאָס האָט געוואונדערט נישט נאָר איר, נאָר אַלעמען. און דאָ ליגט רוזוועלטס הויפּט-כח. דאָס איז אַ כח פון געציילטע, פון יחידים, וועלכע קאָנען באַהאַלטן זייער אינערלעכע אויפ־רודערונג אין אַ צייט פון אַ גרויסן קריזיס. רוזוועלט געהערט צו די וואָס קאָנען וואַרימען מיט זייער אָטעם דעם גוסס אין דער שעה פון זיין גסיסה און ארייננעבן אין אים אַ ניי לעבן.

אָבער קיינער זאָל נישט מיינען, אַז רוזוועלט איז אַ פּוסטער אָפּ־טימיסט. ״בלויז אַ נאַרישער אָפּטימיסט קאָן אָפּלייקענען דעם שאָטנדיקן אמת פונם מאָמענט״ — האָט ער דאמאלס געזאָגט. ער האָט דאַמאָלס גוט געוואוסט ווי עס האַלט מיט דער לאַגע, סיי אין לאַנד גופא, סיי אויסער די גרעניצן פון לאַנד.

רוזוועלט איז אָבער אַ געבוירענער דיאגנאָסטיקער און ער ווייסט וואו אָנצוטאַפּן דעם פּולס. ער איז נישט קיין נביא און נישט קיין טרעפער. ווען איר רעדט מיט אים, זאָגט ער אייך בפירוש, אַז נביאות און סתם טרעפעריי לאָזט ער איבער צו די פּאָליטישע ״נביאים״, וועלכע קאָנען אַלץ טרעפן — אפילו, ווען עס וועט פאָרקומען דער צווייטער מבול אויף דער וועלט.

רוזוועלטס איינשווערונג אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניק־טע שטאַטן איז געווען באַגלייט מיט דער גרעסטער האָפנונג פון מיליאָנען. האָט ער וועמען אָפּגענאַרט? האָט ער עמיצן פאַרפירט? וואָס-וואָס — קיין פוסטער פראַזן־שיסער איז רוזוועלט קיינמאָל נישט געווען. ער האָט קיינמאָל נישט צוגעזאָגט אזוינס וואָס וועט זיין אומ־מעגלעך צו פאַרווירקלעכן. אפילו זיינע פּאָליטישע שונאים וועלן

דאָס אויף אים נישט קאָנען אויסטראַכטן. אַז ער איז אויך נישט קיין פּאָקוסניק און קיין קונצנמאַכער, האָט ער געמאַכט קלאָר ביי יעדער געלעגנהייט. ער איז אַ מענטש מיט מענטשלעכע מעגלעכקייטן. קיין גאָט איז ער נישט, כאָטש אין זיינע הענט איז קאָנצענטרירט אַ קאָ־לאָסאלע מאָס פון מאַכט. ער איז באַגאַנגען און ער וועט נאָך באַגיין געננוג טעותן. מען האָט געקאָנט און מען קאָן קריטיקירן געוויסע אַקטן זיינע. רעדט מיט אים, וועט ער זיין דער לעצטער צו פאָדערן פאַר זיך אַן אטעסטאַט פון פערפעקטקייט. אפילו זיינע ביטערסטע פּאָליטישע שונאים וועלן נישט וואַגן אָפּצולייקענען זיין גוואַלדיקן באַגאַזש פון ענערגיע, פון מוט און פון וויסן, סיי בנוגע אינערלעכע ענינים, סיי בנוגע אויסלאַנד. רוזוועלט פירט אַ מלחמה אויף אַן אַ שיר פראָנטן — אינדערהיים און אין אויסלאַנד. די היימישע שונאים זענען טיילמאָל נישט ווייט אין זייערע מיטלען צו פאַרשוואַרצן זיין פּנים און פאַרפינצטערן זיין לעבן פון די שונאים פונדרויסן. דערוויייל האָט נאָך רוזוועלט קיין שלאַכט ניט פאַרלוירן, כאָטש ער מאַכט אַמאָל דאָ און דאָרט אַ סטראַטעגישן צוריקטריט. דאָס דאַרף מען קאָנען. ער איז פאַרוויקלט אין דעם גרעסטן און בלוטיקסטן קאַמף פון דער מענטשלעכער געשיכטע. ער שאָנעוועט זיך נישט. גיט אַ קוק אויף אים און זעט דעם אונטערשיד פון זיין אויסזען וואָס די קנאַפּע צוועלף יאָר אין ווייסן הויז האָבן געמאַכט.

ניין, רוזוועלט איז נישט אויף קיין פּיקניק. אפשר האָט ער אַמאָל הנאה פון דער מאַכט וואָס ליגט אין זיינע הענט און ער קאָן זי אויסניצן. אפשר פאַרשאַפט עס אים אַמאָל פאַרגעניגן ווען ער קאָן מאַכן און איבערמאַכן אַ סיטואַציע. דערפאַר איז ער דאָך אַ מענטש, מיט אַלע שוואַכקייטן פון אַ מענטש. רוזוועלט האָט דאָך קיינמאָל נישט פּרעטענדירט צו זיין אַן איבערמענטש. „איך באַטראַכט זיך אבסאלוט נישט אַלס אַ העכער ווען דערפאַר ווייל דאָס פאָלק האָט מיר געגעבן אַ מאַנדאַט אים צו דינען . . . ״ — זאָגט ער.

דערפאַר איז ער נישט קאַליע געוואָרן פון דער מאַכט וואָס ליגט אין זיינע הענט. רוזוועלט איז נישט קיין שיכור. איך מיין עס נישט אין נאַרקאָטישן זין. רוזוועלט איז אַ ריינער, ניכטערער מענטש, מאָ־ראַליש און סאָציאַל. ער האָט אויך אַ געזונטן שכל צו פאַרשטיין, אַז מאַכט איז צייטוויייליק — יעדער סאָרט מאַכט, אויסער דער געטלעכער מאַכט. ווי האָט געזאָגט היואי לאָנג (איר געדענקט דאָך אים: דאָס איז דער באַרימטער פיליבוסטער פון לואיזיאַנאַ), ווען ער איז גע־גאַנגען באַזוכן רוזוועלטן אינם ווייסן הויז באַלד ווען דער לעצטער

איז געוואָרן פּרעזידענט: "הי'ז די סעים אָלד פרענק." קיין האָר איז ביי אים נישט גאוודיקער געוואָרן. דאָס לערנט אונז, אַז רוזוועלט קאָן פּאַרטראָגן מאַכט און דערפּאַר קאָן ער זי אָנהאַלטן, און דערפּאַר מעג מען זי אים אָנגעטרויען. ווייל מאַכט — דאָס איז דער דעלי־קאַטסטער און נסיונפולסטער פּרוביר־שטיין אין אַ מענטשס כאַראַקטער.

# היילנדיקע וואַסערן

מיר װעלן מאַכן אַ קליינע רייזע אויף צוריק. עס איז 1925. פרענק־לין ד. רוזוועלט איז נאָך נישט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז נאָך אפילו נישט דער גאָווערנאָר פון דעם סטעיט ניו יאָרק. ער איז אַ פּשוטער בירגער. דערצו נאָך אַ קראַנקער, אַ שווער־קראַנקער — אַן אינוואַליד.

שוין פיר יאָר ווי רוזוועלט איז אָנגעגריפן פון אינפאַנטאַיל פּאַראַליזיס. פיר לאַנגע מיזערנע יאָר ווי ער איז צוגעשמידט צו בעטן, שטולן און דאָקטוירים. פיר יאָר ווי ער זעט ארום זיך פּנימער פון צער און רחמנות — רחמנות צו אים, דעם געטראָפענעם, דעם אומגליקלעכן.

דאָס פאַרצערטע פּנים פון זיין מוטער שוועבט אים כסדר פאַר די אויגן. שטאַרק ווי זי איז אין כאַראַקטער, קאָן זי דאָך נישט באַ־האַלטן דעם פּאַניק וואָס לעבט אין איר. איר זון, איר פרענקלין, אַן אייביקער אינוואַליד, אָן האָפנונג אויף אַ רפואה אָדער אַ נס. ווייל אזוי האָט זי דאָמאָלס געגלויבט און אזוי האָבן זיך פרענקלינען איבער־געגעבן אירע געדאַנקען. פאַרוואָס האָט עס דווקא געדאַרפט טרעפן אים, דעם זון אירן, אין אַזאַ בלי, אין אַן עלטער פון פערציק יאָר? דאָס איז אַן אייביקע פראַגע וואָס אַלע געטראָפענע פון עפּעס און נאָענטע פון געטראָפענע שטעלן דער אייביקייט. פאַרוואָס טאָקע בלויז דעם באַשטימטן מענטשן? . . .

די פראַגע איז אַלט און ניי, ווי אַלצדינג אויף דער וועלט. אויך די נאַאיוועקייט פון די פראַגע־שטעלער איז אַן אייביקע. אויך די פּרעטענזיע צו גאָט. עמיצן מוז דאָך עפּעס טרעפן. יאָ, עמיצן מוז עפּעס טרעפן. דערפאַר זענען פאַראַן פּלאָגן און אומגליקן אויף דער וועלט. אָבער — פאַרוואָס טאָקע מיך און נישט קיין אנדערן? אפשר קאָן עמיץ ענטפערן דערויף?

מרס. סערא דעלאַנאָ רוזוועלט האָט מסתמא נישט געהערט צו די דאָזיקע נאַאיווע פראַגע־שטעלער. אָבער דאָס מוטערלעכע האַרץ איז אין איר דערפון נישט געוועזן ווייניקער פאַרקלעמט, כאָטש דאָס

[illegible]
פּנים האָט זיך באַמיט צו זיין אָפן און רואיק. דאָס איז געטאָן גע־וואָרן כדי דער זון זאָל נישט וויסן וואָס זי טראַכט; כדי ער זאָל זיך נישט אָנשטויסן אָן אירע אויפגעגעבענע האָפנונגען, אַז ער וועט שוין ווען עס איז זיין אַ נאָרמאַל־געזונטער מענטש. דאָס איז געטאָן גע־וואָרן כדי דער געטרייער זון זאָל זיך נישט צופיל מצער זיין פון דער מוטערס געדאַנקען.

אָבער דער זון האָט סיי ווי געוואוסט וואָס זיין מוטער טראַכט. ווי האָט ער געקאָנט נישט וויסן? האָט ער ערשט נעכטן דערקענט זייז מוטער? האָט ער נישט געקאָנט אַרויסלייענען פון איר די פאַר־באָרגנסטע געדאַנקען? און — איז ער אַליין דען געווען אַזוי ווייט פון דעם זעלבן שוואַרצן געדאַנק, אַז ער איז אפשר פאַרמשפּט צו פאַרבלייבן דאָס גאַנצע לעבן אָן אייביקער, נוצלאָזער, מיזערנער קריפּל?

יאָ, ער איז נישט געווען צו־ווייט פון דעם געדאַנק. אָבער נישט אַזוי זיין פרוי עלינאָר. זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט די מיינונגען פון די דאָקטוירים, אַז איר מאַן פרענקלין וואָלט באַדאַרפט אויפגעבן אַלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אַק־טיוויטעטן, זיך צוריקציען פון טומל, און . . .

דיקע פרוי וואָס זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען וועלכע נישט איז זאַך אין לעבן וואָס אַפּעלירט נישט צו איר געוויסן, צו איר חוש פון גערעכ־טיקייט, האָט אויף איר ענערגישן אופן אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן דער עצה פון די דאָקטוירים און קעגן דער נייגונג צו רעזיגנאַציע וואָס איז געקומען פון איר שוויגער. לויט עלינאָר רוזוועלטס מיינונג איז דער קלאַפּ וואָס דאָס לעבן האָט דערלאַנגט איר מאַן געקומען אומגעריכט און אומבאַרעכטיקט. און זי האָט אים אויף איר כאַראַקטעריסטישן אופן געוואָלט צוריקשליידערן. זי, וועלכע איז געווען באַקאַנט מיט איר מאַנס פעאיקייטן און מיט זיינע פּאָטענצן, האָט אָנגענומען פאַר לעכערלעך דעם געדאַנק, אַז דאָס איז דער פינאַל פון איר מאַנס טע־טיקייט, פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך. ער איז ערשט אַלט געווען פערציק יאָר. זיין לעבן האָט זיך, אייגנטלעך, נאָר־וואָס געהאָט אָנ־געהויבן. וועט זי אים לאָזן אריינזעצן זיך אין אַ שטול מיט אַ ביכל אין דער האַנט, און זיך אָפּגעזעגענען מיט דער אויסערלעכער וועלט? ווי לאַנג וואָלט עס פרענקלין געדויערט צו פירן אַזאַ לעבן?

האָט זי דעריבער נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט אים אויפצומונטערן און אים אויפצואווייזן ווי גרויס און ברייט די וועלט איז נאָך מיט מעגלעכקייטן פאַר אים. אַ חוץ דעם: וואו שטייט עס

געשריבן, אַז ער וועט שטענדיק בלייבן ביי דעם זעלבן צושטאַנד פון זיין קראַנקהייט? זענען דען פאַראַן ווייניק פאַלן, ווען אַנגעגריפענע פון דער זעלבער קראַנקהייט זענען אינגאַנצן אָדער כמעט אינגאַנצן אויסגעהיילט געוואָרן? פאַרוואָס־זשע זאָל ער איבעררייסן דעם קאָנטאַקט מיט דער וועלט?

מרס. עלינאָר רוזוועלט האָט דאַן געהאַט אַ גוטן ארויסהעלפער אין איר אויפגאַבע. דאָס איז געווען לואיס מק׳העגרי האָו. דער דאָזיקער מאַן, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין פריערדיקן קאַפּיטל, האָט געשפּילט אַזאַ קאַלאָסאַלע ראָלע אין דעם איצטיקן פּרעזידענטס לעבן, אַז די געשיכטע האָט קעגן אים אַ סך גערזינדיקט (יעדנפאַלס, ביז איצט) פאַר דערמאָנען אים אַזוי זעלטן און אַזוי ווייניק. צוזאַמען מיט מרס. עלינאָר רוזוועלט, האָט דאַמאָלס לואיס האָו געהאַלטן, אַז רוזוועלטס געזעלשאַפטלעך לעבן איז נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט. פאַרקערט, האָו, נאָכמער ווי מרס. עלינאָר רוזוועלט, האָט נישט געלאָזט קיין שטיינדעלע אומבאַרירט איבערצוצייגן זיין פריינט פרענקלין ד. רוזוועלט, אַז ער איז נאָך ווייט נישט באַזיגט; אַ קראַנקהייט קומט און אַ קראַנקהייט גייט אין אַ מענטשס לעבן, אָבער די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט טאָר ער נישט אויפגעבן — אויב ער, לואיס האָו, האָט נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן וועגן דעם.

און אין דער ערשטער קריטישער שעה, ווען די קראַנקהייט איז רוזוועלטן באַפאַלן, און דער ווייטיק איז נאָך ביי אַלעמען געווען פריש און די פאַרצווייפלונג גרויס, — אפילו דאַמאָלס האָט לואיס האָו נישט אַרונטערגעלאָזט פון זיין אָפּטימיזם בנוגע רוזוועלטס צוקונפט. ער האָט געזען, אַז מען זאָל דאַן רוזוועלטן איבערפירן בשתיקה אהיים, די אויסערלעכע וועלט זאָל נישט וויסן ווי ערנסט קראַנק ער איז, כדי זיין פּאָליטישער פּרעסטיזש זאָל דערביי נישט ליידן.

דאָס איז געווען אין 1921, ווען רוזוועלטן אַליין וואָלט מסתמא אויסגעקומען קאָמיש און אבסורד, ווען ער זאָל געווען חושד זיין מיט וואָס פאַר אַ געהיימע פּלענער זיין פריינט טראָגט זיך אַרום וועגן זיין, רוזוועלטס, צוקונפט.

ווי אַזוי האָט ער, פרענקלין ד. רוזוועלט אַליין, אויפגענומען זיין קראַנקהייט? און די קינדער — ווי האָבן זיי זיך באַצויגן צו דעם?

מילא, די קינדער — זיי זענען נאָך געווען יונג און האָבן זיך קוים געקאָנט פונאַנדערקלייבן אין דעם אומגליק. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַן אומגליק האָט פּאַסירט. אָבער ווי גרויס אָדער ווי קליין עס איז געווען האָבן זיי קוים געקאָנט באַגרייפן. אַנאַ, די טאָכטער, די עלטסטע

פון די קינדער, איז דאַמאָלס אַלט געווען וואסערע פופצן יאָר. די אַנ־
דערע — פיצלעך און ברעקלעך. ווי האָבן זיי געקאָנט באַנעמען דעם
גאַנצן תוך פון דער טראַגעדיע?

דערפאַר אָבער האָט ער אַליין שוין געקאָנט באַנעמען דאָס אומ־
גליק אין דער גאַנצער טיף. איז ווי אַזוי האָט ער זיך געהאַלטן? איז
ער געווען קרענקלעך, קאַפריזנע, אַפּהענטיק, פאַרצווייפלט?

עס איז קיין פראַגע נישט, אַז רוזוועלט האָט געהאַט מאָמענטן פון
אַפּהענטיקייט און פאַרצווייפלונג. עס וואָלט גאָר נישט געווען מענטש־
לעך ווען ער זאָל זיי נישט געווען האָבן. זיין געדאַנק האָט פונקציאָ־
נירט וואונדערבאַר. ער האָט נישט געקאָנט צומאַכן די אויגן און נישט
זען די לאַגע. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטעמפּן זיין געדאַנק אויף
אַזוי פיל, ער זאָל נישט באַגרייפן די סיטואַציע. ער האָט געוואָלט גיין
און נישט געקאָנט. מיטן געדאַנק האָט ער געשוועבט אין די עולמות.
מיטן קערפּער איז ער געלעגן אַ געשמידטער, ווי אין קייטן. דער
קערפּער איז געווען יונג, זאַפטיק און פול מיט לעבנסקראַפט. ענערגיע
האָט געשפּרודלט פון יעדן אבר. דאָ — ליג, אין פּיין, אין שאַנד,
אין אומבאַהאָלפנקייט.

אוודאי האָט פעסימיזם און פאַרצווייפלונג געמוזט אריינקריכן אין
די ביינער פון דעם דאָזיקן שטאַרקן מענטשן. אנדערש וואָלט געווען
אוממעגלעך און אומפאַרשטענדלעך. אַ ביט וואָלט אים דאַמאָלס, אין
יענע שוואַרצע שעהן, געווען איינגעפאַלן אַזאַ זאַך ווי שרייבן אַ פּנקס
פון זיין היימ־שטאָט הייד פּאַרק? וואָלט זיין ברייטער האָריזאָנט גע־
ווען פאַרשמעלערט געוואָרן אויף אַזוי ווייניק, אַז ער זאָל זיך וועלן
באַנוגענען מיט שיריים פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט?

אָבער קרענקלעך איז ער נישט געווען. און קאַפּריזנע אויך נישט.
אפילו זיין באַרעכטיקטן און מענטשלעכן פעסימיזם האָט ער געזוכט
צו באַהאַלטן פון אנדערע. איז טאַקע שווער געווען פאַר די סאַמע
נאָענטסטע צו וויסן ווי ווייט און ווי טיף ער איז געטראָפן פון דעם
אומגליק. ער איז געלעגן אין בעט אַ געפּענטעטער און האָט זיך גע־
וויצלט. דער געדאַנק, וואָס איז געווען פריש און אַקטיוו, איז געלאָפן
פאַראויס פון אים, געלאָפן אַהין, אַהער, און זיך ווי געררייצט מיט דעם
קערפּער זיינעם: "זעסט, איך בין אַ טייל פון דיר — נישט אמת?
פונדעסטוועגן בין איך פריי צו לויפן, צו שפרינגען וואוהין איך וויל
און ווען איך וויל. אָבער דו? דו ליגסט צוגעשמידט צום בעט און
פוילסט זיך אויפצושטיין. האַ־האַ־האַ, פוילסט זיך אויפצושטיין..."

אין אַזאַ מאָמענט האָט רוזוועלט געוואָלט זיין אליין. אליין, מיט זיך, מיט זיין אומגליק, מיט זיין חרפה. ער האָט פאַרביסן די ציין. ער האָט געפּרואווט באַוועגן מיט די פיס. זיי זענען געווען געליימט. ערשט נעכטן זענען זיי געווען געזונטע, וואַרימע, פולסירנדיקע פיס. היינט זענען זיי קאַלט און נוצלאָז. ער האָט פאַרביסן די ציין. ניין, ער האָט נישט געשאָלטן קיינעם און האָט נישט געלעסטערט. ער געהערט נישט צו דעם מין שעלטער און לעסטערער. אָבער ער האָט געוואָלט זיין אליין אין אָט דעם שוואַכן, הילפלאָזן מאָמענט. דעם שטאַרקן מאַן האָט נישט געפּאַסט, אַז אנדערע זאָלן אים זען אין אַזאַ צושטאַנד. דעם שטאַרקן מאַן איז נישט אָנגעשטאַנען, אַז אפילו זיינע נאָענטסטע — מאַמע, ווייב און קינדער — זאָלן זען ווי ער קוקט אויף זיינע פיס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים ווייטער צו באַדינען.

אזוי האָט אָנגעהאַלטן פיר יאָר. ער האָט געהאַט בעסערע וואָכן און ערגערע וואָכן. אַ דאָקטאָר איז געקומען, אַ דאָקטאָר איז אַוועק. רוזוועלט איז אַלץ געשטאַנען אויפן שייד־וועג. ער האָט נישט געוואוסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. אַז דער היינט איז געווען אזוי אומזיכער, אזוי אומבאַשטימט.

אינדרויסן האָט זיך געקאָכט. 1925 איז געווען אַ יאָר פון לעבן און פון שטורעם. אין טענעסי איז פאָרגעקומען איינער פון די שאַנד־האַפטיקסטע פּראָצעסן פון דער מאָדערנער צייט. דזשאָן ט. סקאָופּס, אַ היי סקול לערער, איז געפונען געוואָרן שולדיק פאַר לערנען אין זיין סקול, אין דעיטאָן, דאַרווינס טעאָריע פון עוואָלוציע. און אַ געוועזענער סעקרעטערי אָוו סטעיט און אַ פּרעזידענט־קאַנדידאַט, וויליאַם דזשענינגס ברייען, האָט אָנגעפירט מיט דער אָנקלאַגע, נאָכדעם ווען דער פּראָצעס איז אריבער די גרעניצן פון טענעסי און ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן פאַרס (אָדער טראַגעדיע, אויב איר ווילט). וואָס האָט רוזוועלט, דער לאָגיקער, דער טאָלעראַנטער, דאַמאָלס געטראַכט וועגן דער דאָזיקער חרפה? ווי אזוי האָט ער געפילט, לייענענדיק ווי מען פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון זיין לאַנד פאַר דער גאַנצער וועלט? נאַטירלעך, איז אין דער פּראָצעדור פון דעם פּראָצעס אויך געלעגן אַ סך קאָמיזם. רוזוועלט, ווי יעדער איינער, האָט געלייענט די באַריכטן פון דעיטאָן און אָפּטמאָל הויך און האַרציק געלאַכט פון די נאַדלען וואָס די אדוואָקאַטן פון ביידע צדדים האָבן זיך דערלאַנגט. אָבער פון דער אנדערער זייט האָט ער זיך געשעמט אויך.

מיט דעם גרעסטן אינטערעס האָט דאַמאָלס רוזוועלט נאָכגעפאָלגט די פלאַטן־קאָנפערענץ אין וואשינגטאָן. ניין מלוכות האָבן דאָן אָנ־

טייל גענומען אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ. ניין ים־מלוכות: די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע, גרויס בריטאַניע, פראַנקרייך, יאַפּאַן, איטאַליע, כינע, האָלאַנד, בעלגיע און פּאָרטוגאַל. דאָס איז געווען אַ קאָנפערענץ וואָס האָט געהאַט פאַר זיך דעם נאָבעלן צוועק צו באַשרענקען דאָס בויען פון נייע קריגשיפן. עס איז געווען אַ פאַר־זוך פון דער קולידזש־אדמיניסטראַציע אָפּצושטעלן דאָס ווילדע געיעג פון בויען ים־מאָנסטערס. ענגלאַנד, פראַנקרייך און די קלענערע לענדער האָבן דאמאָלס געשטיצט דעם פּלאַן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. יאַפּאַן האָט אויך "אונטערגעשטיצט". מיט פּנימער פון וועלכע דער שמייכל איז נישט אַראָפּ אויף קיין איין רגע האָבן די יאַפּאַנעזישע דעלעגאַטן "אונטערגעשטיצט" אַלע פאָרשלאָגן פון די אַנדערע דעלעגאַטן.

פרענקלין ד. רוזוועלט האָט געשלונגען די באַריכטן פון וואַשינגטאָן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פלאָט, וועגן ים — זאַכן וואָס זענען אים געווען אַזוי נאָענט, אַזוי ברענענדיק נאָענט צום האַרץ. ער, דער געוועזענער געהילף פלאָט־מיניסטער, וועלכער איז שוין דאַן מסתמא געווען איינער פון די גרעסטע אויטאָריטעטן אין דער פראַגע, האָט געמוזט זיצן אינדערהיים און זיך באַנוגענען מיט אַ פּאָר טרוקענע באַריכטן פון דער פּרעסע וועגן אַזאַ ענין. די פינגער האָבן אים אַוודאי געביסן עפּעס צו טאָן. פון מויל האָבן זיך אַוודאי געריסן ווערטער וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט הערן. אויפהערן בויען שיפן? יאָ. אָבער וואָס וועט ווערן דערפון? אַריינגיין אין אָפּמאַכן? מיט וועמען? מיט יאַפּאַן? די פינגער האָבן אים געביסן עפּעס צו טאָן. פון מויל האָבן זיך געריסן ווערטער. האָט זיי ווער געהערט?

רוזוועלט איז דאַן נישט געווען און ער איז היינט נישט קיין אימפּעריאַליסט. אָבער איין זאַך האָט ער דאַן געוואָלט ווייניקער פון אַלץ: אָפּשוואַכן דעם אַמעריקאַנישן פלאָט. רוזוועלט האָט געוואוסט, אַז פאַר ענגלאַנד איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. ענגלאַנד האָט געענדיקט איר אימפּעריאַליסטישע עקספּאַנסיע און זי איז בלויז פאַראינטערעסירט אָנצוהאַלטן דאָס וואָס זי האָט. מיט פראַנקרייך, דעם היסטאָרישן פריינט, וועט מען זיך אויך נישט שלאָגן. אפילו נישט מיט מוסאָליניס איטאַליע. קעגן וועמען־זשע האָט ער זיך געוואָלט באַוואָרענען? קעגן די שמייכלענדיקע יאַפּאַנעזער. זיי האָט ער נישט געטרויט — קיינמאָל נישט. דער דאָזיקער אומצוטרוי צו זיי האָט שוין אין אים געלעבט פון דעם טאָג אָן ווען ער איז אריין אין הויך־פּאָליטיק, אַלס מיטגליד פון ווילסאָנס קאַבינעט.

עס זענען פאָרגעקומען נאָך אַ ריי וויכטיקע געשעענישן אין יענעם שייד־יאָר פאַר רוזוועלטן, אין 1925. עס איז פאָרגעקומען די קאַ־טאַסטראָפע פון דעם אַמעריקאַנישן צעפּעלין שענאַנדאָאַה. ווען ער איז געפלויגן אין דער לופטן, האָט אים געטראָפן אַ דונער און אים צעריסן אויף שטיקער. עס האָט דאַמאָלס געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם איבערן לאַנד. אויך רוזוועלטן האָט עס דאַמאָלס נישט געלאָזט קאַלט. ער האָט דאַמאָלס אַ סך געטראַכט דערפון. וואָס איז זי אַזוינס, אָט די בייזע, מיסטעריעזע קראַפט פון דער נאַטור וואָס שאַנעוועט נישט קיין מענטש און קיין מאַשין; וואָס צושטערט אַלץ וואָס איז אין איר וועג?

און וואו איז איר וועג? וואוהין גייט זי? איז פאַראַן איין לעבע־דיקער מענטש וואָס זאָל דאָס וויסן? און וואָס ווייסט מען יאָ באַ־שטימט? ווייסט מען וועגן זיין קראַנקהייט? וויפיל ווייסט מען? וואָס זענען די סיבות דערפון? און ווער קאָן דערקלערן פאַרוואָס איי־ניקע היילן זיך אויס און אַנדערע נישט? איז עס אַ העכערע מאָס מזל אָדער אַ בעסערע קאָנסטיטוציע? אפשר גאָר אַ בעסערער דאָקטאָר? האָט ער נישט די בעסטע דאָקטוירים פון לאַנד? פאַרוואָס דערשרעקן זיך נישט די פיס זיינע פאַר די דאָזיקע דאָקטוירים?

פון עמיצן איז געקומען די עצה, אַז ער זאָל פּרואוון וואָרם ספּרינגס, דזשאָרדזשיא. דאָרטן, זאָגט מען, געפינען זיך אַזעלכע וואַסערן וואָס היילן קראַנקהייטן. זיין קראַנקהייט היילן זיי אויך. רוז־וועלט האָט שוין געהאַט געהערט פון דעם פּלאַץ נאָך מיט אַ צייט פריער און ער האָט זיך געקליבן צו פאָרן אַהין. אומבאַשטימטע סיבות האָבן אים צוריקגעהאַלטן.

אין יענעם יאָר, אין 1925, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן די רייזע. מען דערציילט זיך אַן גרויסע זאַכן וועגן דעם פּלאַץ. ער גלויבט נישט אין קיין נסים, אָבער וואָס האָט ער דאָ איינצושטעלן? ערגער קאָן דאָך אים דערפון נישט ווערן.

ווען ער האָט צום ערשטן מאָל באַטראַכטן דעם באָדן פון דזשאָרדזשיא ספּרינגס איז נאָך דאָרטן כמעט גאָרנישט געווען אויסער דעם פּלאַץ און די וואַרימע קוואַלן וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַ נאַטירלעכע היץ פון ניינציק גראַד (פאַרענהייט). עס זענען דאָרטן געווען עטלעכע גע־ציילטע פּאַציענטן און אַ פּאָר דאָקטוירים. ווען רוזוועלט האָט אריינ־געצויגן אין זיך דעם ערשטן זאַפט פון די בערג ארום (דאָס פּלאַץ ליגט פון טויזנט ביז צוועלף הונדערט פוס איבערן ים), ווען ער האָט געכאַפּט דעם ערשטן שווים אין דעם וואַרימען וואַסער, האָט ער באַ־

שלאָסן, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן דאָס פּלאַץ צו פאַרשענערן, פאַר־בעסערן און פאַרגרעסערן אזוי, אַז עס זאָל ווערן דאָס הייל־טעמפּל פון אַלע אַנגעגריפענע פון דער בייזער קראַנקהייט, וואָס רופט זיך מיט דעם מילדן נאָמען אינפענטאיל פּאַראליזיס. אַזוי אַרומער איז פון אַ קליין, אומבאַוואוסט, אומבאַדייטנדיק קור־אָרט געוואָרן אַ פּלאַץ מיט אַ וועלט־נאָמען. און דאָס — אַ דאַנק איין פּאַציענט, וועמעס נאָמען עס איז אויך באַשערט געווען אריינצודרינגען אין אַלע פיר ווינקלען פון דער וועלט.

ווער זאָגט עס, אַז צופאַלן שפּילן נישט קיין ראָלע אין דעם לעבן פון מענטשן און זאַכן ?

וואָס פאַר אַ פּאַציענט איז געווען פרענקלין ד. רוזוועלט ? די דאָזיקע פראַגע איז, מיין איך, פּונקט אזוי וויכטיק ווי די פראגעס וואָס פאַר אַ פּרעזידענט ער איז, וואָס פאַר אַ גאָווערנאָר ער איז געווען, וואָס פאַר אַ פלאָט־מיניסטער, א. אז. וו. ווייל ווען אַ מענטש איז קראַנק איז אים גרינגער צו דערקענען אײדער ווען ער איז געזונט. אַ געזונטער מענטש האָט דעם כח צו מאַכן אָנשטעלן, האָט די ענערגיע צו פאַזירן. אַ קראַנקער מענטש איז שוואַך, נישט נאָר פיזיש, נאָר אינם ווילן. אַ קראַנקער מענטש איז אין מערסטע פאַלן עגאָאיסטיש, עגאָצענטריש — נישט דערפאַר ווייל ער איז בטבע אַזוי שלעכט, נאָר צוליב זעלבסט־דערהאַלטונג. די נאַטור באַזאָרגט אים שוין מיט דער דאָזיקער מאָס "עגאָאיזם", כדי ער זאָל קאָנען גע־דייען. עס זענען באַקאַנט פאַלן ווען מענטשן מיט די מילדסטע און איידלסטע כאַראַקטערס ווערן פאַרוואַנדלט אין ברוטאַלע עגאָאיסטן, ווען אַן ערנסטע קראַנקהייט באַפאַלט זיי.

אַז רוזוועלטס קראַנקהייט איז און איז געווען ערנסט, קאָן קיינער נישט צווייפלען, פונדעסטוועגן ווייסט מען, אַז ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט דאקוטשעט, איז קיינמאָל קיינעם נישט דערגאַנגען די יאָרן. ער האָט נישט קאַפּריזעוועט און האָט נישט געזוכט קיין פּריווילעגיעס. איך האָב גערעדט מיט מענטשן, וועלכע זענען געווען זייער נאָענט צו רוזוועלטן אין יענער צייט. איך האָב געפרעסט מיט פראַגעס. איך האָב אין פאָראויס געזוכט צו באַרעכטיקן אַלע נאַטירלעכע אומבאַקוועמ־לעכקייטן וואָס דער קראַנקער רוזוועלט זאָל האָבן פאַרשאַפט אַנדערע. אָבער עס איז געווען אומזיסט. אַלע האָבן מיר דערקלערט מיט איין קול, אַז רוזוועלט אַלס פּאַציענט איז געווען פּונקט ווי רוזוועלט אַלס געזונטער מענטש : נאָרמאַל, רואיק, קאָרעקט, פאַרשטענדיק. ער האָט, ווייזט אויס, בשום אופן נישט געקאָנט איינזען פאַרוואָס אַ קראַנקהייט, אַ לייכטע אָדער אַ שווערע, גיט איינעם די פּריווילעגיע

צו שפּילן אויף יענעמס נערוון. זיין כאראקטער איז געבליבן סטאַטיש און אויסגעהאַלטן אין די קריטישסטע מאָמענטן. פיין, ווייטיק, מיזעריע, אַ פינצטערער מאָרגן — וואָס איז יענער שולדיק אין דעם?

אַ שטיין, אַ גיבראַלטאַר, אַ רעזערוואואַר פון ווילן און אַנטשלאָסנקייט — אַזוי האָט זיך פרענקלין ד. רוזוועלט אַרויסגעוויזן בשעת זיין קראַנקהייט.

ווען ער איז דעריבער צום ערשטן מאָל געקומען קיין וואָרם ספּרינגס, אַלס פּאַציענט, נאַטירלעך, אַליין זוכן אַ רפואה צו זיין חולאת, האָט ער נישט שווערער געמאַכט די הערצער פון די אַנדערע פּאַציענטן, ווי עס איז דער שטייגער אין אַזאַ פאַל, ווען איין חולה זעט דעם אָפּשפּיגל פון זיין אומגליק אויפן צווייטן חולה. פאַרקערט, ער האָט באַלד מיט זיך מיטגעבראַכט פולע קעשענעס מיט אָפּטימיזם וואָס ער האָט גענומען איינטיילן די פּאַציענטן אויף רעכטס און אויף לינקס. די קראַנקע, פאַרשמאַכטע מענטשן, אָפּגעשלאָסענע פון דער וועלט, טייל פון זיי רעזיגנירטע פון לעבן, האָבן, מיט דעם אָנקום פון דעם מאָדנעם נייעם שמייכלענדיקן פּאַציענט, דערזען פאַר זיך נייע האָריזאָנטן — ליכטיקערע. די אויסלעשנדיקע שטערן האָבן ווידער אָנגעהויבן אויפגיין. אָדער, ווי מר. פרעד באַטס, דער רעגיסטראַר פון וואָרם ספּרינגס פאַונדעישאָן, שרייבט מיר:

... "דאָס לייוונט פון אונזער לעבן האָט גענומען איינגיין, ווען די קראַנקהייט (אינפענטאַיל פּאַראַליזיס) איז אונז באַפאַלן. אָבער ווען מיר האָבן דערזען פאַר זיך מר. רוזוועלט און מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן צו אים, האָט אַ נייע הויט זיך אָנגעטאָן אויף אונז און מיר האָבן גלייך גענומען מאָלן נייע בילדער אויף דעם זעלבן לייוונט ..."

אָט וואָס אַן אַנדערער פּאַציענט, מר. פּאָאל ראַדזשערס, וועלכן עס איז אויך אויסגעקומען צו זיין מיטן פּרעזידענט צוזאַמען, דערציילט מיר:

"איר ווילט וויסן מיין פּערזענלעכע מיינונג וועגן אים און זיין באַציאונג צו אַנדערע פּאַציענטן? אַלס פּריוואַטער בירגער, גאָווערנאָר אָדער פּרעזידענט איז ער דער וואונדערבאַרסטער פריינט. ער איז פיין און עכט. ער האָט ליב זיך אויסצומישן מיטן עולם אויף אַ נישט־פאָרמעלן אופן, זיין אויף אונזערע קאַקטעיל פּאַרטיס און פּיקניקס ... ער האָט נישט ליב קיין פאָרמעלקייט און קיינער טראַכט נישט פון אָנטאָן זיך אין פאָרמעלע קליידער צוליב אים ביי וואָסער נישט איז געלעגנהייט. איך פאַרשפּאַר אייך צו זאָגן, אַז זיין פּערזענלעכקייט איז מיט קעפּ העכער פון אַנדערע. און זיין טאַלאַנט אוועקצולייגן אַלע זאָרגן אין אַ זייט, ווען עס קומט צו רוען, איז פּשוט לעגענדאַר.

"איינמאָל בין איך געפאָרן מיט אים אין זיין אויטאָ. עס זענען געווען נאָך אייניקע מענטשן. מיר זענען געווען אויפן וועג צום "פּול" (שווים־טאַנק), כדי זיך צו באָדן. עמיצער האָט געזאָגט צום פּרעזידענט (רוזוועלט), אַז דער פּרעזידענט פון אַ פּאַפּיראָסן־קאָמפּאַני (דאכט זיך, עס איז געווען טשעסטערפילד) וואַרט אויף אים און וויל אים זען. "אַ, מיין גאָט" — האָט פּרעזידענט רוזוועלט געזאָגט — "מר. (ער האָט אָנגערופן אַ נאָמען), וואַרט דאָרט אויף מיר און איך רויכער גאָר אַ קעמל־פּאַפּיראָס . . . ."

מר. ראַדזשערס גיט־צו, אַז עס איז מעגלעך, אַז ער האָט פּאַר־ביטן די יוצרות מיט די פּאַפּיראָסן. ווייל די דאָזיקע געשיכטע איז פּאָרגעקומען שוין מיט אַ היפּשער צייט צוריק. "אָבער לויט דעם אופן — דערציילט מר. פּאָאל ראַדזשערס — ווי אַזוי דער פּרעזידענט האָט עס געזאָגט, באַגלייטנדיק עס מיט זיין האַרציק געלעכטער, איז עס אַרויסגעקומען זייער קאָמיש."

מר. ראַדזשערס מאָלט אַ בילד ווי אַזוי דער פּרעזידענט האָלט אָפּ זיינע פּרעסע־קאָנפערענצן אין וואַרם ספּרינגס, ווען ער קומט אַהין. ווי אַזוי די רעפּאָרטערס באַלאַגערן דעם אויטאָ, וועלכן דער פּרעזידענט באַטרייבט אליין, פון אַלע זייטן. די פריילעכע און פריינט־לעכע און נישט־פאָרמעלע שטימונג וואָס באַגלייט די פראַגעס און ענטפערס. מר. ראַדזשערס האָט צו דערציילן בלויז גוטס, בלויז שיינע דערינערונגען וועגן רוזוועלטן. אַזוי מר. פרעד באַטס. אַזוי מר. דירינג ווידער. אַזוי אַנדערע קאָ־פּאַציענטן זיינע. עפּעס מוז דאָך זיין אין דעם מענטש וואָס מאַכט אים באַליבט ביי אַנדערע. ווייל מענטשן זענען בטבע נישט אַזוי פרייגיביק מיט זייערע געפילן און סענטימענטן. מענטשן זענען נישט אַזוי עקסטראַוואַגאַנט אין לויבן אַנדערע. באַזונדערס אַזעלכע וואָס האָבן דערגרייכט דעם שפּיץ פון לייטער און עס פעלט זיי נישט אויס קיין בלומען און אונטערטעניקייט פון זייערע מיטמענטשן.

פאַרגעסט נישט נאָך אַ זאַך. ווען רוזוועלט איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען קיין וואַרם ספּרינגס איז ער נאָך נישט געווען קיין פּרע־זידענט און נישט קיין גאָווערנאָר. ער איז דאַן געווען אַ פּשוטער בירגער, איינער פון מיליאָנען. דער נאָמען איז נישט געלאָפן פאַר־אויס פון אים. עס איז נישט געווען קיין צוגעגרייטע מיינונג און קיין צוגעגרייטער ענטוזיאַזם. זיין רעפּוטאַציע אין דעם קליינעם רעזאָרט־פּלאַץ האָט ערשט געדאַרפט געשאַפן ווערן. ער אַליין, מיט זיין פּער־זענלעכקייט, — נישט מיטן נאָמען, — האָט עס געדאַרפט דערגרייכן.

ווען פרענקלין ד. רוזוועלט זאָל נישט זיין וואָס ער איז, האָט גאַנץ פּיין געקאָנט ארונטערקומען קיין וואַרם ספרינגס אַן אַנגעבלאָזענער אריסטאָקראַט, מיט אַ שטייפן קאָלנער, מיט אַ הויקער פון פאָרנט (אַ געוועזענער מיניסטער) און אַ הויקער פון הינטן (אַ מענטש מיט אַזאַ מארטירערישער קראַנקהייט!). ער האָט געקאָנט געבן אַ קוק און אַ שמעק און און אַ פאַרדריי טאָן די נאָז און זאָגן צום שאָפער זיינעם:

— דזשעימס, דריי־אויס דעם דישעל. מיר פאָרן צוריק.

ווייל וואָס וואָלט ער געהאַט צו זען אין דעם פאַרוואָרפענעם העק וואָס געפינט זיך אַזש 75 מייל פון אַ גרעסערער שטאָט (אַט־לאַנטא) און 39 מייל פון אַ קלענערער שטאָט (קאָלאַמבוס)? און די איינריכטונג מיט דער באַלעבאַטישקייט וואָס ער האָט דאָרטן גע־טראָפן! מיט די אַנדערטהאַלבן פּאַציענטן. אַלצדינג איז געווען אין דער פרימיטיוווסטער סטאַדיע פון אנטוויקלונג. עס זענען נישט געווען גענוג צימערן פאַר די פאַר פּאַציענטן, און די צימערן האָבן נישט געהאַט די געהעריקע ווענטילאַציע. עס זענען נישט געווען גענוג דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער. בקיצור, רוזוועלט האָט געקאָנט, און מר. פּאָאל ראַדזשערס ווערטער, זייער גרינג באַהויפּטן, "אַז ער זאָל האָבן זיין אייגענעם דאָקטאָר, זיין אייגענע, פּריוואַטע היילונג־סיס־טעם, אייגענע אויפזיכט פון דאָקטוירים, און זיין אייגענעם שווים־טאַנק . . . "

ווען ער טוט דאָס אַלץ, וואָלט עס אפשר געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַ חוץ איין זאַך — ער וואָלט באַדאַרפט הייסן אַן אַנדערן נאָמען, נישט פרענקלין ד. רוזוועלט. אַזוי האָט ער, קומענדיק דאַמאָלס קיין וואַרם ספּרינגס, זיך פאַרקאַטשעט די אַרבל. ער האָט, אויף זיין כאַראַק־טעריסטישן שטייגער, אינגאַנצן פאַרגעסן וואו ער האַלט אין דער וועלט מיט זיין אייגענער קראַנקהייט. אַנשטאַט דעם, האָט ער זיך, ווי אַ דורכ־אויס געזונטער מענטש, אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון אויפ־בויען אַ היים פאַר קראַנקע — אַ היים מיט אַלע גוטיקע מאָדערנע איינריכטונגען, מיט די בעסטע דאָקטוירים אויפן געביט פון אינ־פענטאיל פּאַראַליזיס, מיט די נייעסטע מעדיצינישע מיטלען פאַר אַלעמען, נישט בלויז פאַר זיך אַליין.

היינט איז וואַרם ספּרינגס וועלט־באַרימט — נישט צוליב אַ גע־וויסן פּאַציענט אַליין, וואָס איז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר צוליב דעם פּראָגרעס פון דעם פּלאַץ גופא. אויך דאָס איז טאַקע צו פאַרדאַנקען דעם דערמאָנטן פּאַציענט. אַ דאַנק אים, איז נאָך אינם יאָר 1925 געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אַ

גרויסער אויפבוי־ארבעט אין דעם פּאַרוואָרפּענעם ווינקל פון דזשאַר־דזשיא. ער האָט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין ענערגיע און אונטער־נעמונג גייסט. די ארבעט האָט אָנגעהויבן ברענגען באַלדיקע רע־זולטאטן. 22 פּאציענטן זענען אין יענעם יאָר געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון באַרימטע דאָקטוירים און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער עקספּערימענטאלער הייל־פּעריאָד. רוזוועלט האָט צוגעצויגן וואָס מער מענטשן. די קור־מעטאָדעס האָבן זיך כסדר פאַרבעסערט. פּאצ־יענטן האָבן זיך געמערט. מען האָט אָנגעהויבן קומען נישט נאָר פון אַלע ווינקלען פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, נאָר פון אנדערע לענדער אויך. אין וואָרם ספּרינגס קאָן מען היינט געפינען פּאציענטן פון קאנאדע, ארגענטינע, בראזיל, ענגלאַנד, מעקסיקע, קובא, די פּילי־פּינען, פּאראגואי, ווענעזועלא, פּוערטא ריקאָ, האנדוראס און אפילו פון דעם ווייטן קאָרעא. דאָס פּלאַץ איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער מע־דיצינישער וויסנשאַפט. אויסער דעם, האָבן די פּאציענטן אַלע גע־לעגנהייטן זיך אויסצולעבן געזעלשאַפטלעך, קולטורעל און קינסטלע־ריש — לויט זייערע געצאַמטע מעגלעכקייטן.

רוזוועלט איז געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער פון דעם פּלאַץ. צו־זאַמען מיט די אַנדערע פּאציענטן איז ער געשוואומען אין די טאנקען. דאָס וואַרימע הייל־וואַסער האָט געגלעט זיין לייב פּונקט ווי עס האָט געגלעט די לייבער און קראנקע אברים פון די אנדערע געטראָפענע. צוזאַמען האָט מען גערעדט, געלאַכט און זיך געהיילט. אים איז נישט איינגעפאַלן, אַז אַ מענטש פון זיין קאַליבר, וואָלט אפשר נישט גע־דאַרפט פאַסטן אויפצודעקן די שוואכע זייט פון זיין פּערזענלעכקייט פאַר אַלעמענס אויגן. ער האָט נישט געהאַלטן קיין בלייפעדער אין דער האַנט און האָט נישט געפירט קיין חשבון וויפיל פון זיין ווירדע וועט פאַרלוירן גיין דערפון וואָס אַלע זעען זיינע געליימטע פיס. רוזוועלט, דער פּרעצעדענטן־ברעכער, האָט דאָ געבראָכן נאָך אַ פּרע־צעדענט. ער, דער מעיפּלאוער אַמעריקאַנער, האָט אין דעם פאַל נישט אָנגענומען דעם פּלאַכן אמעריקאנישן דעוויז, אַז "ווען דו לאַכסט, לאַכט מיט דיר מיט די וועלט, אָבער ווען דו וויינסט, וויינסטו אליין." ניין, רוזוועלט איז נישט דער מענטש פון דאַוונען ביחידות. ער לאַכט בציבור און ליידט בציבור — ווען דאָס ליידן וועט העלפן אנדערע.

עס זענען פאַראַן סופּער־סענסיטיווע נשמות, וועלכע קאָנען ביי זיך בשום אופן נישט פּועלן, אַז אנדערע זאָלן אריינבליקן אין זייערע אָפענע וואונדן. ווען איינעם געלינגט צו דערגיין דעם שוואַכן פּונקט פון אַזאַ סאָרט עמפּינדלעכן מענטשן, וועט דער לעצטער אָדער ווייכן

פון דעם אנדערן מענטש אָדער ער וועט טראָגן אויף אים אַן אומפאַר־שטענדלעכן האַס. קיין גענויע דערקלערונג איז דערצו נישטאָ.

אַז רוזוועלט איז אַ סענסיטיווער מענטש, ווייסן אַלע. ער איז אָבער נישט קרענקלעך־סענסיטיוו, פונקט ווי ער איז נישט קרענקלעך אין קיין זאַך. ער איז גוואַלדיק ברייט אין זיין פּסיכאָלאָגישן קוק אויף דער וועלט. ער ווייסט, אַז מען קאָן שאַפן אילוזיעס ביים פאָלק וועגן דער אייגענער געשטאַלט וואָס מען קאָן ארומוויקלען מיט מיסטעריעזע שלייערן און אַ סך נאַרישע מעשות. ער ווייסט, אַז דאָס פאָלק איז טיילמאָל גאַנץ נאַאיוו אויפצונעמען אזעלכע מעשות מיט הייליקן ערנסט. ער ווייסט אָבער אויך, אַז דאָס אַלץ האָט אַ קליינעם דויערנדיקן ווערט. סוף כל סוף פלאַצן אָט־די אַלע שלייערן אויף דעם אויסגע־טראַכטן געשטאַלט און עס באַווייזט זיך אַ רעאַלער נפש, אָפּגעשוונדן פון דער לעגענדאַרער הויט, ארומגעצופּט פון די גאָלדענע, אילוזאָרישע פעדערן. דאמאָלס — נו, דאמאָלס, פלאַצט דאָס פאָלק ארויס אין אַזאַ הילכיק געלעכטער קעגן וועלכן דער גרעסטער און געמיינסטער צי־ניקער קאָן נישט ביישטיין.

יאָרן זענען געגאַנגען. דער קריזיס איז אריבער. ער האָט גע־וואוסט וואו ער האַלט. אָפּטימיסטיש ווי ער איז געווען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס עס איז געווען וועט שוין מער נישט זיין. ער האָט בלויז געפּרואווט אָפּראַטעווען וואָס מער פון דער גרויסער שרפה. זאָל זיך דער פּוס כאָטש אביסעלע באַוועגן . . . זאָל יענער פּוס כאָטש אַ ווייז טאָן אַ סימן פון לעבן . . . אָבער די גרויסע אגאָניע איז געווען אריבער. ער האָט געוואוסט וואָס ער מעג דערוואַרטן. און ער האָט אָנגעהויבן שלום מאַכן מיטן געדאַנק. אין יענער צייט איז עס אים איינגעפאַלן צו שרייבן די ביאָגראַפיע פון הייד פּאַרק, ווייל פּאָלי־טיק, האָט ער געזען, איז פאַר אים אַן אויסגעשפּילטע זאַך, כאָטש לויט ווי האָט געדענקט אַנדערש. צו פּאָליטיק, האָט פרענקלין ד. רוזוועלט געוואוסט, דאַרף מען אוועקגעבן יעדע רגע פון טאָג, אויב מען וויל עפּעס דערגרייכן. פּאָליטיק איז אַ קונסט וואָס פאָדערט יעדע שטיקל ענערגיע פונם מענטש, יעדעס ברעקל טאַלאַנט וואָס מען באַ־זיצט. אויב מען גיט זיך נישט אָפּ דערצו מיטן גאַנצן האַרץ, קאָן מען ווינציק וואָס אויפטאָן.

ער האָט איינגעטיילט זיין צייט אין דריי טיילן: ניו יאָרק, הייד פּאַרק און וואָרם ספּרינגס. אין ניו יאָרק האָט ער געפּרואווט ארבעטן. אין הייד פּאַרק האָט ער געפּרואווט טראַכטן. אין וואָרם ספּרינגס האָט ער געזוכט זיין רפואה. עס וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג צו

זאָגן, אַז צום בעסטן האָט ער זיך געפילט אין וואָרם ספּרינגס. שוין דער קלימאַט אַליין האָט געהאַט אַ היילנדיקע ווירקונג אויף זיין געמיט, פּונקט ווי דאָס הייסע ניינציק־גראַדיקע וואַסער האָט געהאַט אַ היילנדיקע ווירקונג אויף זיין לייב. כאָטש דזשאָרדזשיאַ איז אַ הייסער שטאַט, איז אין וואָרם ספּרינגס, צוליב דער הויכקייט פון דעם באָדן, קיל און אָנגענעם אַפילו אינמיטן זומער. ער איז געשוואומען, האָט גערוט און אַנטייל גענומען אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. ער האָט זיך געפילט גוט אין דער משפּחה פון די קראַנקע, פּונקט ווי זיי האָבן זיך געפילט גוט מיט אים. ער האָט, לויט די ווערטער פון מר. פּרעד באַטס, אַריינגעגעבן מוט, אַריינגעבלאָזן פונקען פון לעבן נישט נאָר זיינע קאָ־פּאַציענטן, נאָר טויזנטער אַנדערע, וועלכע זענען פונדערווייטנס אָנגעשטעקט געוואָרן מיט זיין געזונטן אָפּטימיזם.

אַזוי אַרומער איז פּרענקלין ד. רוזוועלט געווען פּאַציענט און רופא אין דער זעלבער צייט. דאָס זעלבע, אויף אַ סך אַ ברייטערן אופן, האָט זיך שפּעטער איבערגעחזרט — דאַן ווען ער איז געוואָרן דער פּרעזידענט פונם לאַנד. אויך דאַמאָלס איז ער דאָך געווען אַ טייל פון דעם קראַנקן בירגערטום וואָס האָט פּאַרפּלייצט דאָס לאַנד. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אָנגעטאָן דאָס ווייסע פּאַרטעך און איז געגאַנגען היילן — אי זיך, אי אַנדערע. ווייזט אויס, אַז צו טאָן צוויי זאַכן אויף אַמאָל איז ביי רוזוועלטן פון די נאַטירלעכסטע רוטינען. "מאַמע, איך וואָלט זיך געשעמט, ווען איך וואָלט נישט געקאָנט טאָן כאָטש צוויי זאַכן אויף אַמאָל . . . "

רוזוועלט האָט נישט שטאַרק ליב צו זיין אַליין, פונדעסטוועגן זענען געווען מאָמענטן, ווען עס איז אים דאָך אויסגעקומען צו פאַרבלייבן אַליין אין יענע טעג פון זיין ערשטן הייל־פּעריאָד אין וואָרם ספּרינגס. דאָס דאָזיקע אַליין־זיין האָט אים נישט געשראָקן, האָט נישט אַרויפגעוואָרפן אויף אים קיין מורה שחורה פאַר זיין אייגענעם גורל. עס האָט אים אָבער אַלעמאָל געמאַכט ערנסטער און אים געצוואונגען זיך צו פאַרטיפן אין די אינדיווידועלע טראַגעדיעס פון אַנדערע פּאַציענטן. טייל פון זיי זענען נאָך געווען אַזוי יונג — יינגער אַפילו פון אים. וואָס דערוואַרט זיי אין דער צוקונפט? וועלן זיי האָבן דעם כח צו באַקעמפן די שוואַרצע ליכטער וואָס טאַנצן כסדר פאַר זייערע אויגן? דער פון אויבן־אויף פריילעכער רוזוועלט איז אין אַזעלכע מאָמענטן געוואָרן טרויעריק און דערשלאָגן. די וואונדן פון די אַנדערע אָנגעגריפענע פון דער שרעקלעכער חולאת האָבן זיך איינגעשניטן אין זיין לייב. דאָס האָט אים פאַרשאַפט גרעסערע ליידן ווי זיינע אייגענע

וואונדן, וועלכע ער האָט נאָך געקאָנט גובר זיין. קיינער פון די ארומי־קע קאָ־פאַציענטן וואָלט נישט חושד געווען, אַז צו דעם ליכטיקן, לאַכעדיקן, שפּרודלדיקן רוזוועלטן קאָנען פאַרבלאָנדזשען אַזעלכע גע־דאַנקען.

ער איז געשוואוּמען אין דער וואַרימקייט פון וואַסער וואָס איז שוין געווען אַלט, אַלט. די דאַזיקע וואַרימקייט איז געווען אַ מתנה פון דער נאַטור. אויף וויפיל עס איז באַקאַנט, האָבן די ערשטע ווייסע מענטשן זיך דאָ באַזעצט פונקט מיט הונדערט יאָר צוריק (אין 1825). עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס פּלאַץ האָט אָנגעהויבן שמעקן אַלס אַן אָפּרו־אָרט אין די הייסע זומערן. האָבן די ערשטע ווייסע מענטשן אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון דעם ניינציק־גראַדיקן קוואַל־וואַסער? האָבן די פריערדיקע איינוואוינער, די אינדיאַנער, אָנגגע־נומען דאָס דאַזיקע נאַטור וואונדער אַלס אַ ברכה אָדער אַ קללה פון די געטער? האָט רוזוועלט דאַן געטראַכט וועגן דעם אַלעם? איז אים אין יענע ערשטע הייל־טעג זיינע איינגעפאַלן, אַז די זעלבע וואַסערן, וואָס גלעטן אַצינד זיין לייב, דאָס לייב פון אַ פּשוטן בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלן האָבן די זכיה צו האַלטן אין זייערע ווייכע אָרעמס דאָס לייב פון אַ גאָווערנאָר פון דעם גרעסטן שטאַט אין דער יוניאָן און נאָך שפּעטער — דעם ערשטן בירגער פון לאַנד?

ניין. עס איז אים אַזוינס נישט איינגעפאַלן. אַ סימן: ווען שפּעטער, אַ סך שפּעטער, אין 1928, האָט זיך צו אים געווענדט אלפרעד ע. סמיטה, דאַמאָלס גאָווערנאָר פון ניו יאָרק און פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַז ער זאָל "לויפן" אַלס גאָווערנאָר פון ניו יאָרק אויפן דעמאָקראַטישן טיקעט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. רוזוועלט האָט זיך געהאַט אָפּגעזעגנט מיט פּאָליטיק אויף אַן אמת. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג, אַז אויב מען קאָן נישט קאָנ־צענטרירן די פולע מאָס ענערגיע אויף אַ זאַך, איז בעסער זי צו לאָזן צורו.

סמיטה האָט נישט אָפּגעלאָזט. די פּאַרטיי האָט אויך אויסגעאיבט אַ דרוק. אָבער רוזוועלט, געטריי צו זיין כאַראַקטער, האָט זיך גע־האַלטן פעסט ביי זיין באַשלוס: ער "לויפט" נישט. זיין געזונט איז ביי אים בילכער. נישט דערפאַר ווייל ער איז בטבע אַזאַ עגאָאיסטישער מענטש, נאָר פּשוט דערפאַר ווייל אַז דאָס געזונט איז נישט אין אָרד־נונג, איז דער קאָפּ נישט אין אָרדנונג. און מיט אַ שוואַכן געזונט און אַ שוואַכן קאָפּ קאָן מען ווינציק־וואָס אויפטאָן. און רוזוועלטס באַ־גריף פון אויפטאָן זאַכן זענען שוין, דאַכט זיך, גוט באַקאַנט.

אָבער ער האָט דאָן "פאַרלוירן די שלאַכט." פון די געציילטע שלאַכטן וואָס ער האָט "פאַרלוירן" אין זיין פּאָליטישער קאַריערע. עס איז געווען אַן אַנגעצויגענע לאַגע. אלפרעד ע. סמיטה איז אַרויס־געשטעלט געוואָרן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אַלס פּרעזידענט־קאַנדידאַט קעגן דעם ווילן פון אַ סך אַנגעזעענע פּאַרטיי־פירער. סמיטה איז אַ קאַטאָליק און די דערמאָנטע פירער האָבן געהאַלטן, אַז ער האָט נישט קיין שום שאַנס דערוויילט צו ווערן, ווייל ביי דעם אַמעריקאַנישן וויילער הערשט נאָך שטאַרק דער רעליגיעזער פאָר־אורטייל. באַזונדערס ווען עס קומט צו אַזאַ אַמט ווי פּרעזידענט פון לאַנד. אָבער ער איז שוין געהאַט נאָמינירט געוואָרן (טאַקע פון רוזוועלטן אליין) און מען האָט געדאַרפט טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך, אַז ער זאָל דערוויילט ווערן.

ניו יאָרק איז דער גרעסטער שטאַט מיט דער גרעסטער צאָל "עלעקטאָראַל וואוטס." ווען די פּאַרטיי זאָל זיין באַוואָרנט מיט אַ שטאַרקן גאָווערנאָר־קאַנדידאַט, וואָלט ער אַ סך געקאָנט העלפן צו געווינען דעם שטאַט נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַרן פּרעזידענט־קאַנדידאַט. וואו נעמט מען אַזאַ קאַנדידאַט?

דאָס אויג פון דער דעמאָקראַטישער מאַשין איז געפאַלן אויף פרענקלין ד. רוזוועלט. צי דאָס איז געווען סמיטהס איינפאַל, צי לואיס האַוס, צי פון אַן אַנדערן אָדער אַנדערע, איז אַצינד נישט וויכטיק. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז אַלע זענען געווען איינ־שטימיק, אַז רוזוועלט וואָלט געווען אַ גוטע קאַרט צו שפּילן. ער איז נישט געווען קיין קאַטאָליק, נאָר אַ פּראָטעסטאַנט (די דאָמינירנ־דיקע רעליגיעזע גרופּע אין די פאַראייניקטע שטאַטן). ער האָט געהאַט אַ גוטן "רעקאָרד": אַ געוועזענער געהילף מיניסטער, אַ קאַנדידאַט פאַר וויצע פּרעזידענט און אַ סטעיט סענאַטאָר. מען האָט אים גע־האַלטן פאַר נישט קיין שלעכטן רעדנער אין יענער צייט, כאָטש קיין איינציקן פון די דאַמאַלסדיקע פּאַרטיי־פירער איז נישט איינגעפאַלן אָפּצושאַצן דעם פולן ווערט סיי פון זיין רעדנער־טאַלאַנט, סיי פון זיינע אַנדערע מעלות און פאַטענצן.

אַלזאָ, רוזוועלט וואָלט געווען אַ גאַנץ גוטער קאַנדידאַט פאַר גאָ־ווערנאָר, ווען ער זאָל וועלן "לויפן." וואָס טוט מען אָבער, אַז ער וויל נישט — בשום אופן נישט?

אייניקע פּאַרטיי־פירער האָבן זיך שוין געהאַט מיאש געווען. אָבער נישט דער ענערגישער "אל" סמיטה. סמיטה, איז כדאי צו וויסן, איז אַ פּערזענלעכער מענטש. אויסער פּאָליטיק, האָט ער אַלע־

מאָל געזוכט די מענטשלעכע מעלות אין אַ פּאַרטיי־חבר. רוזוועלט האָט צו אים אפּעלירט פּערזענלעך, האָט ער אים געוואָלט האָבן פאַר גאָווערנאָר פון זיין סטעיט. און ניו־יאָרק איז דאמאָלס געווען סמיטהס סטעיט. איז ער דאָך אַליין געזעסן אויף דער גאָווערנאָר־שטול פיר טערמינען!

ווען רוזוועלט איז געבליבן איינגעעקשנט, האָט סמיטה דאָן באַשלאָסן צו נעמען צו הילף מרס. עלינאָר רוזוועלט, זי זאָל אים העלפן איבער־רעדן איר מאַן. די גוט־האַרציקע עלינאָר איז געווען אין אַ פאַר־לעגנהייט. זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אַלס געטרייע, איבער־געגעבענע פרוי האָט זי גיכער געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל פאַרבלייבן אין וואָרם ספּרינגס, וואו ער האָט געמאַכט פּראָגרעס אין זיין היילן זיך. פון דער צווייטער זייט האָט זי נישט געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל אינגאַנצן אָפּגעריסן ווערן פון זיין פּאָליטישן לעבן, וואָס איז, נאָכ־אַלעמען, געווען זיין אידעאַל. אָפּזאָגן סמיטהן איז איר געווען שווער. האָט מען געמאַכט אַ "קאָנספּיראַציע" און מען האָט אָפּגערופן רוז־וועלטן אויפן לאַנג דיסטענס טעלעפאָן.

גערופן האָט זי, זיין ווייב, אָבער סמיטה האָט באַלד איבערגענומען דאָס טרייבל. "העלאָ, פרענקלין? דאָס רעדט אל . . . "

"העלאָ, אל! האו אַר יו?"

"איך בין אַלרייט. איך וויל איר זאָלט לויפן אלס גאָווערנאָר . . . "

רוזוועלט, פון יענער זייט, פון וואָרם ספּרינגס, האָט געלאַכט, געזאָגט, אַז ס'איז אוממעגלעך. סמיטה האָט זיך געדונגען, געגעבן צו פאַרשטיין. רוזוועלט האָט אָנגעגעבן טענות — גערעכטע, פאַרשטענד־לעכע. סמיטה האָט איינגעשטימט. נאָר וואָס דען — ער מוז "לויפן" פאַר גאָווערנאָר. דער גאַנצער דעמאָקראַטישער טיקעט וועט דערמיט געשטאַרקט ווערן. דער אויסקום פון די וואַלן וועט פון דעם באַווירקט ווערן. אין נאָמען פון זייער פריינטשאַפט, זאָל ער אָננעמען די נאָמינאַציע.

וואָס סמיטה דענקט היינט פון יענעם שמועס וואָלט דווקא געווען אינטערעסאַנט צו הערן*). דער סך הכל איז געווען: רוזוועלט האָט זיך געלאָזט איבעררעדן. ער איז דערווײַלט געוואָרן גאָווערנאָר פון ניו יאָרק און מיט פיר יאָר שפּעטער — פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער קאַמף וואָס איז פאָרגעקומען אין 1932 צווישן אים און

*) די שורות זענען געשריבן געוואָרן איידער מר. סמיטה איז געשטאָרבן.

סמיטהן פאַר דער פּרעזידענטישער נאָמינאַציע האָט אַ סוף געמאַכט צו זייער לאַנג־יאָריקער פריינטשאַפט — יעדנפאַלס, פון סמיטהס זייט.

ווייל דער פרעזידענט איז, ווייזט אויס, נישט פון די וואָס פאַרגעסן אַזאַ מין פריינטשאַפט מיט אַ מאַך פון דער האַנט. אַ באַווייז דערצו איז נישט נאָר דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון זיי ביידע וואָס איך האָב געזען אין פרעזידענטס צימער אין הייד פּאַרק, נאָר זיין באַגריסונג צו סמיטהס זיבעציקסטן געבוירנטאָג דעם 30־טן דעצעמבער, 1943. ״איך וואָלט געווען צופרידן,״ לייענט זיך דעם פרעזידענטס טעלעגראַם, ״ווען איך וואָלט געקאָנט זיין צוזאַמען מיט אַלע די וואָס ערן אייך היינט. אָבער איך וועל וועגן אייך טראַכטן ביי דער דאָזיקער גליקלעכער געלעגנהייט און איך שיק אייך האַרציקע וואונטשן און די וואַרימסטע פּערזענלעכע באַגריסונג.״

פאַר דעם אויסברוך פון דער איצטיקער מלחמה פלעגט רוזוועלט באַזוכען וואָרם ספּרינגס גאַנץ אָפט. היינט איז ער צוגעבונדן צו זיין פאָסטן און ער קאָן זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס פון פאָרן אַהין. דאָס איז אַ דאָפּלטער פאַרלוסט: אי זיין אייגענער, אי די פאַציענטנס. עס פעלן אים זיכער אויס די עטלעכע וואָכן וואָס ער פלעגט דאָרטן פאַרברענגען. זיי פלעגן אָנפילן זיינע לונגען מיט געזונטער לופט פון די בערג ארום און זיין לייב פלעגט אויפלעבן פון די היילנדיקע וואַסערן וואָס די מאַמע־ערד האָט צוגעשיקט אַלס אַ מתנה פאַר די קראַנקע מענטשן. זיינע אַדערן פלעגן אָנקוועלן פון דעם פריידיקן געדויש פון די דינע כוואַליעס וואָס די באַוועגונגען פון זיין קערפּער האָבן פּראָדוצירט.

און די פּאַציענטן פעלט זיכער אויס זיין ברייטער, וואַרימער שמייכל, זיין וואַרימער האַנט־דרוק, זיין הומאָר, זיין געלעכטער — אַלץ אַזוינע עלעמענטן וואָס זענען אַזוי גויטיק אין זייער דיעטע פון היילן זיך. אָט פונקט אפשר ווי די שטראַלן פון דער דזשאָרדזשיער זון, פונקט ווי די הייסע ציגגלעך פון דעם קוואַליקן וואַסער אין דעם טאַנק.

אָט איז אַ מוסטער פון דעם פרעזידענט הומאָר און זיין ווירקונג אויף די פּאַציענטן.

איינמאָל, שרייבט מיר אַ געוועזענער פּאַציענט פון וואָרם ספּרינגס, איז דאָרט פאָרגעקומען אַ פּאַרטי. רוזוועלט, שוין דאַן פרעזידענט, איז געזעסן ביים טיש, גלייך מיט אַלע. די שטימונג איז געווען אַ גוטע. ער האָט געשפּרודלט מיט וויץ, מיט הומאָר און מיט לעבן. קיינער האָט נישט געפילט קיין דיסטאַנץ צווישן אים און די אַנדערע קראַנקע מענטשן

ארום; ווייניקער פון אַלע — ער אליין. איינער האָט פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן צום פּרעזידענט, אַז הענרי איז נאַר־וואָס אָנגעקומען.

— וועלכער? — האָט דער פּרעזידענט גלייך געפרעגט — הענרי די טום אָדער הענרי די מאָרג*)?

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָבן ארויסגערופן אַ הילכיק און גליקלעך געלעכטער פון די קראַנקע מענטשן. אַ געלעכטער וואָס ווירקט אויף זייערע געמיטער בעסער און לענגער איידער די אנערקענטסטע רפואות. די דאָזיקע לצנותן זיינע האָבן פאַרגרינגערט דאָס לעבן פון די מענטשן פון וואָרם ספּרינגס אויף אזוי פיל, אַז ווען עס איז געקומען צו זיין אָפּפאָרן האָבן זיך אַלע געפילט דערשלאָגן. אָבער זיין איבער־געבליבענער הומאָר האָט זיי באַגלייט אין די איינזאַמע שעהן טאָג און נעכט נאָכאַנאַנד. און זיי זענען אים דערפאַר געווען דאַנקבאַר. און מען האָט אים דערפאַר באַשאָנקען מיט אַ ליבע, וואָס איז געווען דורכ־געוועבט מיט דער עכטקייט פון עמפינדלעכע נשמות, וואָס נאָר קראַנקע פאַרמאָגן.

*) הענרי טומבס איז דער אַרכיטעקט פון דעם פּלאַץ און דער אַנדערער איז, נאַטירלעך, הענרי מאָרגענטהאַ, דער פינאַנץ מיניס־טער, וועמען דער פּרעזידענט האָט פאַרקירצט דעם נאָמען אויף "מארג", וואָס מיינט אַ פּלאַץ פאַר טויטע. דאָס האָט דער פּרעזידענט געטאָן דערפאַר ווייל דער פינאַנץ מיניסטער גייט אַלעמאָל ארום אַ פאַרטרויערטער. "טום" מיינט אויף ענגליש — קבר.

# פוירל האַרבאָר

דער טאָג פון דעם 7־טן דעצעמבער, 1941, האָט זיך געשטעלט פונקט ווי אַלע טעג פון יאָר. דאָס לעבן אין די פאַראייניקטע שטאָטן פון אַמעריקע איז זיך געגאַנגען מיט דעם געוויינטלעכן טעמפּאָ. עס איז געווען זונטיק, רו־טאָג.

אין אַמעריקאַנישע היימען איז מען געשלאָפן שפּעט. נעכטן איז מען געגאַנגען שלאָפן אין אַ שפּעטער שעה. אַזוי פירט מען זיך אינם לאַנד. מען גייט אויס ערב זונטיק. אַזוי יונגע, אַזוי מיטליאָריקע. און די עלטערע, וואָס בלייבן אינדערהיים, זיצן און וואַרטן אויף די וואָס זענען אוועק.

די מלחמה אין אייראָפּע האָט נישט געענדערט אָט די אַמעריקאַנישע געוואוינהייט, וואָס איז אַ טייל פון לעבן. די מלחמה אין אייראָפּע האָט בכלל נישט געענדערט דעם לעבנסשטייגער פון דעם אַמעריקאַנישן פאָלק. ווייל די גרויסע מערהייט אַמעריקאַנער האָט נאָך ביז דאַן גע־גלויבט, אַז דאָס איז נישט איר מלחמה. ״וואָס גייט אונז אָן וואָס די משוגענע אייראָפּע רייסט זיך אַרום?״ — האָט זיך געטראַכט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק. ״אַז איין מלוכה פירט מלחמה קעגן דער אַנדערער מלוכה אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, גייט עס אייראָפּע אָן?״

דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק, אין גרויסן רוב, איז פּאָליטיש נאַאיוו — פון די נאַאיווסטע אין דער וועלט. דאָס אייגענע לאַנד איז אַזוי גרויס, די אייגענע שפּראַך איז אַזוי רייך, דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז אויף אַזאַ הויכן סטאַנדאַרד, אַז דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער בירגער איז אָן אונטערבאַוואוסטזיניקער (אויב נישט קיין באַוואוסטזיניקער) סנאָב בנוגע אַנדערע לענדער. דער בירגער פון אַ גאַנץ יאָר האָט גענוג אויסצופילן זיין געדאַנק מיט אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ער ווייסט נישט אַז זיין לאַנד, כאָטש רייך און מעכטיק, איז דאָך נישט מער ווי אַן אומצושיידבאַרער טייל פון אַנדערע פעלקער—וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען. ער פאַרשטייט נישט אַז די פרעמדקייט פון דעם אייראָפּע־אישן קאָנטינענט איז נישט קיין עכטע; אַז יעדער ווייסער אַמעריקאַנער איז, אין סך הכל, נישט מער ווי אַן איבערגעפלאַנצטער אייראָפּייער, דאָ

פון ענגלאַנד, דאָ פון האָלאַנד; דאָ פון פראַנקרייך, דאָ פון אירלאַנד; דאָ פון דייטשלאַנד, דאָ פון רוסלאַנד, פון פוילן, פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, א. אז. וו. איז ווי קאָן מען אַ מלחמה אין אייראָפּע, וואָס רירט אָן — דירעקט אָדער אינדירעקט — מיליאָנען מענטשן פון אייראָפּע־אישן אָפּשטאַם, צוגלייכן צו אַ מלחמה צווישן פאַראַגוואַי און באָליוויע, אָדער צווישן ווענעזועלאַ און עקוואַדאָר?

פּרעזידענט רוזוועלט האָט זיך אויפגעגעסן דאָס האַרץ. "געדענקט, בירגער," — האָט ער געוואָרנט, "דאָס איז איין מלחמה. מען קאָן נישט באַהאַלטן דעם קאָפּ אין זאַמד . . . געדענקט, בירגער, אַז דאָס איז נישט קיין מלחמה צווישן איין לאַנד און אַן אַנדערן; עס איז אַ מלחמה פון אַ באַנדע גענגסטערס קעגן דער וועלט . . . און מיר זענען אַ טייל פון דער וועלט, אויף וועלכער עס איז געמאַכט געוואָרן די גרעסטע פאַר־שווערונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע. געדענקט דאָס, בירגער! . . . "

אָבער דער בירגער האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט נישט גע־וואָלט פאַרשטיין. עס האָט זיך פּשוט נישט צוגעקלעפּט צום געדאַנק. דער בירגער האָט געוואָלט גיין אין די מאָוויס און זיך קוויקן מיט וואָלט דיזניס אַ קאַרטון. דער בירגער האָט בעסער געוואָלט גיין צו אַ בעיסבאָל געים. דער בירגער האָט בעסער געוואָלט אויסגיין מיט זיין מיידל, אָדער זיצן זונטיק אויף זיין פּאָרטש און אַרבעטן איבער אַ פּאָזל. דער אַמעריקאַנער בירגער, ווי בירגער, מסתמא, פון מערסטע לענדער, האָט נישט ליב, ווען מען רייסט איבער זיין איינגעשטעלט לעבן מיט שווערע פּראָבלעמעס.

האָט אַ קליינער פּראָצענט פונם אמעריקאנישן בירגערטום אָנגע־הויבן פּאָראיבל צו האָבן אויפן פּרעזידענט וואָס ער דערציילט זיי מעשות וואָס האָבן, לויט זייער באַגריף, צו זיי קיין שייכות נישט. זיינע רייד האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן, אַרויסברענגען פונם גלייכגעוויכט. אזוי וואָלטן זיי דווקא גאָרנישט געהאַט צו זייער פּרעזידענט. פאַרקערט, זיי האָבן אים געערן. עס אימפּאָנירט זיי זיין שמייכל, זיין ערלעכקייט און זיין פעאיקייט. אַ סימן: ער האָט געוואָלט ווערן פּרעזידענט אַ דריט מאָל, האָבן זיי אים נאָכגעגעבן. און פאַרוואָס געפינט ער זיך נישט קיין אַרבעט אָט־דאָ, אין לאַנד? פאַראַן גענוג וואָס צו טאָן אינם אייגענעם הויז. צו וואָס דאַרף ער זיך דווקא מישן אין די "יוראָפּישע" ביזנעס?

יאָ, רוזוועלט, דער אָנגענעמער, דעם וועלכן עס איז גרינג ליב צו האָבן, ווען ער איז אין זיין אייגענער ראָלע, נישט אין קיין פרעמדער, האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן אַ טייל פון זיין חן ביי טייל אמעריקאנישע

מאָסן. ער האָט זיי שוין צופיל געשפּילט אויף די נערוון. דאָ מיט אַ שטאַרקער רעדע, דאָ מיט אַ וואָרנונג צום קאָנגרעס, דאָ מיט אַ "לענד ליס", וואָס קאָן פירן, גאָט ווייסט, וואוהין. ביז . . . ביז — — — — —

ביז עס איז געקומען זונטיק, דער זיבעטער דעצעמבער, 1941.

דער אמעריקאנישער בירגער האָט זיך געהאַט אויסגעשלאָפן, אָפּגעבאָדן און געענטפערט דעם טעלעפאָן. ווער עס האָט געהאַט אָפּגעגעסן אַ שפּעטן אָנבייסן און זיך געהאַלטן אין אָנטאָן און ווער עס איז נאָך געזעסן אינם שלאָפראָק אין קיך־צימער און האָט מיט די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע גערעדט וועגן דער פּיעסע אָדער מואווי וואָס ער (אָדער זי) האָט נעכטן ביינאַכט געזען. דאָס יונגוואַרג האָט זיך באַרימט מיט די דערפאָלגרייכע "דעיטס" וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זייערע באָיס און מיידלעך. אייניקע האָבן שוין געהאַט צייט צו כאַפּן אַ בליק אין דער זונטיקדיקער צייטונג וואָס וועגט עטוואָס ווייניקער ווי אַ טאָן. אָבער קיינער לייענט סיי ווי נישט אַלץ וואָס דאָרטן געפינט זיך. ווער עס כאַפּט זיך צו צו דער "פאַני פּעידזש" און ווער צו דער זייט פון נייעס. ווער עס שטודירט די ספּאָרט־אָפּטיילונג און ווער אַ פּאַזל. דאָ און דאָרט גיט מען אַ רעד פון פּאָליטיק. יענעם זונטיק האָט מען דערמאָנט די מלחמה אין ליביע און אויך די מלחמה אין (לויט זייער באַגריף) ווייטן רוסלאַנד.

דערהויפּט האָט דער אַמעריקאַנישער בירגער דאַמאָלס גערעדט וועגן בענטערע זאַכן, זאַכן וועלכע ער האָט געקאָנט מיט דער האַנט דערלאַנגען; זאַכן לייכטע און געמיטלעכע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ זונטיקדיקער שטימונג אין אַ פרידלעך לאַנד. אַז ער אַליין שטייט אזוי נאָענט צו מלחמה, איז אים נישט איינגעפאַלן. געפינט זיך דען נישט אַצינד אין וואַשינגטאָן אַ ספּעציעלער שליח פון מיקאַדאָ? ווילן דען נישט די קינדער פון דער אויפגייענדיקער זון לעבן מיט אונז בשלום? איז צו וואָס זיך זאָרגן? אַ דזשאַב איז פאַראַן? סעמעלע לערנט זיך גוט? ראָזלין גייט אויס מיט אַ לאָיער? סטים גיט דער לענדלאָרד געננוג? צו וואָס זיך זאָרגן?

נאָר פּלוצלונג — וואָס איז דאָס? פאַרוואָס האָט זיך די ראַדיאָ אזוי צושריגן? שאַ, לאָמיר הערן:

"די אמעריקאַנישע פלאָטן־באַזע אין פּוירל האַרבאָר, האַוואַאַי, איז באָמבאַרדירט געוואָרן פון יאַפּאַנעזישע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן געדעגנט מיט טויט און פאַרוויסטונג. הונדערטער, אפשר טויזנטער, אמעריקאַנישע מאַטראָסן און סאָלדאַטן זענען דערהרגעט געוואָרן. עטלעכע קריגשיפן זענען געזונקען געוואָרן. צווישן זיי די גרויסע שיף אריזאָנא.

אנדערע שיפן זענען באַשעדיקט געוואָרן. עס איז אוממעגלעך פעסט־צושטעלן דעם גאַנצן שאָדן גלייך אויפן אָרט. די ציווילע באַפעלקערונג פון האוואַי האַלט זיך מוסטערהאַפט.״

דאָס זענען געווען די ערשטע טרוקענע פאַקטן. נאָכדעם זענען געקומען קאָמענטאַרן.

״די גאַנצע אמעריקאַנישע באַפעלקערונג, פון ברעג ביז ברעג, איז אויפגערודערט. עס פעלן אויס ווערטער אויסצודריקן דעם צאָרן. אַזאַ גענגסטערישער אָנפאַל אויף אונזער לאַנד איז ניי אין אונזער גאַנ־צער געשיכטע. די שטימונג איז פאַר באַלדיקער מלחמה, פאַר באַלדיקער מאָביליזאַציע, פאַר אַ באַלדיקן ענטפער דעם געמיינעם יאַפּאַנעזישן אימפּעריאַליזם.״

ווי פייער האָט זיך די נייעס פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. טעלעפאָנען האָבן געזשומעט. טעלעגראַמעס זענען געלאָפן הין און צוריק. פאַר אַ סך מענטשן איז דאָס געווען אוממעגלעך זיך צוצוגלויבן. ווי האָט יאַפּאַן געוואָגט צו טאָן אַזאַ זאַך? זענען זיי דאָרטן אַרונטער פון זינען, אין טאָקיאָ? האָט אַ גאַנץ פאָלק באַשלאָסן צו באַגיין האַראַ־קירי? ווייסן זיי נישט מיט וואָס דאָס שמעקט און מיט וועמען זיי האָבן זיך דערטשעפּעט? איז דאָס אַלץ נישט אַמאָל אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַ וויץ?

אין וואַשינגטאָן, אין ווייסן הויז, האָט מען זיך דערוואוסט די נייעס גלייך מיט אַלע בירגער פונם לאַנד. אויך דאָרט האָט מען זיך אין אָנ־פאַנג נישט געוואָלט צוגלויבן, אַז דאָס האָט געקאָנט פּאַרקומען. דער פּרעזידענט איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. ער האָט געהאַט געסט ביי זיך. דער פּרעזידענט איז אַלעמאָל גוט אויפגעלייגט, ווען ער האָט געסט. מען האָט גערעדט ערנסטע זאַכן אויף אַ לייכטן אופן. עס איז נישט געווען קיין אורזאַך פאַר פּאַניק, כאָטש אין אייראָפּע און אין אפריקע און אין אַזיע האָט זיך געגאָסן בלוט. דער פּרעזידענט האָט געוואוסט וואָס עס קומט אויף זיין לאַנד. ער האָט געוואוסט, אַז אמעריקע וועט נישט אויסמיידן דעם טייוולס ספּעקטאַקל. אים איז געווען קלאָר, אַז זיין פאָלק, זיינע זין און די זין פון אנדערע וועלן מוזן בלוטיקן אויף די אומזיניקע שלאַכטפעלדער. אָבער — נישט שוין. עס וועט נאָך געדויערן אַביסל צייט. וועט ער דאָס דאָזיקע שטיקל צייט אויסנוצן צוצוגרייטן זיין פאָלק, פריער פּסיכאָלאָגיש, נאָכדעם מיליטעריש. ווען דאָס פייער וועט אַרומכאַפּן אמעריקע, זאָל מען זיין גרייט צו לעשן, זאָל מען זיין גרייט צו ענטפערן דעם שונא אַזוי ווי ער האָט פאַרדינט: מיט אַ פויסט אין די ציין.

דער ניו יאָרקער מעיאָר, לאַ גואַרדיאַ, איז געזעסן לעבן אים. לא גוארדיא איז דאמאָלס געווען דער הויפּט פון דער פאַרטיידיקונג פון דער ציווילער באַפעלקערונג. האָט מען אַרומגערעדט מיטלען און וועגן ווי אזוי צו באַוואָרענען די באַפעלקערונג ווען די צייט וועט קומען.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר. הערי האָפּקינס איז געשטאַנען ביים אריינגאַנג אַ בלאַסער, אַ פאַרענדערטער.

— וואָס איז געשען, הערי? — האָט דער פּרעזידענט געפרעגט זיין נאָענטן פריינט.

ביי רוזוועלטן איז נישט געווען קיין נייעס צו זען זיין פריינט הערי אַ בלייכן און אַן אויסגעמאַטערטן. האָפּקינס איז נישט קיין געזונטער. ער ליידט אָפּט וויטיקן. אזוי ווי ער איז זייער אַ סענסיטיווער מענטש, דערקענט מען עס תיכף אויף זיין פּנים.

אויך איצט האָט דער פּרעזידענט געמיינט, אַז הערי פילט נישט גוט. אַז ער ברענגט אים אַזאַ נייעס, איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן.

צו האָפּקינס' שטוינונג איז דער פּרעזידענט געבליבן רואיק, ווען ער האָט זיך דערוואוסט די שרעקלעכע נייעס. מעיאָר לא גוארדיאס פּנים האָט זיך מער געמיניעט איידער דאָס פּנים פון דעם הויפּט פונם לאַנד. אָבער האָפּקינס האָט שוין געקענט דעם פּרעזידענטס אויסערלעכע רואיקייט. ער האָט געוואוסט, אַז עס פאַרמינערט נישט אויף קיין האָר זיין אמתע איבערלעבונג.

באַלד איז דאָס גאַנצע ווייסע הויז געווען אויף די פיס. די זונטיק־רו איז געווען צושטערט. מרס. עלינאָר רוזוועלט איז געגאַנגען זען וואָס איר מאַן טוט. זי האָט אים געטראָפן אַ רואיקן און אַ ניכטערן. ״מיין מאַן איז געווען מערקווירדיק רואיק״, האָט זי מיר געזאָגט אין אַ צייט אַרום, ווען איך בין געווען אין ווייסן הויז. דאָס האָט אפילו זי געוואונדערט — זי, וועלכע קען גוט די סטאָאישקייט פון זיין כאַראַקטער.

דאָ האָט איר דעם מאַן רוזוועלט. ער גייט קיינמאָל נישט ארויס פונם גלייכגעוויכט — ווי ער זאָל נישט פילן, וואָס עס זאָל נישט געשען. וואָס עס מיינט צו האָבן אַזאַ מאַן ביים רודער אין אַ צייט פון אַ קריזיס, פאַרשפּאַרט מען צו שפּעקולירן. און בלויז אַ מענטש מיט אַ שוואַכזיניקן געדאַנק וועט דאָך גלויבן, אַז דאָס וואָס עס איז נאָר־וואָס געהאַט פאָרגעקומען יענעם פאטאלן זיבעטן דעצעמבער האָט רוזוועלטן נישט אויפגערודערט ביז די סאַמע טיפענישן פון זיין וועזן. מאָלט אייך: אַזאַ קלאַפּ! ניין, נישט קיין קלאַפּ, נאָר אַזאַ געמיינעם שטאָך פון הינטן־ארומער! מאָלט אייך: אַזאַ נבלה! אזא חוזק! אַזאַ אומדערהערטער, חוצפּהדיקער חוזק! עס דרייען זיך ארום צוויי מענער וואָס רופן זיך

דיפּלאָמאטן.ביידע טראָגן די טראַדיציאַנאַלע דיפּלאָמאַטישע בגדים: שווארצע פראקן און הויכע צילינדערס. ביידע שמייכלען אזוי זיס און חאַניקדיק. ביידע רעדן אזוי שיין, אזוי ווייך — ווי עס פּאַסט פאַר מענער וואָס טראָגן אויף זיך אַזאַ מיסיע — פון שלום אויף דער וועלט. איינער פון די צוויי דיפּלאָמאַטן איז אַ שטענדיקער איינוואוינער פון דער אמעריקאנישער הויפּטשטאָט. מען האָט אים אַלעמאָל ארויסגע־וויזן העפלעכקייט און גאַסטפריינטלעכקייט. דער צווייטער איז אַ ספּעצ־יעלער שליח פון דעם מיקאדאָ אליין. אזוי, יעדנפאַלס, דאַרף עס הייסן. דאָס איז אַ קליין, אויסגעפּוצט מענטשל מיט אַ זיידן צינגל. דאָס דאַזיקע מענטשל מיטן צילנדער אויפן קאָפּ און מיט דעם קרומען בליק אין זיינע קליינע אויגן איז, דאכט זיך, גאָט די נשמה שולדיק. ווייל וואָס איז ער דען אליין? אַן אומווירדיקער שליח פון דעם געטלעכן פאַרטרעטער. וואָס איז ער דען? אַ קליין, נישטיק און איינגעבויגן מענטשל וואָס וויל בלויז איין זאַך — שלום, שלום. אזוי וויל ער מאַכן דעם איינדרוק. אָבער וואָס באַדייט דער קרומלעכער שמייכל אין די ווינקלען פון זיינע שפּיציקע אויגן?

דער אנדערער פון די צוויי, אדמיראל נאמורא, אַ העכערער אין וואוקס, אַן ערלעכערער אינם אויסזען, דרייט זיך אַרום דעם קלייניקן סאַבוראָ קורוסו, ווי אַ שטראַל אַרום דער זון. וואָס וויל ער? שפּילט ער אויך באַוואוסטזיניק מיט דעם דאָזיקן מאסקאראד? אויך זיינע ליפּן שעפּטשען פרום נאָך: שלום. שלום מיט אמעריקע, שלום מיט ענגלאַנד, שלום אפילו מיט כינע, שלום מיט דער גאַנצער וועלט. זיין פּנים גיט זיך נישט קיין מיניע ווען ער זאָגט דאָס. מיינט ער עס אפשר? מען וואָלט אליין באַדאַרפט זיין אַן אַזיאַט דאָס צו כאַפּן.

דער ווייטיק איז געווען גרויס. די חרפּה האָט געשניטן דאָס האַרץ. אָבער ווער זאָל זיך געווען ריכטן דערויף — אויף אַזאַ זאַך! סיידן זיין אַ נביא, זיין גאָט אליין.

אָבער אויף רוזוועלטס פּנים איז גאָרנישט געווען צו דערקענען. עס איז בלויז געווען עטוואָס ערנסטער און אָנגעשפּיצטער ווי גע־וויינטלעך. עס איז קיין פראַגע נישט, אַז אַ גרויסער שטורעם איז אָנ־געגאַנגען אין אים. אַ שטורעם פון ווידערווילן און פאַראכטונג קעגן די וואָס האָבן אזוינס געטאָן. אָבער ארויסווייזן עס — ניין. ער איז דער פירער פון אַ גרויס און שטאָלץ פאָלק. און ווי אזעלכער מוז ער האַנדלען ווי עס פּאַסט: קאַלט, געפּאַסט, מיט אַ קאָנטראָל איבער זיינע עמאָציעס.

"מיין מאַן איז געווען זייער רואיק יענעם טאָג." — האָט מיר גע־זאָגט די מרס. רוזוועלט. "מעיאָר לא גואַרדיא איז געווען מער אויפ־געזעגט ווי ער."

האָב איך אַוודאי געגלויבט וואָס די ערשטע לעידי האָט מיר גע־זאָגט. אָבער — האָב איך געטראַכט — זי זעט דעם פּרעזידענט אַזוי אָפט. זי קען אים פון אַזוי נאָענט. זי איז שוין צוגעוואוינט צו אים. אפשר האָט זי דאָך נישט געקאָנט כאַפּן גענוי די ענדערונג וואָס איז אין אים בשעת מעשה פאָרגעקומען. האָב איך באַשלאָסן צו פּרואוון זען דעם ניו יאָרקער מעיאָר. רעדן צו אים, פרעגן אים ווי אַזוי ער האָט געזען דעם פּרעזידענט אין יענעם היסטאָרישן טאָג. אָדער — אינם פּרעזידענטס ווערטער — אינם טאָג פון דער גרויסער נבלה! אין דעם טאָג, ווען עס איז, מער ווי ווען נישט איז פריער, אויסגעפּרואווט געוואָרן זיין כאַראַקטער.

דער ניו יאָרקער מעיאָר, אַליין אַ פאַרביקע פּערזענלעכקייט, האָט פּשוט נישט געהאַט קיין ווערטער אויסצודריקן זיין באַגייסטערונג פאַר דעם פּרעזידענט.

— ער איז געווען אין זיין העכסטן אויפשטייג יענעם טאָג. — האָט ער געזאָגט — מיר אַלע, וואָס זענען געווען אַרום אים, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון אים. זיין האַלטונג איז געווען ווי אַ היילנדיקער סטימול פאַר אונז אַלע.

— און מיינט נישט, — האָט מר. לא גוארדיא מיר פאַרזיכערט — אַז ער האָט נישט באַגריפן די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע. ער האָט זיך נישט געמאַכט קיין שום אילוזיע וועגן דעם שאָדן וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן און וועגן דער לאַגע אַלס אַ גאַנצע.

מעיאָר לא גוארדיא קען דעם פּרעזידענט שוין פינף־און־צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך מיט אים באַקאַנט אינם יאָר 1918 אין דער שטאָט טורינאָ (טורין), איטאַליע, וואו מר. לא גוארדיא איז דאַמאָלס געווען אַמעריקאַנישער קאָנסול. רוזוועלט איז דאַן געווען געהילף פלאָט־מי־ניסטער אין ווילסאָנס קאַבינעט און ער האָט זיך דאַן געפונען אין איירעפּע.

— און פון דאַמאָלס אָן הערשט צווישן אונז אַן אומאונטערגעבראָ־כענע פריינטשאַפט — זאָגט דער מעיאָר אַרויס די דאָזיקע ווערטער נישט אָן שטאָלץ.

— ווי אַזוי אַרבעט זיך מיט רוזוועלטן? — פרעג איך אים. עס איז כדאי, טראַכט איך, אויסצוניצן אַ געלעגנהייט און אַרויסקריגן נאָך אַ שטריכעלע פון דעם פּרעזידענטס כאַראַקטער.

— וועל, — ענטפערט דער מעיאָר — מיר אַליין איז ווייניק אויס־געקומען מיט אים צו אַרבעטן. נאָר מענטשן, זיינע נאָענטסטע מיט־אַרבעטער, זאָגן מיר, אַז עס איז זייער גרינג מיט אים אויסצוקומען.

איך האָב דאָס שוין געהאַט געהערט נישט פון איינעם. עס איז מיר אָבער געווען אינטערעסאַנט צו הערן אַ מיינונג אויך פון אַזאַ טעמפּעראַמענטפולן מענטש, ווי לאַ גוארדיאַ.

— זעט זיך מיט זיינע קאַבינעט־מיטגלידער— עצהט מיך דער מעיאָר — זיי וועלן אייך זאָגן ווי אַנגענעם עס איז מיט אים צו אַרבעטן. איקעס פאַרגעטערט אים פּשוט.

אין קעגנזאַץ צו דעם, וואָס זיינע פּאָליטישע שונאים טראַכטן אויס אויף אים, מאַכט דער מעיאָר דעם איינדרוק פון אַ באַשיידענעם אַרבעטזאַמען מענטש. ער קוועטשט נישט אַזוי שטאַרק דעם "איך" ביי יעדער פראַזע, ווי עס איז דער פאַל מיט אַ סך אַנדערע, קלענערע מענטשן פון געזעלשאַפטלעכן באַדייט. ער לאָזט רעדן אַנדערע אויך. ער לאָזט אָפּפרעגן זיינע מיינונגען. ער לאָזט זיך איבערשפּאַרן. אויסער דעם, איז ער טאַקע אַן אינטערעסאַנטער מענטש. בלויז צו באַאָבאַכטן זיין פּנים אליין בשעתן געשפּרעך קאָן מען זיך שוין נישט לאַנגווייליקן. עס רוט נישט קיין רגע. עס האַלט זיך כסדר אין ענדערן. עס האַלט כסדר אין אָננעמען אַנדערע פאָרמען און קאָלירן.

דער מעיאָר פאַרמאָגט אויך אַ סך הומאָר. זיינע רייד און זיינע באַמערקונגען וועגן באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן זענען דורכגעוועבט מיט כאַראַקטעריסטישע און אין דער זעלבער צייט מיט שפּאַסיקע שטריכן. ער שפּרודלט מיט גלייכווערטלעך אויף עטלעכע שפּראַכן אויף אַמאָל. ער האָט ליב צו דעמאָנסטרירן זיין קענטעניש אויף דעם געביט. דאָס ווערט אָבער געמאַכט נישט באַרימעריש, נאָר גוטמוטיק, כמעט קאָלעגיאַל.

איך האָב אים געפרעגט וואָס עס וואָלט געווען זיין שטעלונג, ווען דער פּרעזידענט וואָלט "געלאָפן" פאַר אַ פערטן טערמין.

ער ווייסט נישט, ענטפערט ער ערלעך. עס ווענדט זיך אָן די אומשטענדן אין דער געגעבענער צייט.

אין יעדן פאַל, האָט דער פּרעזידענט אין דעם ניו יאָרקער מעיאָר אַן אמתן און וואַרימען פריינט. ער האַלט, אַז דעם פּרעזידענטס דערגרייכונגען סיי פאַרן לאַנד, סיי פאַר דער מענטשהייט אין אַלגעמיין זענען קאָלאָסאַל.

צי ער האָט עס אַרויסגעוויזן, צי נישט — דער פאַל פּוירל האַרבאָר האָט דעם פּרעזידענט געקאָסט אַ סך געזונט. אַליין אַ "גלייכער שיסער", ווי מען זאָגט אויף ענגליש, האָט ער נישט געקאָנט אַרונטערשלינגען דאָס יאַפּאַנעזישע געקעכץ, כאָטש עס איז אונטערגעטראָגן געוואָרן אויף אַ פּאָרצעלייענער כלי פון אַזאַ "אויסדערוויילט" פאָלק. ער איז

אָבער קאָמפּענסירט געוואָרן פאַר זיין האַרצווייטיק וואָס ער האָט צוליב דעם צוריקגעוואונען דעם צוטרוי ביי זיינע מיטבירגער. ווייל ערשט אַצינד האָט מען אָנגעהויבען איינזען ווי גערעכט ער איז פריער געווען מיט זיין וועקן, מיט זיין וואָרענען, מיט זיין רופן צו זיין גרייט. דאָס גאַנצע פאָלק איז אין דעם דאָזיקן טאָג אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ הייליקן שוידער. אַלט און יונג, קינד און קייט, אָרים און רייך, אפילו אַ סך פון רוזוועלטס פריערדיקע פאַרביסענע קעגנער האָבן איצטער, אין דער ערנסטער שעה, אוועקגעלייגט אַלע חשבונות אָן אַ זייט און בלויז איין וואָרט איז ביי אַלעמען געלעגן אויף די ליפּן: נקמה, ביטערע נקמה פאַר דעם געמיינעם איבערפאַל. בלויז איין חשבון איז איצטער געווען צו סילוקן: צו באַצאָלן כפל כפלים אָט־די, וועלכע האָבן גע־וואַגט איבערצופאַלן אונזער טעריטאָריע און ברענגען טויט אויף אונזערע זין און פאַרוויסטונג אויף אונזער אייגנטום.

יענעם טאָג האָט דער פּרעזידענט געהאַט הינטער זיך דאָס גאַנצע אַמעריקאַנישע פאָלק — פאַראייניקט, מיט איין וואונטש, מיט איין געדאַנק, מיט איין פאַרלאַנג — נקמה פאַר פּוירל האַרבאָר! מיר וועלן געדענקען פּוירל האַרבאָר! אַלע הערצער האָבן געשלאָגן ווי איין האַרץ. אַלע פויסטן האָבן זיך צוזאַמענגעבײַלט אין איין פויסט. אָט־דאָרטן איז דער שונא! מיר וועלן אים דערגרייכן! מיר וועלן אים דערגרייכן!

דער זיבעטער דעצעמבער פון דעם יאָר 1941 איז דעריבער פאַר רוזוועלטן געווען אַ טאָג פון טיפן צער אָבער גלייכצייטיק אויך אַ טאָג פון טיפער פרייד. ענדלעך האָט זיך דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק אויס־געטשוכעט פון דעם טשאַד אין וועלכן עס איז געלעגן איינגעשלעפּערט ביז איצטער. ענדלעך האָט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק דערזען וואו עס האַלט. אַ מלחמה קעגן כינע איז נישט אַלעמאָל געצילט קעגן כינע אליין און אַ מלחמה קעגן פראַנקרייך און ענגלאַנד און רוסלאַנד און בעלגיע און האָלאַנד איז נישט אזוי ווייט ווי אַ מלחמה קעגן אַמעריקע, קעגן אַלע אַמעריקעס. האָט טאַקע געמוזט פאַרקומען אַזאַ מין בלוטיקער איבערפאַל, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך דערוויסן אַזאַ פּשוטע, אַזאַ, דאכט זיך, עלעמענטאַרע זאַך?

וואָס פאַר אַ פּרייז ער האָט געצאָלט, האָט דער אַמעריקאַנישער בירגער דאַמאָלס נישט געוואוסט. עס איז געווען אַ מיליטערישער סוד. מען האָט נישט געוואָלט, אַז דער שונא זאָל וויסן דעם גענויעם שאָדן וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. יעדער איינער אין אַמעריקע האָט זיך אָבער פאָרגעשטעלט, אַז דער שאָדן איז געווען אַ גרויסער. באַזונדערס אין קריגשיפן. דאָס וואָס טאַקיאָ האָט טאַקע געוואָלט: מיט איין קלאַפּ

פאַרניכטן דעם אמעריקאַנישן קריג־פּלאַט, אָדער דעם גרעסטן טייל זיינעם, פּאַראַליזירן דעם ווילן פון דער הויכגעוויקסיקער ראַסע זיך צו שטעלן קעגן אַן אָפּגעטאָנענער זאַך און אָננעמען דעם גורל וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון גאָטס קינדער. די יאַפּאַנעזישע שפּיאָנען, וועלכע האָבן אויסגענוצט די אַמעריקאַנישע פרייהייט, האָבן איבער־געגעבן זייערע באַלעבאַטים, אַז דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק איז נישט גענייגט זיך צו שלאָגן. עס איז צו־פעט און אָנגעגעסן און אַריינגעטאָן אין פאַרשידענע קינדערייען. מיט איין וואָרט — אין אַ קורצער צייט וועט אונטערגעשריבן ווערן אַ שלום. און טאָקע אין וואַשינגטאָן, דיק־טירט, נאַטירלעך, פון דעם ווירדיקן טאַדזשאָ, אָדער פון דעם ווירדיקן יאַמאַמאָטאָ, אָדער פון דעם ווירדיקן ווי ער הייסט דאָרטן אַליין.

געשען איז אָבער דאָס, וואָס עס געשעט כמעט אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן: וואָס גרעסער דער קלאַפּ, אַלץ שטאַרקער דער אויסביכטער. וואָס ברוטאַלער דער שפּיי אין פּנים, אַלץ שטאַרקער דער אָפּענטפער מיט אַ פויסט אין די ציין. פאַר רוזוועלטן אַלס פירער איז אויך געווען די געלעגנהייט אַרויסצואווייזן וואָס ער קאָן טאָן אין אַזאַ צייט. וואָס גרעסער דער נסיון, וואָס טיפער די טראַגעדיע, אַלץ גרעסערע מעג־לעכקייטן האָט דאַן אַ פירער פון אַ פאָלק צו שטייגן אָדער צו פאַלן צוזאַמען מיט זיין פאָלק.

אַזאַ גרויסקייט האָט אַרויסגעוויזן ווינסטאָן טשוירטשיל, ווען זיין לאַנד איז געווען אין אַ טויט־געפאַר אינעם יאָר 1940, ווען פראַנקרייך האָט זיך אונטערגעגעבן היטלערן. און אַזאַ גרויסקייט האָט איצטער אַרויסגעוויזן פרענקלין ד. רוזוועלט, ווען זיין לאַנד איז געשטאַנען פּנים לפּנים פאַר דעם שווערסטן נסיון אין זיין געשיכטע. אַזאַ גרויסקייט האָט אַרויסגעוויזן נאָך אַ פירער פון אַ גרויס לאַנד, יאָסיף סטאַלין, ווען זיין לאַנד האָט שיר נישט פאַרבלוטיקט צום טויט און ער האָט נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף, נאָר, פאַרקערט, געוויזן אַ ביישפּיל דער גאַנ־צער וועלט וואָס מען קאָן אויפטאָן מיט גלויבן און אַנטשלאָסנקייט. דער נאָמען בעניטאָ מוסאָליני וועט מוזן דערמאָנט ווערן צוזאַמען מיט די נעמען פון די אויבן־אויסגערעכנטע וועלט־נעמען, ווייל דאָס גליק האָט אים צוגעשפּילט און ער האָט געלעבט אין איין צייט מיט זיי. אויסער דעם: ער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַ גרויס לאַנד און אַ קולטורעל פאָלק העכער צוויי צענטליק יאָר. ווייטער ווי דאָ, איז ער נישט געגאַנגען. ווען עס איז געקומען די שעה, דער נסיון, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן. זיין מאָראַלישער כח איז געבליבן קליין און שפּל. אויב אין אַזאַ צייט קאָן מען דערקענען אַ מענטש, איז מוסאָליני דער־

קענט געוואָרן אַלס אַ באַנקראָטירטער, אויפגעבלאָזענער פּענכער וואָס האָט געפּלאַצט ביי דעם ערשטן שטאָך פון דער געשיכטעס ווייזער.

דער פאַל פראַנקרייך האָט אין דעם פּרט באַשטעטיקט די טעאָריע. עס איז דאָרטן נישט געווען קיין איין שטאַרקע פּערזענלעכקייט ביי דעם רעגירונגס־רודער, ווען די שעה פון נסיון האָט געשלאָגן. איז זי באַדעקט געוואָרן מיט שאַנד וואָס וועט אָנהאַלטן יאָרן.

ווי אַזוי רוזוועלט האָט זיך דאַמאָלס געהאַלטן וועט פאַרבלייבן אַ מאָנומענטאַלער מוסטער פאַר אַנדערע וועלט־פירער פאַר אַלע צייטן. זיין רואיקייט און זיין ישוב הדעת האָט קודם־כל באַלאַנסירט אַלעמען ארום אים. בלויז אויף אַזאַ אופן, האָבן סיי ער און סיי אַלע ארום אים געוואוסט, וועט מען קאָנען באַגעגענען די לאגע ווי זי איז און מען וועט קאָנען ענטפערן דעם שונא ווי מען באַדאַרף. די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געטאָן איז געווען וואָס ער האָט צוזאמענגערופן דעם קאַבינעט. רוזוועלט האָט בשעת מעשה נישט פאַרלוירן קיין האָר פון זיין געדולד און פון זיין קאָנטראָל. אין דער צייט וואָס אַנדערע מיטגלידער פונעם קאַבינעט האָבן געשטיקט אין זיך זייער האַס, זייער ווידערגעפיל קעגן דעם אומווירדיקן שונא, האָט ער מיט גאָרנישט ארויסגעוויזן זיינע אמתע געפילן. מיט זיין געוויינטלעכן שטילן טאָן, אויף זיין געוויינטלעך געלאַסענעם אופן, מיט זיין געמיטלעכן מאַניער האָט ער גערעדט וועגן דעם נאַר־וואָס געשעענעם גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ געשעעניש אין ניו דזשוירזי. באַלד נאָכדעם ווי די קאַבינעט־זיצונג האָט זיך געענדיקט האָט ער זיך אוועקגעזעצט אָנשרייבן אַ מלחמה־דעקלאַראַציע און זי צוגעשיקט צום קאָנגרעס, וועלכער האָט עס אויפן צווייטן טאָג אָנגענומען אין פאַרלויף פון דריי־און־צוואַנציק מינוט.

קאַלט און אויסגערעכנט, באַלאַנסירט און קאַלקולירט, איז דער פּרעזידענט דאַמאָלס געגאַנגען אויף דעם וועג צו ענטפערן דעם אָנפאַל פון דעם בלוטיקן און משוגענעם שונא. און ווען דייטשלאַנד און איטאַליע האָבן אין פיר טעג ארום (דעם 11־טן דעצעמבער) דערקלערט מלחמה קעגן די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט עס אויף רוזוועלטן קיין דערשיטערנדיקן איינדרוק נישט געמאַכט. ווייל דאָס איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער און לאָגישער שלוס פון דער לאַגע. ער האָט, נאַטירלעך, געענטפערט מיט אַ קעגן מלחמה־דערקלערונג די פאַשיס־טישע לענדער פון אייראָפּע. דערמיט איז דער טייוול־שפּיל געווען קאַמפּלעט. די ליניע האָט זיך איינגעשטעלט מיט דעם נאַטירלעכן גאַנג. איצטער איז קלאָר געוואָרן אפילו פאַר די, וועלכע האָבן פריער נישט

געוואַלט זען און הערן, אַז עס איז מער נישטאָ קיין שום ברירה פאַר זייער לאַנד, צי עס זאָל יאָ צי עס זאָל נישט זיך מישן אין אנדערע לענדער. מען האָט זיי געוואָרפן די הענטשקע אין פּנים אריין און זיי מוזן אָננעמען דעם ארויסרוף.

און דאָ מעג פאַרצייכנט ווערן אַ פאַקט. אלע פריערדיקע שרייערס פאַר אָפּגעזונדערטקייט, דאָס הייסט אַז אַמעריקע זאָל זיך נישט מישן אין דעם וואָס עס גייט אָן ערגעץ אַנדערש, זענען אנטשוויגן געוואָרן—טייל אויף אַ ווייל, טייל אויף שטענדיק. אייניקע האָבן גאָר אָנגעבאָטן זייער דינסט אין דעם געשאַפענעם קריזיס. אַצינד איז שוין מער נישט געווען קיין פראַגע, צי רוזוועלט איז גערעכט וואָס ער פירט דאָס לאַנד צו אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע מיט אנדערע לענדער, צי נישט. דעם פרעזידענטס פירונג, דעם פרעזידענטס פאַראויסקוק, האָבן איצ־טער אלע איינגעזען, איז געווען ריכטיק. דער שונא האָט די גאנצע צייט געשאַרפט די ציין. בלויז בלינדע האָבן נישט געקאָנט זען. בלויז טויבע האָבן נישט געקאָנט הערן.

דעם פרעזידענטס פּרעסטיזש איז געוואַלדיק געשטיגן ביי די מאַסן. אַ מענטש אין זיין פּאָזיציע איז אין אַ כסדרדיקן פּרואוו־פּעריאָד. מען דאַרף זיך כסדר האַלטן אין איין איבערצייגן אין זיין קלוגשאַפט, אין זיין חכמה, אין זיין פּאַטענץ אלס פירער פון אַ פאָלק. ווער עס שטייט אין דער שפּיץ פון אַ לאַנד, דער מוז כסדר ארויסווייזן זיין בקיאות אויף יעדן געביט. אַנישט, וועט ער לאַנג נישט קאָנען טראָגן דעם העלם.

דאָ האָט מען געמוזט אנערקענען, אַז רוזוועלט האָט געוואוסט וואוהין ער גייט; אַז ער איז געווען גערעכט מיט זיין רופן און וואָרענען, אזוי גוט ווי מיט זיין באַוואָפענונג־פּראָגראַם, אזוי גוט ווי מיט זיין "לענד ליס", וואָס איז אויסן געווען אָפּצושוואַכן דעם שונא איידער ער מאַכט דעם פאַטאַלן שפּרונג. מען האָט אויך געמוזט איינזען, אַז זיין פּאָליטיק פון "גוטן שכן" האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן ביים סאַמע אויסברוך פון דער מלחמה. איינס נאָך דאָס אנדערע האָבן די לענדער פון דעם אמעריקאַנישן קאָנטינענט זיך געשטעלט מיט זייער גרויסן שכן קעגן דעם אלגעמיינעם שונא. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלער מאָראַלישער געווינס, אויב נישט קיין ריין־מיליטערישער. כאָטש די לופט־און ים־באַזעס וואָס רוזוועלט האָט געקראָגן פאַר זיין לאַנד זענען געווען פון זייער וויכטיקן מיליטערישן באַדייט.

דער אמעריקאַנישער סענאַט האָט געשטימט הונדערט פּראָצענט פאַר מלחמה (82 שטימעס קעגן גאָרנישט). דער קאָנגרעס האָט געהאַט 388 שטימעס קעגן — איינער. די איינציקע שטים וואָס איז געווען קעגן

ענטפערן מיט מלחמה־דערקלערונג די פאַשיסטישע לענדער האָט גע־הערט צו דזשינגעט רענקין, קאָנגרעס פרוי פון מאָנטאנא. די דאָזיקע פרוי האָט געשטימט קעגן מלחמה "פּרינציפּיעל". עס איז געווען ווי אַ בכיוונדיקע דעמאָנסטראציע צו ווייזן ווי אַזוי אַ דעמאָקראַטיע ארבעט, ווי אַזוי אזוינע קוריאָזע דערשיינונגען זענען מעגלעך אין אַזאַ לאַנד ווי אונזערס אפילו אין אַזאַ נאַציאָנאַלן קריזיס ווי עס איז דאַמאָלס געווען.

דעם 9־טן דעצעמבער, צוויי טעג נאָכן יאפּאַנעזישן איבערפאַל אויף פּוירל הארבאָר, האָט דער פּרעזידענט געהאַלטן איינע פון זיינע בעסטע רעדעס פונם ווייסן הויז. ער האָט גערעדט צו דער גאַנצער וועלט. "די פּלוצלינגדיקע קרימינעלע אטאקע וואָס די יאפּאַנעזער האָבן צו־געגרייט אינם פּאַסיפישן ים איז אַ נאַטירלעכער קלימאַקס פון אַ צען־יאָריקער אינטערנאַציאָנאַלער אוממאָראַלישקייט. מעכטיקע גענגסטערס האָבן זיך צוזאַמענגערעדט צו באַפאַלן די מענטשלעכע ראַסע. זייער ארויסרוף איז איצטער געשליידערט געוואָרן אויף די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. די יאַפּאַנעזער האָבן אויף אַ פאַררעטערישן אופן געבראָכן דעם לאַנג־דויערנדיקן שלום וואָס האָט צווישן אונז גע־הערשט. אַ סך אמעריקאַנישע סאָלדאַטן און מאַטראָסן זענען דערהרגעט געוואָרן פון דעם שונאס איבערפאַל. אמעריקאַנישע שיפן זענען גע־זונקען געוואָרן. אמעריקאַנישע עראָפּלאַנען זענען פאַרברענט געוואָרן. מיר געפינען זיך איצטער אין אַ מלחמה נישט כדי איינצונעמען לענדער, נישט צוליב נקמה. מיר שלאָגן זיך פאַר אַ וועלט אין וועלכער אונזער לאַנד און אַלץ וואָס דאָס לאַנד שטעלט מיט זיך פאָר וועט זיין געזיכערט פאַר אונזערע קינדער. מיר ווילן באַזייטיקן די געפאַר פון יאַפּאַן. אָבער דאָס וועט נישט זיין גענוג. עס וועט זיין זייער נישט גוט פאַר אונז אויב מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט בלויז באַזייטיקן די יאפּאַנעזישע געפאַר און פאַרנאַכלעסיקן די אנדערע צוויי דיקטאַטאָרס, היטלער און מוסאָליני. ווילן מיר דעריבער געווינען די מלחמה און מיר ווילן אויך געווינען דעם שלום וואָס וועט קומען נאָך דער מלחמה."

אַזוי איז רוזוועלט געווען דער ערשטער פון די גרויסע וועלט־פיגורן ארויסצוקומען עפענטלעך מיט דעם געדאַנק וועגן "געווינען דעם שלום", נישט נאָר די מלחמה. אָבער דאַמאָלס ווען ער האָט דאָס געזאָגט האָט עס נאָך געהאַלטן זייער ווייט דערפון. מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן דעם מוט פון אַ לייב און אַן אפּטימיזם פון דער ערשטער מדרגה צו קאָנען אין יענע טעג ארויסקומען מיט אַ דערקלערונג וועגן געווינען דעם שלום. פונקט ווי דאָס געווינען פון דער מלחמה וואָלט געווען אַ זיכערע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

געדענקט גוט וואָס עס איז דאָן געהאַט פאַרגעקומען. איינס נאָך דאָס אנדערע זענען געפאַלן צו די אַנגרייפער אזוינע גרויסע און רייכע טעריטאָריעס ווי מאלאיא, די האָלענדישע אינדיעס, די פיליפינישע אינזלען, האָנג קאָנג, אינדאָ כינע, בורמא, טאילאנד. אַ חוץ דעם, האָט שוין רוזוועלט מסתמא געוואוסט ווי גרויס עס איז געוועזן דער שאָדן פון פוירל הארבאָר *). צו דעם זענען צוגעקומען די פאַרלוסטן פון די צוויי ענגלישע קריגשיפן "פרינס אָוו וועילס" (36,000 טאָן) און "ריי־פאלס" (32,000 טאָן). דאָס איז געוועזן אין אזיע. אין אייראָפּע האָבן די דייטשן געהאַט פאַרנומען דעם גרעסטן טייל פון אייראָפּעאישן רוס־לאַנד, אַ חוץ פראנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, פוילן, טשעכאָסלאוואקיע, עסטרייך, נאָרוועגיע, דענמארק, יוגאסלאוויע און גריכנלאַנד. מער ווי אַ העלפט פון דעם אפריקאנישן קאָנטינענט איז געלעגן אין די הענט פון דער "אקס." נעמט דאָס אלץ אין באַטראכט און לייענט איבער רוזוועלטס ווערטער, וועט איר קאָנען אָפּשאַצן אַ ווייטן קוק פון אַ מענטש. דאָס פאָלק וואָס האָט דאָס דאָזיקע דערפילט אינסטינקטיוו האָט דאמאָלס אָפּגעענטפערט זיין רוף פאַר פאַרטיידיקונג און עס האָט זיך געשטעלט הינטער דעם הויפּט־קאָמאַנדיר (רוזוועלט), גרייט אַוועק־צוגעבן אַלץ, איינגעשלאָסן דאָס לעבן, ווען עס וועט זיין נויטיק.

איצטער איז שוין ביי קיינעם נישט געווען קיין פראגע, אַז די לאַגע איז ערנסט, דער מאָמענט איז קריטיש, אָבער נישט פאַרצווייפלט און האָפנונגלאָז. מיט רוזוועלטן ביים רודער, האָט מען געגלויבט, וועט דער קריזיס אריבער. די מלחמה וועט געוואונען ווערן און דער שלום אויך. די אַנגרייפער וועלן קריגן זייער פאַרדינטע שטראָף און אלץ וועט זיך צוריק איינשטעלן, ווי געווען.

---

*) פינף גרויסע קריגשיפן זענען געטראָפן געוואָרן פון יאפּאנעזישע באָמבעס: די "אַריזאָנאַ", די "אָקלאָהאומא", די "קאַליפאָרניע", די "נע־וואדא" און די "וועסט ווירדזשיניע." אויך דריי "דיסטראָיערס": די "קעסין", די "שאָ" און די "דאַונס". אַלס צולאָג זענען געשעדיקט גע־וואָרן נאָך דריי קריגשיפן: די "מערילענד", די "טענעסי" און די "פענסילווייניע". צווישן די געטראָפענע האָט זיך געפונען דער מינע־לייגער "אָגלאלא" און די קרייצערס "האָנאָלולו", "העלענא" און ראלעי" די עראָפּלאַן־שיף "קוירטיס" איז געפאַלן אַ קרבן מיט אירע 24 עראָ־פּלאַנען. אַ חוץ אנדערע צוויי הונדערט עראָפּלאַנען. העכער צוויי טויזנט מאַטראָסן און סאָלדאָטן זענען געהרגעט געוואָרן (גענוי—2,848) און 1,272 זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. קנאַפּע טויזנט מאַן זענען פאַר־פאַלן געוואָרן און מען ווייסט נישט וואָס עס איז פון זיי געוואָרן.

יאָ, „צוריק ווי געווען." דאָס איז עכט־אַמעריקאַניש. דאָס בענקען נאָך דעם אַמאָל. און אפשר איז עס גאָר נישט אַמעריקאַניש אַליין. בענקט דאָך די גאַנצע וועלט צוריק צום אַמאָל, אפילו נאָך די אַלטע פּעאָדאַלע צייטן, אפילו נאָך די צייטן, ווען מען האָט פאַרקויפט אַ מענטש אויפן אָפענעם מאַרק פאַר צוויי הונדערט זילבער־שטיקער . . . דאָס אַמעריקאַנישע בענקען נאָכן צוריק האָט הינטער זיך נאָך אַ גרונט. דער אַמעריקאַנער, וועלכער איז דער אַנטדעקער פון אַזוי פיל טעכנישע נייקייטן, איז בטבע גוואַלדיק קאָנסערוואַטיוו, ווען עס קומט צו סאָציאַלע נייקייטן. שטילערהייט חלומט יעדער אַמעריקאַנער פון זיין אייגן שטיל ווינקל אין נעבראַסקאַ אָדער אין טענעסי, אין מעין אָדער אין רהאָוד אײלאַנד — מעג ער זיך בשעת מעשה געפינען אין אַן אַנדערן עק וועלט.

אַ סך מענטשן, צווישן זיי אַזעלכע וואָס וואָלטן געמעגט וויסן בעסער, קאָנען ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרגעסן די עוולה וואָס רוזוועלט האָט זיי געטאָן דערפאַר וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל געדולד צו די יאַפּאַנעזישע מלחמה־לאָרדן. אַנדערע, ווידער, האָבן צו אים געהאַט פונקט פאַרקערטע טענות: אַז ער, מיט זיין באַוואָפענונג־פּראָגראַם, האָט גאָר פּראָוואָצירט די ״אומשולדיקע״ יאַפּאַנעזער. ווי מען זעט, קאָן מען געפינען אַן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, ווען מען וויל נאָר. עס געפינען זיך געוויס מענטשן, וועלכע פאַרגינען נישט רוזוועלטן זיין כסדרדיקע פּאָפּולאַריטעט ביי די מאַסן, כדי מען זאָל אויף אים אויסטראַכטן אַלערליי זינד.

איינס איז זיכער אמת. רוזוועלט האָט געפּרוּווט מיט אַלע מעגלעכע כחות צו קומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט דער מיליטערישער קליקע פון טאָקיאָ. „דער מענטש האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איינציקע געלעגנהייט אויסצומיידן דאָס בלוט־פאַרגיסעניש" — האָט מיר געזאָגט איינער וואָס שטייט נאָענט צום פּרעזידענט. פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן? האָט ער דאָך געוואוסט, אַז אַ צוזאַמענשטויס איז אוממפאַרמיידלעך, געוואוסט עס נאָך מיט יאָרן פריער! אויסער דעם, האָט ער ריזיקירט זיין פּאָליטישן פּרעסטיזש, סיי אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד, באַזונדערס ביי זיינע כינעזישע און פיליפּינישע פריינט. דער ענטפער איז, אַז ער האָט געוואָלט געווינען צייט — צייט, דאָס פּרעציעזסטע אַרטיקל אין יענע קריטישע טעג. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז רוזוועלט איז געווען גרייט צו צאָלן אַזאַ פּרייז אויפן חשבון אפילו פון כינע, ווי טשעמבערלען, אַ שטייגער, האָט געטאָן מיט טשעכאָסלאָוואַקיע. רוזוועלט האָט גוט אָנגעהאַלטן דעם באַלאַנס אַזוי אַז דער שונא זאָל

נישט צופיל געשטאַרקט ווערן. מיט איין האַנט האָט ער אים, אמת, פאַרקויפט אויל און אנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר מלחמה. מיט דער אנדערער האַנט אָבער האָט ער אים געבונדן הענט און פיס. רוזוועלט האָט קיינמאָל נישט אנערקענט יאפּאַנס פאַרכאַפּן פון כינע־זישער טעריטאָריע — נישט פריער און נישט שפּעטער, ווען פראַנק־רייך האָט שוין געהאַט קאַפּיטולירט און ווישי, האָט "צוגעשטימט" "אויסצולייען" אינדאָ־כינע צו דעם אזיאַטישן אקס־שותף. רוזוועלט האָט כסדר געגעבן צו פאַרשטיין דער קליקע פון טאָקיאָ, אַז דער שלום מיט זיי קאָן בלויז אָנגעהאַלטן ווערן אויף אַ באַזיס פון אַ יושר־דיקן אָפּמאַך ביי דעם גרינעם טיש און בשום אופן נישט דורך שווערד און סטראַשונקעס.

עס איז געווען נאָך אַ מאָטיוו פון ווען אָנהאַלטן דעם סטאַטוס קוואָ, דער מאָטיוו פון שטאָלץ און זעלבסטווירדע. די פאַראייניקטע שטאַטן איז, פּראָסט גערעדט, נישט אָנגעשטאַנען אריינצוגיין אין אַ מלחמה מיט יאַפּאַן. דער פאַרמעסט וואָלט געווען צופיל כבוד פאַר די "אויסדערוויילטע זין פון ניפּאָן".

איך געדענקט דאָך מסתמא די מעשה פון אלכסנדר מוקדון. ער איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ גרויסער העלד. ער האָט איינגענומען לענדער און פעלקער. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן קעגן זיין מאַכט. בלויז איין לאַנד האָט דאַמאָלס עקזיסטירט וואָס איז געבליבן גאַנץ פון אלכסנדרס שווערד — דאָס לאַנד פון די אמאַזאָנען, וואו עס האָבן געהערשט פרויען.

זאָגט איינמאָל צו אלכסנדרן איינער פון זיינע גענעראַלן:

— ווי קומט עס, גרויסער קריגער, וואָס דיין אַמביציע איז נישט דערגאַנצט? האָסט זיך פאַרגענומען צו באַהערשן די גאַנצע וועלט. האָלטסט שוין אזוי נאָענט פון דיין ציל. בלויז איין שוואַכע מלוכה איז איבערגעבליבן איינצונעמען: די מלוכה פון די אמאַזאָנען. פאַרוואָס נישט געפינען עפּעס אַן אויסרייד און פאַרפירן מיט איר אַ מלחמה?

אלכסנדר, דערציילט די מעשה, האָט אויסגעהערט די רייד פון זיין גענעראַל און האָט אים געענטפערט אזוי:

— איך שאַץ זייער אָפּ דיין געטריישאַפט, מיין פריינט. עס זענען אמת דיינע רייד, אַז מיין אמביציע איז נאָך נישט פולשטענדיק גע־זעטיקט, כל זמן עס געפינט זיך נאָך איין איינציקע מלוכה אויף דער וועלט וואָס ליגט נישט אונטער מיין מאַכט. אָבער הער וואָס איך וועל דיר זאָגן: אַ גרויסער קריגער דאַרף זיין גרויס נישט מיט זיין שווערד עליין. ער דאַרף אויך באַזיצן חכמה. בלויז ווען די דאָזיקע צוויי

אייגנשאַפטן, חכמה און גבורה, גייען צוזאַמען, איז פאַראַן פולקאַמענ־קייט. איך וויל זיך נישט גיין שלאָגן מיט דער מלוכה פון די פּרויען. אויב דו ווילסט וויסן פאַרוואָס, וועל איך דיר זאָגן. אַנגענומען, אַז איך באַזיג זיי. איז וואָס? וועט אלכסנדר דער גרויסער האָבן באַזיגט נאָך אַ מלוכה. מיין האַרץ וועט עס שוין ברייטער נישט מאַכן. אָבער פאַרגעס נישט, אַז אין אַ מלחמה איז אַלץ מעגלעך. עס קאָן אַמאָל געמאָלט זיין, אַז פּונקט דאָס מאָל זאָל איך פאַרלירן. איז שטעל דיר פאָר ווי אַזוי דאָס וואָלט אויסגעזען. אלכסנדר דער גרויסער איז באַזיגט געוואָרן פון . . . פּרויען . . . באַגרייפסטו דאָס? . . .

קיינער וויל, נאַטירלעך, נישט באַליידיקן די פּרויען. היינט, ווייסט מען, זענען אַנדערע צייטן. דער זעלבער אלכסנדר מוקדון וואָלט מסתמא היינט גערעדט אַנדערש. אָבער אַז די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן נישט געוואָלט אַריינגיין אין אַ קאָנפליקט מיט אַן אומווירדיקן שונא, איז אויך פאַרשטענדלעך. ווייל וואָס איז דען יאַפּאַן און ווער איז יאַפּאַן? טיילט אָפּ דאָס פאָלק, וואָס איז אין גרויסן רוב אומוויסנדיק און אומשעדלעך, פון דער פאַנאַטישער קליקע וואָס האָט זיך איינגע־רעדט, אַז זי איז דאָס אויבערשטע פון שטויסל, און עס בלייבט אַ נול. יאַפּאַן האָט גאָרנישט געשאַפן, גאָרנישט צושטייער געגעבן דער וועלט. אויפן געביט פון וויסנשאַפט, אויפן געביט פון מוזיק, אַפילו נישט אויפן געביט פון דער פאַרהייליקטער רעליגיע אירער וואָס איז, אין תוך, אויך נישט אָריגינעל. יאַפּאַן האָט אַלץ וואָס זי פאַרמאָגט אָדער געגנבעט פון אַנדערע, אָדער, אין בעסטען פאַל, אימיטירט. אַפילו דער מיליטאַריזם אירער איז קאָפּירט געוואָרן — דאָ פון ענגלאַנד, דאָ פון דייטשלאַנד. עס איז, אין קורצן, אַ פאָלק אָן אַ טראַדיציע, אָן אַן אמתער פאָלקס־געשיכטע וואָס זאָל האָבן וואָרצלען אין דער ערד. און דאָס האָט זיך איינגערעדט, פּונקט ווי דער משוגענער אין משוגעים־הויז, אַז ער איז גאָט אַליין, דער מלך מלכי המלכים — פון פריער, פון איצטער און פון שפּעטער.

איז אַ וואונדער וואָס סיי רוזוועלט און סיי קאָרדעל האָבן געזוכט אַן אויסוועג, כדי אויסצומיידן אַ צוזאַמענשטויס מיט אַזאַ אומהייליקער קליקע? מען ווייסט, אַז דער שפּיל פון דיפּלאָמאַטיע איז נישט אַלעמאָל קיין אידעאַלער. מען זאָגט נישט אַלעמאָל וואָס מען מיינט און מען מיינט נישט אַלעמאָל וואָס מען זאָגט. אָבער אין איין זאַך איז דער סטעיט דעפּאַרטמענט געווען גוואַלדיק ערנסט — אין דעם פאַרזוך צו קומען צו וועלכער נישט איז פאַרשטענדעניש. זאָל זיין כאָטש צייטווייליק. אָבער ווי אַזוי האָבן די שלוחים פון טאָקיאָ

געגענטפערט אויף דעם? וואו איז געווען די גרעניץ וואו עס האָט זיך געענדיקט דיפּלאמאטיע און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויפ־ריכטיקע אונטערהאַנדלונג?

דאָס דאָזיקע איז אַ נויטיקער און אומפאַרמיידלעכער פּראָצעס צווישן רעגירונגען. איידער מען געווינט דעם צוטרוי איינער צום אנדערן, איידער איין דיפּלאָמאַט "בייסט איין" דעם אנדערן, איז נאָך נאַטירלעך, אַז מען זאָל זוכן אויסצוקליגלען איינער דעם אנדערן. אָבער נאָכדעם קומט דער אויפריכטיקער טאָן. ווען נישט דאָס וואָלטן דאָך פעלקער און לענדער קיינמאָל נישט געקאָנט זיך צוזאמענרעדן. עס וואָלט דאָך קיינמאָל צו קיין אָפּמאַך נישט געקומען. עס וואָלט דאָך געהערשט די דזשאָנגל־מאָראַל איבער דער וועלט.

יעדער אויסלענדישער פאַרטרעטער, וועלכן עס איז אויסגעקומען צו האַנדלען מיט די אזוי־גערופענע יאפאנעזישע דיפּלאָמאַטן, וועט אייך דערציילן וועגן דעם עקל וואָס זיי האָבן געפילט פון די כסדרדיקע באַהאַלטענע שמייכעלעך אין די קליינע אויגן, פון דעם כסדרדיקן בוקן זיך אין דרייען. דאָס טאַדלען זיך אליין און די איבערגעטריבענע לויב וואָס מען פלעגט ארויפוואַרפן אויפן פרעמדן, האָט אָנגעשרויפט די נערוון. די קינדער פון דער אויפגייענדיקער זון האָבן באמת געגלויבט, אַז זיי נאַרן דערמיט אָפּ אַ וועלט; אַז אַלע זענען אידיאָטן, אויסער זיי.

רעדנדיק וועגן אָפּנאַרן אַ וועלט. גיט, אדרבא, אַ קוק אריין אין דער שפּראַך וואָס אַ חוצפּהדיקע קליקע האָט זיך דערלויבט צו באַ־ניצן צו אַ סטעיט דעפּאַרטמענט פון אַזאַ וועלט־מאַכט, ווי די פאַר־אייניקטע שטאַטן פון אמעריקע. דאָ איז אַ נאָטע איבערגעגעבן צו קאָרדעל האָל דעם . . . זיבעטן דעצעמבער, 1941, אין דעם טאָג, ווען יאפאנעזישע באָמבעס האָבן גערעגנט מיט טויט און פאַרוויסטונג אויף אמעריקאנישער טעריטאָריע. אָט וואָס עס זאָגט זיך אין דער נאָטע און ווי אזוי:

"די רעגירונג פון יאַפּאַן, געטריבן פון אַן עכטן פאַרלאַנג צו קומען צו אַ פריינטלעכער פאַרשטענדעניש מיט דער רעגירונג פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אַז די צוויי לענדער זאָלן געמיינזאם זיך אָנשטרענגען צו פאַרזיכערן דעם שלום אין פּאציפיק און אזוי ארומער ביישטייערן צום שלום פון דער וועלט, האָט פאַרגעזעצט אירע פאַרהאַנדלונגען מיט דער העכסטער מאָס אויפריכטיקייט, א. אז. וו. . . . "

דאָ גייט אוועק אַ פּזמון, אַז נישט געקוקט אויף די יאפאנעזישע "אָנשטרענגונגען" האָבן פונדעסטוועגן די פאַראייניקטע שטאַטן און

ענגלאַנד כסדר געמאַכט שוועריקייטן און האָבן נישט געוואָלט פאַר־שטיין יאַפּאַנס גאָבעלע צילן . . . ווייל —

"עס איז יאַפּאַנס אומאויסטערגעבראָכענע פּאָליסי צו פאַרזיכערן דעם שלום אין מזרח־אזיע און אזוי ארום צו פאַרשטאַרקן דעם וועלט־שלום און יעדעס פאָלק זאָל האָבן זיין פּלאַץ אין דער וועלט."

אזוי האָט מען גערעדט צו די מעכטיקע פּאַראייניקטע שטאַטן. געדענקט: די נאָטע איז איבערגעגעבן געוואָרן סעקרעטאַר האָל אין די הענט דעם זיבעטן דעצעמבער, 1941, אין דעם טאָג ווען דער איבער־פאַל אויף פּוירל האַרבאָר איז פאָרגעקומען. געדענקט: דאָס האָט מען גערעדט צו אַ סטעיט דעפּאַרטמענט פון אַ לאַנד וואָס קאָן מיט די פּאָטענצן אליין צוקוועטשן אַזאַ לאַנד ווי יאַפּאַן, נישט קיין חילוק ווי לאַנג עס דאַרף געדויערן. יאַפּאַן האָט זיך געזאָרגט וועגן וועלט־שלום. די דאָזיקע קליינע מענטשעלעך, וועלכע האָבן אליין גאָרנישט געשאַפן — נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט — זענען מיטאַמאָל געוואָרן וועלט־פאַרזאָרגער. שוין אָפּגערעדט פון דער חוצפה — אַ חוצפה וואָס איז אויך נישט זייער אייגענע, נאָר גענומען ביי זייער "ארישן" שותף היטלער, דעם הויז־שמירער, וועלכער האָט אויך געוואָלט איינ־פירן "אָרדנונג" אויף דער וועלט — ווער האָט געקאָנט פאַרטראַגן די דאָזיקע דעמאַגאָגיע? ביי זיך, הייסט עס, אין מזרח־אזיע, האָט זי שוין געהאַט איינגעפירט אַן אידעאַלע אָרדנונג. קאָרעא איז שוין געווען איינגעוויגט אין אַ שיינעם, פרידלעכן שלאָף. מאַנדזשוריע איז געווען גליקלעך אין איר דערנידערונג. און כינע, אַ פאָלק מיט אַן אלטער, רייכער קולטור, אַ פאָלק וואָס ציילט אַ פערטל פון דער גאַנצער מענטשהייט, האָט זי שוין אויך געהאַט איינגעוויגט אויף איר שויס, אויף דער שויס פון דעם הייליקן שינטאָ. איצט האָט איר בלויז געפעלט איינצופירן דאָס לעצטע ביסל אָרדנונג אויף דער גאַנצער וועלט. מער האָבן די לייט פון טאָקיאָ חלילה נישט געוואָלט. אַ באַ־שיידענע אַמביציע, ווי מ׳זעט.

"זינט עס האָט אויסגעבראָכן דער אינצידענט מיט כינע," זאָגט זיך ווייטער אין דער נאָטע, "צוליב כינעס שולד, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם גוטן ווילן פון דער יאַפּאַנעזישער רעגירונג; האָט יאַפּאַן נישט אויפגעהערט צו האָפן אויף אַ בעסערער פאַרשטענ־דעניש מיט כינע. צוליב דעם איז אפילו יאַפּאַן געווען געצוואונגען אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד און מיט איטאַליע . . . "

"אָבער די פּאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד האָבן כסדר גע־שטערט די דאָזיקע גוטע איינשטעלונג צווישן די צוויי אזיאַטישע

לענדער. זיי האָבן געשטערט די אונטערהאַנדלונגען צווישן יאַפּאַן און פראַנקרייך וועגן אינדאָ־כינע . . . די דאָזיקע צוויי לענדער (די פאַר־אייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד) האָבן פאַקטיש ארומגערינגלט יאַפּאַן מיליטעריש . . . ״

דאָ האָט איר נאָך אַ באַווייז ווי אָריגינעל די קינדער פון דער אויפ־גייענדיקער זון קאָנען זיין. וואו האָט איר פריער געהערט וועגן ״מילי־טערישער אַרומרינגלונג״? יאָ. געטראָפן: פון היטלערן. אַצינד האָבן די היטלעריסטן פון אַזיע איבערגעחזרט דעם זעלבן פּזמון.

לייענט ווייטער די יאַפּאַנעזישע נאָטע וואָס איז (פאַרגעסט נישט!) איבערגעגעבן געוואָרן דעם סעקרעטאַר האַל דעם זיבעטן דעצעמבער, 1941, אין דעם טאָג פונם אָנפאַל:

״ . . . פונדעסטוועגן האָט דער יאַפּאַנעזישער פּרעמיער דעם פאַרגאַנגענעם אויגוסט פאָרגעשלאָגן דעם פּרעזידענט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן זיך צו באַגעגענען מיט אים, כדי ארומצורעדן די וויכטיקע פּראָבלעמעס פוןביידע לענדער . . . ״

דאָ האָט איר פאַר זיך אַ חוצפּה וואָס איז נישט פאַר אונזערע כחות צו פאַרשטיין. אַ יאַפּאַנעזישער פּרעמיער, וואָס איז, לויט דעם יאַפּאַנע־זישן באַגריף, נישט מער ווי אַן אומווירדיקער דינער פונם מיקאַדאָ, שלאָגט פאָר, אַז דער פּרעזידענט פון די מעכטיקע פאַראייניקטע שטאַטן זאָל זיך מיט אים טרעפן. צו וואָס עפּעס דער פּרעזידענט? פאַרוואָס וואָלט נישט געווען גענוג מר. האַל, וועלכער פאַרנעמט דעם זעלבן אַמט ווי מר. טאָדזשאָ? אָדער איז עס אונטער דעם כבוד פון אַ יאַפּאַ־נעזישן פּרעמיער זיך צו באַגעגענען מיט דעם ערשטן מיניסטער פון אַזאַ ״מינדערוויכטיק״ לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע? וואו איז דאָ פאַראַן אויסגעהאַלטענע דיפּלאָמאַטיע? עטיק? לאָגיק בכלל? וואָס וואָלט דער זעלבער טאָדזשאָ און זיין קליקע געזאָגט ווען מר. קאָרדעל האַל זאָל געווען מאַכן אַ פאָרשלאָג, אַז ער וואָלט וועלן קומען צו אַן אויסגלייך מיט יאַפּאַן און אַז ער וואָלט צוליב דעם זיך געדאַרפט דורכרעדן בלויז מיטן מיקאַדאָ?

דאָס איז אָבער נישט אַלץ. דער טשוואַק פון דעם דאָזיקן פאַר־לאַנג האָט גאָר געשטעקט ערגעץ אַנדערש. עס איז איינע פון די סאַמע וואַרשיינלעכסטע סברות, אַז די קרומע קעפּ פון דער יאַפּאַנעזישער דיפּלאָמאַטיע האָבן געוואָלט קידנעפּן אונזער פּרעזידענט און דערנאָך פאָדערן פאַר אים ״אויסלייז געלט״. איך ווייס: אַ סך וועלן זיך וואונדערן, לייענענדיק דאָס דאָזיקע. עס איז נאַטירלעך, אַז מענטשן מיט אַ נאָרמאַלער מענטאַליטעט זאָלן זיך וואונדערן אויף אַזאַ משונה־

דיקן איינפּאַל. מען דאַרף זיך אָבער קאָנען אַריינלעבן אין דער ווילדער לאָגיק פון אַ מיליטערישער קליקע פון אַזאַ אָפּגעשטאַנען לאַנד, ווי יאַפּאַן, ווען זי ווערט נאָך דערצו אָנגעטרונקען פון איר אייגענער מאַכט.

אַלע אַנדערע "פאַרשלאָגן" וואָס יאַפּאַן האָט דאַמאָלס געמאַכט צום פּרעזידענט זענען שוין פון קלענערער וויכטיקייט נאָך דעם ערשטן פאַרשלאַג זייערן. עס איז שוין אַצינד נישט דער מינדסטער צווייפל, אַז די אַטאַקע אויף פּוירל האַרבאָר איז שוין דאַן, אין אויגוסט, געווען אויסגעאַרבעט מיט אַלע איינצלהייטן. אַזעלכע זאַכן ווערן אַלעמאָל אויסגעאַרבעט מיט חדשים פריער. דאָס וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט דאַמאָלס איגנאָרירט דעם חוצפּהדיקן פאַרשלאַג פון דעם יאַפּאַנעזישן פּרעמיער איז געווען נישט נאָר זיין גליק פּערזענלעך, נאָר עס איז אויך געווען אַ גליק פאַרן לאַנד אַמעריקע און פאַר דער גאַנצער וועלט. ווייל רוזוועלט, מיט זיין דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, מיט זיין צוטרוי צו מענטשן, מיט זיין אייביקער נייגעריקייט צו באַגעגענען בייזע פּלעצער און מענטשן, האָט שיר געקאָנט אָננעמען אַזאַ מין פאַרשלאַג צו באַגעגענען די מיליטערישע גענגסטערס פון ניפּאָן "ערגעץ אויפן ים." וואָס מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פון לייט, וועלכע האָבן שפּעטער געשיקט אַ ספּעציעלן שלום־מלאך קיין וואַשינגטאָן אין דער צייט, ווען זיי האָבן געמאַכט דעם "האַלד־אַפּ" אויף פּוירל האַרבאָר, איז נישט שווער צו פאַרשטיין. וואָס מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פון מענטשן, וועלכע פאַרפייניקן קריג־און ציווילע געפאַנגענע — טייל פון זיי צום טויט — איז אויך נישט שווער צו פאַרשטיין. און אפשר איז אויך אמת דאָס וואָס מען רעדט, אַז די זעלבע מיליטערישע קליקע פון ניפּאָן האָט געפאַנגען און דערמאָרדעט די העלדישע אַמעריקאַנישע פליערין אַמעליאַ אירהאַרט, ווען זי איז געצוואונגען געווען זיך אַראָפּצולאָזן אויף דער "הייליקער" ניפּאָנישער טעריטאָריע . . .

עס איז שוין עטלעכע מאָל אָנגעמערקט געוואָרן אין דעם בוך, אַז עס איז זייער שווער צו דערגיין ביי רוזוועלטן ווען ער גייט איבערלעך אַרויס פון זיין גלייכגעוויכט. אפילו פאַר די סאַמע נאָענטסטע מענטשן זיינע איז עס נישט אַלעמאָל מעגלעך צו וויסן. בלייבט דעריבער איבער צו אורטיילן זיינע געפילן אין קריטישע מאָמענטן לויט זיינע אָפיציעלע דאָקומענטן, לויט דעם סטיל און דעם טאָן זייערן, און פּרוּוון אליין שאַפן דעם אַנאַליז. צוליב אָט דעם צוועק ברענג איך דאָ דעם טעקסט פון רוזוועלטס דערקלערונג באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָך דער געשעעניש אין פּוירל האַרבאָר:

"נעכטן, דעם זיבעטן דעצעמבער, 1941, — אַ דאַטע וואָס וועט אריין אין דער געשיכטע אַלס טאָג וואָס וועט לעבן אין שאַנד — זענען די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע פּלוצלונג און בכיוון אטאקירט געוואָרן פון ים־און לופט כחות פון דער יאפאנעזישער אימפעריע.

"צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם דערמאָנטן לאַנד האָט געהערשט שלום, און ווען די דאָזיקע פּאַסירונג איז פאָרגעקומען זענען נאָך אָנגעגאַנגען אונטערהאַנדלונגען צווישן די צוויי לענדער וועגן איינשטעלן אַ שלום אינם פּאַציפיק.

"דער פאַקט איז, אַז אַ שעה נאָכדעם ווי די יאַפּאַנעזישע עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן באָמבעס אויף אָאַהו, האָבן דער יאפאנעזישער אמבאסאַדאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן און זיין קאָלעגע איבערגעגעבן דעם סטעיט סעקרעטאַר אַ פאָרמעלן ענטפער אויף אַן אמעריקאנישער נאָטע. אין דער צייט וואָס דער דאָזיקער ענטפער האָט אָנגעוויזן, אַז עס איז נוצלאָז פאָרצוזעצן די עקזיסטירנדיקע דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען, האָט ער פונדעסטוועגן נישט אנטהאַלטן קיין שום סטראַשונעק אָדער ווערלכן עס איז אָנדייט אויף אַ מלחמה אָדער אויף אַ באַוואָפנטן אָנפאַל.

"עס וועט פאַרשריבן ווערן, אַז דער מהלך צווישן האוואַאי און יאַפּאַן מאַכט אוממעגלעך אַזאַ אטאקע סיידן זי ווערט אויסגעפּלאַנט מיט טעג אָדער מיט וואָכן אין פאָראויס. אין משך פון דער צייט האָט די יאפאנעזישע רעגירונג אומישנע געזוכט אָפּצונאַרן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט פאַלשע אָנשטעלן און דערקלערונגען, מיט אַ פאַלשער האָפנונג פאַר אַ ווייטערדיקן שלום.

"די נעכטיקע אטאקע אויף די האוואַאיער אינזלען האָט פאַראורזאַכט שרעקלעכע פאַרלוסטן צו אמעריקאנישע פלאָט־און ארמיי אָפּטיילונגען. אַ סך אַמעריקאַנישע לעבנס זענען פאַרלוירן געגאַנגען. אויסער דעם, ווערט באַריכטעט, אַז אמעריקאנישע שיפן זענען טאָרפּעדירט געוואָרן צווישן סאַן פראַנסיסקא און האָנאָלולו.

"נעכטן האָבן די יאפאנעזער אויך אטאקירט מאַלאַיאַ.

"נעכטן האָבן די יאַפּאַנעזער אַטאַקירט האנג קאנג.

"נעכטן האָבן די יאפאנעזער אטאקירט גואם.

"נעכטן האָבן די יאפאנעזער אטאקירט די פיליפּינען אינזלען.

"נעכטן ביינאַכט האָבן די יאַפּאַנעזער אַטאַקירט וועיק איילאַנד.

"יאַפּאַן האָט, ווי עס איז צו זען, אונטערגענומען אַ סורפּריזאָפענסיווע איבערן גאַנצן פּאַציפיק. די פאַקטן פון נעכטן רעדן פאַר

זיך אליין. דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק האָט זיך שוין אָריענטירט אין דער געשעעניש און עס ווייסט וואו עס האַלט.

"אַלס דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעי און פלאָט האָב איך באַפוילן, אַז אַלע גויטיקע מיטלען זאָלן אָנגענומען ווערן פאַר אונזער פאַרטיידיקונג.

"מיר וועלן אַלעמאָל געדענקען אויף וואָס פאַר אַן אופן מען איז אויף אונז אָנגעפאַלן.

"עס מאַכט נישט אויס ווי לאַנג עס וועט אונז געדויערן אָפּצושלאָגן אַט־די פאַראויס־געפּלאַנטע אינוואַזיע. דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק וועט אָבער סוף כל סוף געווינען אַן אַבסאָלוטן נצחון.

"איך גלויב, אַז איך דריק אויס דעם וואונטש און דעם געדאַנק פון דעם קאָנגרעס און פון דעם אמעריקאַנישן פאָלק, ווען איך זאָג, אַז מיר וועלן נישט נאָר זיך פאַרטיידיקן מיט אַלע אונזערע כחות, נאָר מיר וועלן מאַכן זיכער, אַז אַזאַ מין פאַרראַט זאָל אונז קיינמאָל מער נישט באַדראָען.

"אַ מלחמה־צושטאַנד איז אַריינגעטראָטן. מען קאָן נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז אונזער פאָלק, אונזער טעריטאָריע און אונזערע אינטערעסן זענען אין גרויס געפאַר.

"מיט גוליבן אין אונזערע באַוואָפנטע כחות, מיט דער נישט בויגזאַמער אַנטשלאָסנקייט פון אונזער פאָלק, וועלן מיר דערגרייכן דעם אומפאַרמיידלעכן נצחון — אַזוי זאָל אונז גאָט העלפן.

"איך פאָדער, אַז דער קאָנגרעס זאָל דערקלערן אין ענטפער צו דער אומפּראָוואָצירטער און געמיינער אַטאַקע פון יאַפּאַן, זונטיק, דעם זיבעטן דעצעמבער, אַז אַ צושטאַנד פון מלחמה עקזיסטירט צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דער יאַפּאַנעזישער אימפּעריע.

"פרענקלין ד. רוזוועלט."

דאָס איז רוזוועלטס סטיל ווען ער איז גוט און טיף אָנגערירט; ווען ער איז אָנגעגריפן און באַליידיקט אויפן געמיינסטן אופן. עס איז כדאי צו שטודירן דעם דאָזיקן סטיל. פּסיכאָלאָגן און געשיכטע־פאָרשער וועלן אין אים געפינען אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. רוזוועלט־ביאָגראַפער וועלן דערפון אַרויסלערנען אַ סך פאַרבאָרגענע שטריכן פון דעם מענטש, וועלכן די אַמעריקאַנישע מאַסן האָבן אָנפאַרטרויט זייער לאַנד, זייערע לעבנס און די לעבנס פון זייערע נאָענטסטע צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד. און אויב די צייט זאָל פאָדערן און רוזוועלט זאָל, צוליב

אומשטענדן, זיין דער פרעזידענט־קאנדידאט אַ פערט מאָל, וועט ער מסתמא ווידער קריגן די צושטימונג פון זיינע מיטבירגער.*)

אין וואָס באַשטייט זיין כח אַנצוהאַלטן די דאָזיקע אומאונטערגע־בראָכענע ליבע און אַנערקענונג פון אַ פאָלק וואָס ציילט 138 מיליאָן נפשות און וואָס נעמט אריין אזוי פיל ראסן און נאַציאנאליטעטן, איז אַוודאי נישט אזוי גרינג צו ענטפערן. עס איז נויטיק מער ווי איין טיפן טראכט צו טאָן וועגן אַזאַ דערשיינונג.

*) דאָס קאַפּיטל, ווי דער בוך בכלל, איז געשריבן געוואָרן מיט אַ היפּשער צייט פריער איידער די פרעזידענט־וואָלן פון 1944 זענען פאָר־געקומען.

# רוזוועלט און לאַטיין אַמעריקע

דאָס שטיק ערד, וואָס מיר רופן לאטיין־אמעריקע, איז גרויס, זייער גרויס. עס אַנטהאַלט אַכט מיליאָן און הונדערט מיט פיר־און־דרייסיק טויזנט (8,134,000) קוואדראט מייל, מיט אַ באַפעלקערונג פון ארום הונדערט און דרייסיק מיליאָן.

דאָס דאָזיקע שטיק ערד איז שוין אַלט מי יודע וויפיל דורות, נישט נאָר אין עקזיסטענץ, נאָר אין דעם וואָס מיר רופן אַן ציווי־ליזאציע. נאָך מיט הונדערטער יאָרן פריער, איידער די ציוויליזירטע שפּאַניער האָבן אַהין אַראָפּגעבראַכט זייער "ציוויליזאציע", האָט שוין דאָרט געבליט אַ קולטור פון אַן אייגענעם און אייגנארטיקן ווערט. די אַצטעקן, די מאַיאַס, די אינקאַס, א. אנד. האָבן דאָרט געבויט זייערע טעמפּלען, זייערע היימען, זייערע אינסטיטוציעס. זיי האָבן געדינט צו זייערע אייגענע געטער און זיי זענען געווען גליקלעך. זיי האָבן זיך געשפּייזט מיט זייער אייגענער מי און זיי זענען געווען צופרידן. זיי האָבן קיינעם נישט געטשעפּעט און זיי האָבן נישט געזוכט צו אַנטדעקן קיין נייע וועלטן. פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך אַ שפּיל געטאָן אין אַ ברודער־מלחמה. אָבער נאָכדעם פלעגט סיי דער געווינער און סיי דער פאַרלירער צוריקגיין אין זיין אייגענער נעסט, זיך אוועקזעצן אויף די טרעפּ פון זיין טעמפּל און פאַרפאַלן ווערן אין אַ חלום אונטער די פליגלען פון זיינע געטרייע געטער.

דער קלימאט האָט הארמאָנירט מיט זייער לעבן: מילד. הייס. סטאַטיש. עס איז נישט געווען קיין אַנרעגונג איבערצואַנדערשן דעם גאַנג פון געשעענישן. גאָלד איז געווען לרוב. אָבער וואָס צו טאָן דער־מיט האָט מען נישט געוואוסט. אַז איין בירגער קאָן צוליב דעם געלן מעטאל בויען זיין גליק אויפן חשבון פון אַן אנדערן בירגער האָבן די פּשוטע ברוינע קינדער פון דער זון נישט געוואוסט. ביז עס זענען געקומען די בלאַנדע, ווייסע אויבערהאַרן און האָבן זיי, די אומוויסנדי־קע, בלינדע בירגער פון זון און טראָפּיק, געעפנט די אויגן.

וואָס עס איז ווייטער געשען איז אַן אַלטע געשיכטע. מען שעמט זיך דאָס ארויפצושטעלן אויף פּאַפּיר. עס איז אַ געשיכטע פון אונ־

טערהדריקונג, מאָרד, טעראָר, גנבה און גזלה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פיר הונדערט יאָר. מען האָט גענומען אַ ציוויליזאַציע און זי אָפּגע־ווישט מיטן וואָרצל. די פירערס פון פאָלק האָט מען אויסגעקוילעט. דאָס פאָלק גופא האָט מען רעדוצירט צו אַ מינימום — אין נפש און אין ווערט. פרעמד האָב־און־גוטס איז געוואָרן אייגנס. די אויגן פון דעם אריינדרינגער זענען אָנגעזויפּט געוואָרן מיט אַ משוגענעם גלאַנץ, ווען עס האָט אים אַ בלענד געטאָן דאָס געלע קאָליר פון גאָלד. די נעכטיקע אייגנטימער פון דעם לאַנד זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די נידעריקסטע קנעכט. זייער שווייס איז געוואָרן די שאַצקאַמער פון דעם קעניגלעכן הויף פון שפּאַניע און זיינע געוויסנלאָזע פאַרטרעטער.

יאָ, די אַלטע גלאָריע שפּאַניע. ווער קאָן זי פאַרגעסן? "נועסטראַ פּאַטריאַ" — קומט אַ באַזוכער אין יענע לענדער נישט איינמאָל אויס צו הערן פון אַן איראָנישן לאַטיין־אַמעריקאַנער. און מען איבער־צייגט זיך, אַז ער איז גערעכט. שפּאַניע האָט איבערגעלאָזט אירע שפּורן אויפן קאָנטינענט ביזן היינטיקן טאָג. ביטערניש און קלאַסן־צוטיילונג זענען געבליבן פאַרוואָרצלט. עס איז שווער עס אויסצו־רייסן. ווייל איינגעבוירענע, וואָס זענען קאָרופּטירט געוואָרן מיט דעם פרעמדן בלוט, באַנוצן זיך מיט די זעלבע מעטאָדן פון זייערע אַמאָליקע מייסטערס. "נועסטראַ פּאַטריאַ היספּאַניאַ" איז אַ קללה איבער גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע פון וועלכער מען קאָן נישט פּטור ווערן.

אויסער בראַזיל. דאָס דאָזיקע לאַנד איז, ווי באַקאַנט, באַהערשט געוואָרן פון די פּאָרטוגעזער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקן פלייס אין זייער עובדא. זיי האָבן פּשוט אויסגעקוילעט די גאַנצע אינדיאַנישע באַפעלקערונג און האָבן נאָכדעם אָנגעפילט דאָס לאַנד מיט אימפּאָרטירטע שקלאַפן פון אפריקע (דאָס זעלבע האָבן די שפּאַניער געטאָן אין קובאַ, האַאיטי, טיילווייז אין פּוערטאָ ריקאָ און סאַנטאָ דאָמינגאָ). אַזוי, זעען מיר, איז פאַרגעקומען אַ "הייליקע אַליאַנץ" פון צוויי לאַטיינישע פעלקער קעגן אַ גאַנצן קאָנטינענט, וועלכער האָט טאַקע דערפאַר געקראָגן דעם נאָמען "לאַטיין־אַמעריקע".

אָבער די דאָזיקע צוויי איראָפּעאישע אָפּאַרטוניסטן־גרופּעס זענען נישט געווען די איינציקע ווייסע אַריינדרינגער אין דער פרעמדער טעריטאָריע און פאַרכאַפּער פון יענעמס אייגנטום, כאָטש זיי האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין אָט־דער דראַמע. אין אָנהויב פון נייַנצנטן יאָרהונדערט האָט ענגלאַנד גענומען אויסשטרעקן איר האַנט קיין לאַטיין־אַמעריקע. פריער האָט זי זיך באַנוגנט מיט פאַרכאַפּן אייניקע מערק. אָבער נאָכדעם האָט זי זיך מישב געווען און האָט

אָנגעהויבן נעמען איין שטיק ערד נאָך דעם אַנדערן. אין יאָר 1888 האָט זי צוגענומען פון אַרגענטינע די פאַלקלאַנד אינזלען און בעליזע (באַקאַנט אונטערן נאָמען "בריטיש האָנדוראַס"). פראַנקרייך האָט שוין געהאַט פאַרכאַפּט האַאיטי. האָלאַנד האָט זיך געהאַט איר "ספערע" — קוראַסאַאָ. אַזוי, אַז כאָטש שפּאַניע קומט די הויפּט־אָנערקענונג פאַר אַריינברענגען "ליכט און ציוויליזאַציע" אויף דעם ברוינעם קאָנ־טינענט, מוז מען אָבער אויך נישט פאַרשעמען די אַנדערע ווייסע פעלקער: פּאָרטוגאַל, ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָלאַנד.

איך האָב געלאָזט די פאַראייניקטע שטאַטן אויף צום לעצט. איך האָב עס געטאָן מיט אַ כיוון. ערשטנס, כדי צו האַלטן זיך לויטן סדר. ווייל צפון אמעריקע איז געווען די לעצטע פון די אַריינדרינגער. צווייטנס, כדי צו זיין גערעכט, איז אפשר נויטיק צוצוגעבן, אַז נע־מענדיק אין באַטראַכט די לאַגע פון כאַפּ און נעם, האָט אַנקל סעם אפשר נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוואַל ווי צוצושטיין צו דער קאָמפּאַניע כאַפּערס און נעמערס. נישט וועלנדיק ווערן אַרומגערינגלט פון די אייראָפּעאישע גרויסמאַכטן פון אַלע זייטן: זייענדיק געצוואונגען צו פאַרהיטן אירע הינטער־טירן, האָט די פאַראייניקטע שטאַטן גע־מוזט עפּעס טאָן. אָבער קיין גרויסע זאַכן האָט זי נישט געקאָנט באַווייזן. די היינט־מעכטיקע אַמעריקע איז דאַמאָלס געווען שוואַך — מיליטעריש און עקאָנאָמיש. דאָס האָט שוין במילא געהייסן פּאָליטיש אויך. וועגן פאַרמעסטן זיך מיט אַזאַ וועלט־מאַכט ווי ענגלאַנד, אויסער די אייגענע גרעניצן, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. פראַנקרייך אין דער נאַפּאָלעאָנישער עראַ איז אויך נישט געווען קיין ווייכער ביסן. און שפּאַניע — אוודאי. עס האָט געדאַרפט נעמען צייט. צפון אַמעריקע האָט געדאַרפט ווערן שטאַרקער און די אייראָפּעאישע מאַכטן — שוואַ־כער. די שפּאַנישע ים־מאַכט האָט פריער געמוזט געבראָכן ווערן פון ענגלאַנד און די לאַנד־מאַכט פון נאַפּאָלעאָנען. שפּעטער, מיט נאַפּאָ־לעאָנס אַראָפּגיין פון דער סצענע, איז אויך פראַנקרייך אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

דאָס אַלץ האָט צוגעשפּילט צפון אַמעריקע, וואָס איז דערווייל געגאַנגען באַרג־אַרויף. עס איז ביסלעכווייז פאַרגעקומען די צוזאַמענ־שמעלצונג פון די שטאַטן, וועלכע האָבן פריער געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע מיט אומצוטרוי. די נאַטירלעכע רייכטימער וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט האָבן אָנגעהויבן אַנטדעקט און אויסגענוצט צו ווערן. די באַפעלקערונג איז געוואָרן רייכער. דער לעבן־סטאַנדאַרד איז גע־וואָרן העכער. דאָס האָט אָפּגעקלונגען אין דער פאַראַרימטער אייראָפּע

און אימיגראנטן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען. דאָס איז געווען פריש בלוט אין דעם וואקסנדיקן קערפּער.

אינם יאָר 1823, ווען די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך שוין געפילט גענוג שטאַרק צו לאָזן הערן איר שטים קעגן די גרויסמאַכטן פון דער וועלט, האָט זי, דורך איר פּרעזידענט, דזשעימס מאנראָו, ארויסגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז דער אמעריקאַנישער קאָנטינענט געהערט, לויט אַלע מענטשלעכע כּללים, צו די אמעריקאַנישע פעלקער, און אַז קיין שום איראָפּעאישע מאַכט, ווער זי זאָל נישט זיין, האָט נישט קיין רעכט זיך אריינצומישן אין די אינערליכע ענינים פונם קאָנטינענט, און אַז די אמעריקאַנישע פעלקער האָבן אַ רעכט צו לעבן אויף זייער אייגענער ערד אומבאַלעסטיקט פון אנדערע.

די דאָזיקע דערקלערונג, וואָס איז היינט באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס די "מאנראָו דאָקטרין", האָט זיך דאַן שנעל צו־קלונגען אומעטום. פונדעסטוועגן האָט זי קיין גרויסע ווירקונג נישט געהאַט. קיינער האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער מיליטערישער מאַכט פון דעם יונגן לאַנד מיט דעם "צוזאַמענגעשלעפּטן פאָלק" פון אַלע עקן וועלט. דאַמאָלס, ווי היינט, האָבן פעלקער געקאָנט רעדן נאָר דורך די מיילער פון זייערע קאַנאָנען.

אָבער די נייע מאַכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געפילט, אַז זי מעג רעדן. פון דער דורכגעפוילטער שפּאַנישער אימפּעריע האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן שטיקער. אין דרום אמעריקע האָט געברויזט מיט רעוואָלט. סימאָן באָליוואַר, דער העלד פון ווענעזועלאַ, האָט פון איר אָפּגעריסן איינס נאָך דאָס אנדערע: ווענעזועלאַ, קאָלאָמביאַ, עקו־אַדאָר, באָליוויע און פּאַנאַמאַ. דזשעימס מאנראָו, כאָטש אַן ענער־גישער און קאָלירפולער מענטש, האָט אין יענער איבערגאַנג־צייט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן זיך אָפט באַעצהט מיט טאָמאָס דזשע־פערסאָן, אַ פריערדיקן פּרעזידענט און איינער פון די גרעסטע אמערי־קאַנער וואָס האָבן ווען עס איז געלעבט. ביי איין געלעגנהייט האָט דזשעפערסאָן געגעבן מאנראָון פאָלגנדיקע עצה:

"ענגלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד וואָס קאָן אונז אָנטאָן מער שאָדן ווי אנדערע לענדער. אָבער איר שטיצע וואָלט אונז, אין דער זעלבער צייט, געווען וויכטיקער פון אַלץ. מיט ענגלאַנד אויף אונזער זייט האָבן מיר נישט פאַר וועמען מורא צו האָבן. עס וואָלט געווען די געוואונטשנסטע זאַך, ווען די דאָזיקע צוויי לענדער קניפּן אַן שטענ־דיקע פריינטשאַפט פאַר איין גרויסן צוועק."

מיט אַנדערע ווערטער: באַוואָרן זיך מיט ענגלאַנדס פּריינט־שאַפט, איז געווען דזשעפּערסאָנס עצה צו פּרעזידענט מאָנראָ, און דו קאָנסט האַנדלען פריי אין די אינטערעסן פון אונזער לאַנד.

ווען מען לייענט היינט, אין יאָר 1944, דזשעפּערסאָנס ווערטער וועגן ענגלאַנד, קאָן מען דאָס זעלבע, אָן שום רעזערוואַציעס, אריינ־לייגן טשוירטשילן אין מויל אריין. וואָלט נישט אַן ענגלישער שטאַטס־מאַן היינט געקאָנט זאָגן, אַז מיט די מעכטיקע פּאַראייניקטע שטאַטן אַלס אונזער פריינט, פאַר וועמען האָבן מיר מורא צו האָבן?

ווי דאָס ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך!

אָבער דאַמאָלס, אין דער ערשטער העלפט פונם ניינצנטן יאָר־הונדערט, האָבן די פּאַראייניקטע שטאַטן ווינציק־וואָס געקאָנט אויפ־טאָן אָן, כאָטשבי, דער מאָראַלישער הילף פון ענגלאַנד. און ווען די דאָזיקע הילף איז געקומען און ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן קוקן אויף לאַטיין־אמעריקע מיט ניכטערע אויגן, האָט צפון אמעריקע, פאַר אַלעם, אָנגעהויבן אויסטיילן אנערקענונג אין באַפרייט לאַנד נאָכן אַנדערן. דאָס איז געווען אַ גוואַלדיקער קלאַפּ פאַר שפּאַניע, אַ שאַנדפולער קלאַפּ. ווייל זי האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז זי איז די אַמאָליקע וועלט־הערשערן. און זי האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אויסרייד זיך אָפּצורעכענען מיט דעם נייעם און חוצפּהדיקן „צונויפגעשלעפּטן פאָלק” פון דער אַנ־דערער זייט אַטלאַנטיק.

שפּאַניע האָט אויך קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין דעם נייעם לאַנד פאַר ווייזן אַ ביישפּיל ווי אַזוי מען קאָן אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון אַ פרעמדן איינדרינגער (אין דעם פאַל — ענגלאַנד). לאַטייך־אמעריקע האָט פון דעם פאַל אַ סך געלערנט. בפרט, ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, אַז שפּאַניע איז געווען אַ סך מער אינערלעך צופוילט איידער די קיינמאָל נישט צופאַלנדיקע ענגלאַנד.

צפון אמעריקעס ערשטע געלעגנהייט צו דעמאָנסטרירן, אַז זי הויבט זיך אָן צעוואַקסן אויך מיליטעריש, איז געקומען מיט דער מלחמה קעגן מעקסיקע, אין 1846. דאָס איז געווען איר ערשטע מלחמה מיט אַ פרעמדער מלוכה (אויסער דעם פריערדיקן קאַמף מיט ענגלאַנד). ביי מעקסיקע און ביי די אַנדערע לאַטיין־אמעריקאַנישע פעלקער איז די דאָזיקע מלחמה פאַררעכנט אַלס דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער טראָט פון דעם קאָלאָסוס פון צפון. צו זיין אָבער גערעכט צו אַנקל סעם, מעג מען אריינקוקן אביסל אויפמערקזאַמער אין די פאַקטן וואָס האָבן פאַראורזאַכט יענע מלחמה. און באַקענענדיק זיך מיט די פאַקטן, מוז מען צוגעבן, אַז עס איז נישט געווען אינגאַנצן צפון אמעריקעס

שולד וואָס יענע מלחמה איז צושטאַנד געקומען. עס וועט זיין אַ סך נענטער צום אמת צו פאַרצייכענען, אַז דער ערשטער שאָס איז אָפּ־געפייערט געוואָרן פון מעקסיקע און נישט פון אַנקל סעם.

אָט ווי די זאַך איז פאַרגעקומען:

אויף דער פראַגע פון טאָג איז דאַמאָלס געשטאַנען די טעריטאָריע טעקסאַס. דאָס דאָזיקע שטיק לאַנד האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעריסן פון מעקסיקע און עס האָט פונקציאָנירט אַלס אַ באַזונדערער שטאַט. אַ צאָל פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון דער דאָזיקער טעריטאָריע זענען געווען גענייגט זיך אַנצושליסן אַן די וואַקסנדיקע פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון. מעקסיקע, וועלכע האָט נישט געהאַט אויפגעגעבן איר חזקה אויף טעקסאַס, האָט, נאַטירלעך, נישט צוגעשטימט דערצו.

דאָס איז געווען איין זאַך. עס איז אויך געווען פאַרמישט דער ענין קאַליפאָרניע. דער דאָזיקער שטאָט האָט נאָך אָפיציעל געהערט צו מעקסיקע. אָבער נישט מער ווי אין נאָמען. אין דער אמתן איז ער שוין געווען פאַרמשכונט צו ענגלאַנד און פראַנקרייך, וועמען מעקסיקע איז שולדיק געווען אַ סך געלט. אַזוי ווי איר קאַסע איז געווען ליידיק, האָט מען אָנגעהויבן צו שמועסן, אַז זי וועט איר חוב צו זיי אָפּצאָלן מיט לאַנד — מיט קאַליפאָרניע.

דאָס האָט אַנקל סעם נישט געקאָנט דערלויבן. אַריינלאָזן אַזוי נאָענט צו זיך איינע — אָדער ביידע — פון די מעכטיקסטע מלוכות פון אייראָפּע אַלס זיינע "לאַקאַטאָרן" וואָלט געווען דער גרעסטער אומזין. האָט וואַשינגטאָן פאַרגעלייגט מעקסיקע אַ גרויסע סומע געלט, פינף־און־צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר, פאַר דער קאַליפאָרניער טעריטאָריע. אי מעקסיקע וועט האָבן גענוג געלט אָפּצוצאָלן אירע חובות, אי די רעגירונג פון וואַשינגטאָן וועט זיין פריי פון זאָרג פון האָבן לעבן זיך אייראָפּעאישע שכנים.

די דאָזיקע צוויי פראַגעס האָבן געדאַרפט אויסגעגלייכט ווערן. וואַשינגטאָן האָט נישט געזוכט קיין מלחמה. דזשעימס פאָלק, דער דאַמאָלסדיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז נישט געווען קיין אימפּעריאַליסט. ער איז געווען אַ קלוגער און טאַקטישער מענטש און ער האָט געוואוסט, אַז מיט מלחמה וועט מען גאָרנישט פועל יוצא זיין. אויסער דעם: די גאַנצע "אַרמעי" פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז דאַן באַשטאַנען פון וואָסערע זיבן טויזנט און צוויי הונ־דערט סאָלדאַטן. ווער האָט אים געקאָנט חושד זיין, אַז מיט אַזאַ "מיליטערישער מאַכט" וועט ער וועלן פּראָוואָצירן אַ מלחמה?

איז ער געווען געניוגט דעם גאַנצן ענין אויסצוגלייכן מיט גוטן ווילן און דורך פריינטלעכע אונטערהאַנדלונגען. דעם צענטן נאָוועמבער, 1845, האָט ער געשיקט אַ שליח קיין מעקסיקע ארומצורעדן די אַלע פראַגעס. האָט מען גערעדט און גערעדט און צו קיין טאָלק איז מען נישט געקומען. מעקסיקע איז נישט געווען גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון די צוויי פעטע שטיקער לאַנד, אפילו פאַר דער גרויסער סומע געלט (פאַר יענער צייט) וואָס וואשינגטאָן האָט פאָרגעשלאָגן, ביז — — — — —

ביז עס איז געשען דאָס וואָס עס געשעט אָפט אין אזעלכע פאַלן. עס איז פאָרגעקומען אַ צוזאמענשטויס ביי דער גרעניץ. מעסיקאַנישע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אויף די אמעריקאנער און האָבן אויסגעהרגעט אַ צאָל פון זיי. אלע אונטערהאַנדלונגען זענען גלייך אָפּגעבראָכן געוואָרן און די מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

ווען די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט, איז אַנקל סעם באַרייכערט געוואָרן נישט נאָר מיט קאַליפאָרניע און טעקסאַס, נאָר מיט אַנדערע שטיקער לאַנד וואָס מיר רופן היינט ניו מעקסיקא, אריזאָנא, יוטאַה, נעוואדא, קאָלאָראַדא און וויאָומינג. פונקט אַ העלפט פון מעקסיקא איז דאַן איבערגעגאַנגען אין רשות פונם זיגער. און כאראקטעריסטיש איז דאָס וואָס די איראָפּעאישע רעגירונגען זענען נאָך געווען דער־שטוינט פון די מילדע שלום־באַדינגונגען וואָס דער זיגער האָט ארויס־געשטעלט.

דאָס אינטערסאנטסטע דערביי איז וואָס ווען די מלחמה צווישן די צוויי לענדער האָט אויסגעבראָכן, האָבן אלע געמיינט, אז מעקסיקע וועט ארויס די זיגערן. אפילו די גוט־אינפאָרמירטע און פאָרזיכטיקע לאָנדאָנער ״טיימס״ האָט דאמאָלס פאָראויסגעזאָגט אַ נצחון פאַר מעק־סיקא. דער אויסרעכענונג איז געווען אַ פשוטער: מעקסיקא איז געווען אַ מיליטעריש לאַנד — לויטן באַגריף פון יענע צייטן, נאטירלעך. זי האָט געהאַט אַ שטענדיקע ארמעי פון 52,000 סאָלדאַטן (פאַרגלייכט עס מיט דער אמעריקאנישער ארמעי פון 7,200). אויסער דעם, זענען די מעקסיקאנער געווען געאיבטע קריגער. זיי פלעגן אָפט האַלטן מלחמה, מערסטנס טאַקע צווישן זיך. די אמעריקאנער האָבן ערשט געדאַרפט באַוויזן, אַז זיי זענען מער ווי אַן אַנגעלאָפענער ערב־רב, גאָלד־זוכערס און געמבלערס.

זיי האָבן עס באַוויזן. עס איז געווען איינע פון די איינזייטיקסטע מלחמות וואָס די געשיכטע קאָן נאָר פאַרצייכענען. דער אמעריקאנישער גענעראל ווינפילד סקאָט האָט אָן שום שוועריקייטן איינגענומען ווערא־קרוז און פון דאָרט האָט ער מארשירט אויף דער מעקסיקאנישער

הויפּטשטאָט. דער ווידערשטאַנד אויף אַלע פראָנטן איז געווען אַזאַ שוואַכער, אַז קאַליפאָרניע און ניו מעקסיקאָ זענען איינגענומען גע־וואָרן פון עטלעכע הונדערט אמעריקאַנישע סאָלדאַטן. דאָס באַווייזט ווי רייף די דאָזיקע טעריטאָריעס זענען געווען זיך אָפּצורייסן פון זייער מוטערלאַנד. דער גאַנג פון דער מלחמה האָט בלויז צוגעאיילט זייער פּראָצעס.

קיינער וויל נישט באַרעכטיקן יענע פאַרכאַפּונג פון די דערמאָנטע טעריטאָריעס. קיינער וויל נישט אַפּלייקענען דעם באַרעכטיקטן ווייטיק פון דעם מעקסיקאַנישן פאָלק פאַר דעם פאַרלוסט. עס איז געבליבן אַן אייביקע און אייטערנדיקע וואונד. אָבער ווען מען האָט אין זינען, אַז דאָס איז פאָרגעקומען מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען דער וועלט־אימפּעריאַליזם איז געווען אין זיין ברוטאַלסטן און ״בליענדיקסטן״ צושטאַנד; ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אַז מעקסיקאָ און נישט די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אָפּגעפייערט דעם ערשטן שאָס; ווען מען האָט אין זין וואָס די גרויסע אייראָפּעאישע העכט האָבן געדענקט וועגן די ״מילדע״ באַדינגונגען וואָס צפון אמעריקע האָט ארויסגע־שטעלט קעגן מעקסיקאָ; ווען מען וויל נאָך צורעכענען, אַז וואַשינגטאָן האָט אויסגעצאָלט דער מעקסיקאַנישער רעגירונג עטלעכע צענטליק מיליאָן דאָלאַר פאַר די דערמאָנטע טעריטאָריעס, כדי דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ פון דעם באַזיגטן זאָל נישט צופיל אָנגערירט ווערן, — מוז מען, נאָך דעם אַלעם, צוגעבן, אַז דער יענקי אימפּעריאַליזם איז נישט פון דעם סאַמע ערגסטן סאָרט.

נאָך אַ לאַנד פון דעם קאָנטינענט מיט שווערע קריוודעס קעגן אַנקל סעם איז קאָלאָמביאַ. עס איז אַ פאָלק פון ניין מיליאָן מענטשן און מיט אַ טעריטאָריע פון אַ גרויס אייראָפּעאיש לאַנד, וואָס וואָלט אריינגענומען פופציק אָדער זעכציק מיליאָן איינוואוינער. פונדעסטוועגן איז קאָלאָמביאַ ברוגז אויפן גרויסן שכן אלמאי ער האָט ביי איר צו־גענומען אַ לאַנד אַ גאַנצס, וואָס האָט געהערט צו איר. דאָס איז פּאַנאַמאַ. און צוגענומען פון קאָלאָמביאַ האָט עס טעאָדאָר רוזוועלט אין 1908.

אמת, טעאָדאָר רוזוועלט האָט עס נישט אנעקסירט צו די פאַר־אייניקטע שטאַטן. פּאַנאַמאַ איז געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה. אָבער דאָס האָט נישט קלענער געמאַכט דעם פאַרלוסט פון קאָלאָמביאַ, און עס איז היינט נישט פאַראַן קיין איין קאָלאָמביאַנער אינטעלעקטואַל וואָס זאָל נישט באַוויינען דאָס ״פאַרלוירענע לאַנד״. כאָטש טייל פון זיי פאַרשטייען, אַז פאַר אַ מלוכה פון אַזאַ פאַרנעם און גרויס ווי די

פּאַראייניקטע שטאַטן זענען שוין געווען אין 1908, איז דער שריט גע־וועזן כמעט פון לעבנס־וויכטיקייט. דאָס אויפבויען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל האָט געגעבן דעם מעכטיקן לאַנד פון צפון אַ מעגלעכקייט צו פאַר־טיידיקן נישט נאָר זיינע אייגענע גרעניצן פון די אַטלאַנטישע און פּאַציפישע ברעגן און אויפבויען די עקאָנאָמישע לעבנס־ליניעס וואָס זענען גוויטיק פאַר אַזאַ גרויס לאַנד, נאָר אויך צו פאַרהיטן די קלענערע און שוואַכערע מלוכות (קאָלאָמביאַ אריינגערעכנט) פון דרויסנדיקע אַטאַקעס.

די פינף־און־צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר וואָס קאָלאָמביאַ האָט שפּע־טער געקראָגן פאַר איר "צובראָכן האַרץ" האָט נישט אינגאַנצן אויס־געהיילט די וואונד.

ביים מויל פון דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל, נישט ווייט פון דעם קאַרי־בעאישן אויסגוס, ליגט אַ לאַנד וואָס הייסט ניקאַראַגואַ. דאָס לאַנד איז קליין און אָרים, אָבער פּאָליטיקער האָט עס ארויסגעגעבן קלוגע און געוואָגטע. די פירער פון דעם קליינעם לאַנד, וועמעס באַפעלקערונג באַשטייט אין מערסטנטייל פון אינדיאַנער און "מעסטיזאָס" (געמישטע, פון ווייסע און אינדיאַנער), וואָלטן געוואָלט איין קלייניקייט: אַז זייער פאָלק זאָל קאָנען לעבן אומאָפּהענגיק פון אַנדערע פעלקער; אַז עס זאָל קאָנען פירן אַן אייגן און אייגנאַרטיק לעבן, נישט געשטערט פון די גרויסע שכנים. איז דאָס אָבער אַ צו־גרויסע אַמביציע פון אַ קליין, אָרים פאָלק אין אונזער ציוויליזירטער וועלט. אָבער די פירער פון ניקאַראַגואַ מיינען, אַז זיי האָבן אַ רעכט צו האָבן אַזאַ אַמביציע.

אזוי האָט אויך געמיינט איינער, אַ ניקאַראַגואַר פּאַטריאָט מיטן נאָמען אַוגוסטאָ סעזאַר סאַנדינאָ. זיין סוף איז געווען אַ טרויעריקער, אַ קורצער. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון זיינע "גרויסע" אַמביציעס. אַ סך ניקאַראַגואַר פּאַטריאָטן ווילן דאָס נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג. זיי האַלטן, אַז אָנקל סעם האָט נישט געהאַט קיין רעכט זיך צו מישן אין זייערע אינערלעכע געשעפטן. אָנקל סעם האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. די וואונד טריפט נאָך.

אין יאָר 1898 איז, ווי באַקאַנט, פאָרגעקומען די גרויסע שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה. אין יענער מלחמה האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן אינגאַנצן פאַרטריבן שפּאַניע פון דעם אַמעריקאַנישן קאָנטי־נענט, צונעמענדיק ביי איר קובאַ און פּוערטאָ ריקאָ. די לעצטע איז ביזן היינטיקן טאָג אַ פּאָסעסיע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און קובאַ — אַ האַלבע קאָלאָניע פון אָנקל סעם. נישט די פּוערטאָ ריקאַנער און

נישט די קובאנער האָבן שלום געמאַכט מיט זייער גורל און אויפגע־געבן זייער ווילן צו זיין פולשטענדיק פריי און אומאָפּהענגיק.

אַז דער כסדר וואַקסנדיקער און רייך ווערנדיקער שכן פון צפון איז באַגאַנגען געגנוג זינד קעגן אַ סך פון די אַנדערע קלענערע שכנים פון דעם קאָנטינענט, איז אַ באַקאַנטע זאַך. די לענדער וואָס האָבן דורכגעמאַכט אומגעבעטענע אינוואַזיעס — זאָל זיין צייטווייליקע — פון צפון־אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן קאָנען עס נישט פאַרגעסן. זיי ווילן עס נישט פאַרגעסן. עס דאַרף געדויערן יאָרן, עס דאַרף נעמען אַ לאַנגע צייט, מיט געדולד און מיט טאַקט, כדי איבערצוצייגן אַט־די אַלע געקרייוודעטע און באַליידיקטע און סענסיטיווע פעלקער פון דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, אַז די רייד פון דעם "גוטן שכן" זענען אמתע און נישט קיין געבלאָפטע; אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט טאַקע — ווי דער איצטיקער פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן זאָגט — הערשן אַן אַטמאָספער פון ברידערלעכקייט און גלייכקייט אין דער העמיספער פון מערב; אַז קיין פאָלק קאָן נישט בויען זיין גליק אויף דעם אומגליק פון אַן אַנדער פאָלק; אַז קיינער קאָן נישט דערוואַרטן צו קריגן ליבע און פריינטשאַפט פאַר באַליידיקונג און אונטערדריקונג.

און כאָטש עס איז אמת, ווי עס איז שוין דאָ איינמאָל אָנגעוויזן געוואָרן, אַז לויט דעם ווי אַנדערע פעלקער האָבן באַהאַנדלט זייערע שוואַכערע שכנים, זענען די פאַראייניקטע שטאַטן גאָר נישט מאָראַליש הינטערשטעליק, נאָר פאַרקערט, פונדעסטוועגן איז ערלעכער און גע־זינטער נישט צו פאַרמאַכן די אויגן און צוצוגעבן, אַז אויך אונזערע הענט זענען נישט אינגאַנצן ריין פון אַט־דער זינד פון דעם שטאַרקן צו רודפן דעם שוואַכן — אַ קללה, וואָס שלעפּט זיך נאָך דער מענטש־הייט פון די פרימיטיווסטע צייטן אָן.

ווען פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט איז געוואָרן פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט נאָך דער אַנטאַגאָניזם צווישן די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער און די פאַראייניקטע שטאַטן עקזיסטירט אין דער פולסטער מאָס. פולשטענדיקער אומצוטרוי האָט געהערשט ביי די לענדער פון דרום צו דעם שכן פון צפון. דאָס איז אַן אמת בילד, אויב מען וויל זען זאַכן מיט אַ ניכטער אויג. אָבער אַפילו רוזוועלטס פּאָליטישע שונאים וועלן, מיין איך, מוזן צוגעבן, אַז מיט זיין איבער־נעמען די מאַכט האָט זיך די לאַגע אויף דעם געביט באַדייטנדיק גע־ענדערט צום גוטן.

טוט אַ קוק:

אין דער פאַרגאַנגענער וועלט־מלחמה, ווען ווילסאָן איז געווען פּרעזידענט, האָבן בלויז אַכט פון די צוואַנציק מלוכות פון לאַטיין־אַמעריקע זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף קעגן די צענטראַלע מלוכות (דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגארן, טערקיי און בולגאַריע). דאָס זענען געווען: בראַזיל, קובאַ, גואַטאַמאַלאַ, קאָסטאַ ריקאַ, פּאַנאַמאַ, ניקאַראַגואַ, האָנדוראַס און האַאיטי. היינט זענען אַלע מלוכות פונם קאָנטינענט פאַראייניקט אין קאַמף קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. אַלע — מיט דער אויסנאַם פון ארגענטינע, וועלכע האָט אָפּט ליב צו שפּילן די ראָלע פון דער קרענקלעכער פּרימאַדאָנע פון לאַטיין אַמעריקע. דאָס איז, דענק איך, אַ וויכטיקער פאַקט.

עס איז אַ וויכטיקער פאַקט דערמיט וואָס עס ווייזט וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן רוזוועלטס פּאָליטיק אויפן קאָנטינענט ברענגט. ווען מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט מעיאָר לאַ גוארדיא, איז אויך אויסגעקומען צו באַרירן רוזוועלטס דערגרייכונגען אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. ווען איך האָב אים געפרעגט זיין מיינונג וועגן דעם פּרעזידענטס פירונג בנוגע דעם דאָזיקן אָנגעווייטיקטן פּונקט, האָט ער געענטפערט:

— אויב מיין אָפּשאַצונג איז אַ ריכטיקע, האָט פּרעזידענט רוזוועלט אויפגעטאָן פאַר דעם פריידלעכן צוזאַמענלעבן פון דעם קאָנטינענט מער ווי אַלע פריערדיקע פּרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן צוזאַמענגענומען.

— און דאָס אַלץ — האָט דער ניו יאָרקער מעיאָר צוגעגעבן — איז דערפאַר ווייל דער פּרעזידענט איז זייער אַ פּעאיקער אַדמיניסטראַטאָר. ער זעט צו לעבן בשלום מיט אַלע זיינע שכנים, כדי צו האַלטן אין זיכערקייט דאָס הויז וואָס מען האָט אים אָנפאַרטרויט — דאָס איז די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

ווייל קיינער דאַרף זיך דאָ נישט נאַרן. דיפּלאָמאַטיע און אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק ווערן נישט געשפּילט פאַר קיין לירדיקע הייזער. אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק ווערט געשפּילט פון אָבער אויך פאַר אויסגעפּרואווטע דיפּלאָמאַטן, מענטשן אָן סענטימענטן און אָן אילוזיעס. עס איז אַ טרוקענער, ברוטאַלער שפּיל, וואו עס איז אויסגערעכנט מיט אַ מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט וועלכער צוג עס לוינט זיך בעסער. און די דיפּלאָמאַטן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנישע מלוכות זענען אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם. פּונקט ווי אַנדערע פאַרטרעטער, פון עלטערע פאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען, איז זיי שווער אָפּצונאַרן — יעדנפאַלס, נישט אויף צו־לאַנג. ווען רוזוועלט איז געוואָרן

פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און ער האָט געהאַלטן זיינע ערשטע רעדעס וועגן לאַטיין־אַמעריקע איז קיינער פון די דערמאָנטע לענדער אין אָנפאַנג נישט נתפעל געוואָרן, כאָטש מען האָט זיך צו זיי צוגעהערט מיט אינטערעס. סקעפּטיציזם און אומצוטרוי איז נאָך געווען צו־שטאַרק איינגעבאַקן אין דעם געדאַנק פון די רעפּובליקן פון דרום. ווייל זיי האָבן שוין אַמאָל געהאַט געהערט שיינע רייד און שיינע צוזאָגן פון זייער צפונדיקן שכן. האָט דען נישט וואודראָו ווילסאָן פייערדיק פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון אַלע טעריטאָריעלע אַמביציעס אָדער קאָנצעסיעס אויפן אַמעריקאַנישן קאָנטינענט? פונדעסטוועגן האָט עס אים נישט אָפּגעשטעלט צו שיקן גענעראַל פּוירשינג נאָכצויאָגן דעם גענעראַל פּאַנטשאָ וויאַ אויף דער מעקסיקאַנישער טעריטאָריע ווייל די ווילסאָן אַדמיניסטראַציע האָט בעסער געוואָלט, אַז אין מעקסיקא זאָל רעגירן אַן אַנדערער גענעראַל — ווענוסטיאַנאָ קאַראַנסאַ. אַ סואַווערענער שטאַט וויל אַזאַ זאַך נישט ליידן און עס בלייבט דערפון אַ שלעכטער נאָך־טעם אויף אַ סך יאָרן.

אָבער ווען די רעגירונג פון לאַזאַרא קאַרדענאַס (אויך פון מעקסיקאַ) האָט אין יאָר 1938 עקספּראָפּריאירט די אויל־־קוואַלן וואָס האָבן געהערט צו אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן און רוזוועלט האָט נישט געשיקט קיין מיליטערישע עקספּעדיציע איינצושטעלן ״אָרדנונג״ אין דעם שכנותדיקן לאַנד, אַפילו קיין סטראַשונעק נישט, האָט מען דאָרטן אָנגעהויבן זען, אַז רוזוועלט מיינט עס ערנסט מיט זיין צוזאָג, אַז ער וועט רעספּעקטירן די געזעצן פון אַנדערע לענדער — אַפילו ווען זיי געפעלן אים נישט אַלעמאָל. ״יעדע זאַך קאָן אויסגעגלייכט ווערן אויף אַ פרידלעכן אופן״ — האָט רוזוועלט נישט איינמאָל דערקלערט. און ער האַלט וואָרט — ווען עס ווענדט זיך נאָר אָן אים.

די דאָזיקע פּאָליטיק פון אויסגלייכן זיך אויף אַ פרידלעכן אופן, באַזונדערס אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן צו ברענגען פּרוכט. גוטע פּרוכט. די עטלעכע אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן זענען נישט בדלות געוואָרן פון דער צייטווייליקער קאָנפיסקאַציע. אָבער אַז די מעקסיקאַנישע פירער, אַזוי גוט ווי די מאַסן, האָבן אָפּגעשאַצט אָנקל סעמס אָרנטלעכע באַנעמונג האָט געוויזן דער פאַקט וואָס באַלד מיטן קומען צו דער מאַכט פון דער אַווילאַ קאַמאַטשאָ אַדמיניסטראַציע האָט זיך מעקסיקא תיכף געשטעלט אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטישע מלוכות און זי האָט גלייך, מיטן אייגענעם ווילן, זיך אָפּגעזאָגט צו טאָן געשעפטן מיט יאַפּאַן. געדענקט, אַז דאָס איז געשען אין אָקטאָבער, 1940, העכער אַ יאָר פאַר פּוירל

האַרבאָר. אויף אַזוי פיל איז מעקסיקאַ, צוליב רוזוועלטס דיפּלאָ־מאַטיע פון ״גוטן שכן״, צוגעצויגן געוואָרן צו דער זייט פון די דע־מאָקראַטיעס.

און דאָס וואָס איז נוגע מעקסיקאַ איז נוגע אַלע מלוכות פון לאַטייַן־אַמעריקע אויסער, צום באַדויערן, אַרגענטינע. כאָטש בראַזיל איז אונזערס אַ טראַדיציאָנעלער פריינט (ווי פּאָרטוגאַל איז ענגלאַנדס פריינט) זענען פונדעסטוועגן די באַציאונגען צווישן די צוויי לענדער נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוינע גוטע און עכטע, ווי איצט. דאָס זעלבע מיט אורוגואַי. ביידע דרומדיקע מלוכות האָבן פּשוט אויסגע־שטרעקט זייערע הענט צו דעם שכן פון צפון, ווען די שעה פון אַן עת צרה האָט געשלאָגן. און צוזאַמען מיט זייערע הענט האָבן זיי פאַרגעשלאָגן באַזעס — ים און לופט־באַזעס, אָן אומצוטרוי, אָן מורא, אַז דעם גרויסן שכן פון צפון קאָן זיך נאָך פאַרגלוסטן צו פאַרבלייבן אין די באַפעסטיקטע פלעצער נאָך דער מלחמה.

דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע ענדערונג און אַ ריזיקע דערגרייכונג פון דער רוזוועלט אַדמיניסטראַציע.

דאָס זעלבע וואָס ווערט געזאָגט וועגן דרום אַמעריקע, קאָן גע־זאָגט ווערן וועגן צענטראַל אַמעריקע און וועגן אַלע מלוכות אַרום דעם קאַריבעאישן ים. האַאיטי, וועלכע האָט יאָרן לאַנג נאָכאַנאַנד נישט געקאָנט פאַרגעסן די צפון־אַמעריקאַנישע אָקופּאַציע פון איר לאַנד, האָט אונטער רוזוועלטס אַדמיניסטראַציע אײַנגאַנצן געביטן איר שטע־לונג און אויך, ווי עס ווייזט אויס, איר געפיל צו וואַשינגטאָן (אגב, איז דאָ אינטערעסאַנט צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז די קאָנסטיטוציע פון דער היינטיקער רעפּובליק פון האַאיטי זאָל האָבן געשריבן געוואָרן פון פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט מיט עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר צו־ריק — אין 1920 — ווען דער איצטיקער פּרעזידענט איז געווען געהילף פלאָט־מיניסטער). אויב דאָס דאָזיקע איז באמת אַ פאַקט איז נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז דאָס האָט עפּעס צו טאָן מיט די געבעסערטע באַציאונגען צווישן די צוויי לענדער.

נעמט אַזאַ לאַנד ווי ניקאַראַגואַ. די ״אומאָפּהענגיקייט״ פון דעם דאָזיקן פאָלק האָט צייטנווייז אויסגעקוקט ווי אַ חוזק. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק זענען אַהין געשיקט געוואָרן אַמעריקאַנישע מאַרינען צו האַלטן ״אָרדנונג״. וואָס עס מיינט פאַר דעם שטאָלץ און האָנאָר פון אַ פאָלק, ווען אַן אַנדער לאַנד שיקט אַ מיליטערישע עקספּעדיציע איינצושטעלן ״אָרדנונג״, קאָן מען זיך גרינג פאַרשטעלן. אָבער ווען רוזוועלט איז דערווײלט געוואָרן פּרעזידענט צום דריטן מאָל, האָט פּרע־

זידענט אַנאַסטאַסיאָ סאָמאָזאַ דערקלערט אַ צוויי־טאָגיקן נאַציאָנאַלן יום טוב אין לאַנד. דער דאָזיקער פּרעצעדענט רעדט, דאַכט זיך, מער ווי הונדערטער אָביעקטיווע פֿאַקטן.

מען קאָן נאָך אויסרעכענען אַ סך פֿאַלן. איינער — ווי אַזוי, צום ביישפּיל, קובאַ איז פֿון אַן אַנטאַגאָניסטיש, כמעט פֿיינטלעך, לאַנד געוואָרן איינע פֿון צפֿון אַמעריקעס נאָענטסטע פֿריינט — אויך אַ דאַנק רוזוועלטן און — אין דעם פֿאַל — דעם פֿעאיקן דיפּלאָמאַט סאָמנער וועלס. עס זענען געווען צייטן, ווען עס איז געווען זייער גרינג זיך אַריינצומישן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פֿון קובאַ. אין די צייטן פֿון דעם בלוטיקן דיקטאַטאָר מאַטשאַדאָ, אַ שטייגער. אָבער רוזוועלט איז אַ מענטש מיט אַ טאַלק, מיט אַ וואָרט. איינמאָל געלייגט אַ פּראָגראַם פֿון נישט אינטערווענציע, איז נישט אינטערווענציע. האָט זיך עס אין דעם פֿאַל — פּונקט ווי אין פֿאַל מעקסיקאָ און אין אַנדערע פֿאַלן — געלוינט. היינט איז דער קובאַנישער פּרעזידענט, פֿולכענסיאָ באַטיסטאַ, אַ הייסער פֿריינט פֿון רוזוועלטן און פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. און אויב קובאַ, ווי מעקסיקאָ, ווי גוואַטאַמאַלאַ, ווי קאָסטאַ ריקאַ, און ווי אַ טייל אַנדערע שכנים פֿונם קאָנטינענט, קאָנען נישט שיקן קיין באַזונדערע מיליטערישע עקספּעדיציעס קעגן די דייטשן און יאַפּאַנעזער, האָבן זיי אָבער געגעבן אַנדערע הילף, וואָס איז גאָר נישט אָפּצושאַצן. זיי האָבן אויסגערויכערט די פֿינפֿטע קאָלומנעס אין זייערע לענדער, זיי האָבן געגעבן באַזעס פֿאַר אונזערע מיליטערישע צוועקן — צוויי זאַכן, וואָס זענען נישט ווינציקער ווערט ווי מיליטערישע אַרמייען.

אויף ווי וויט די רוזוועלט־פּאָליטיק פֿון גוטן שכן האָט אַריינגעדרונגען אין די מחות און אין די הערצער פֿון די לאַטיין־אַמעריקאַנישע פֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן, איז צו זען פֿון פֿאַל איאַ. ווער איז איאַ, אָדער ווי זיין גאַנצער נאָמען איז — וויקטאָר ראַאול איאַ דע לאַ טאָררע ?

ער איז אַ פּערואַנער, אַ רעוואָלוציאָנער, אַ פֿאַרפֿאָלגטער פֿון זיין רעגירונג פֿאַר די לעצטע פֿיר־און־צוואַנציק יאָר, אַ פֿאַרמשפּטער צום טויט.

פֿאַרוואָס ?

דערפֿאַר, ווי שוין געזאָגט, ווייל ער איז אַ רעוואָלוציאָנער, אַ בונטאַר, אַ קעמפֿער פֿאַר דעם וואָס ער רופֿט פֿרייהייט און יושר. ער איז דער גרינדער פֿון אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען "אַפּראַ" — אַליאַנזאַ פּאָפּולאַר רעוואָלוסיאָנאַריאַ אַמעריקאַנאַ (פֿאַרבאַנד פֿון דער

רעוואָלוציאָנערער אַמעריקע). קיין באַשטימטער מין סאָציאַליזם איז עס נישט. עס איז אַ טיפּישער לאַטיין־אַמעריקאַנישער אַרויסוואוקס פון דער אָנגעוואַקסענער אומצופרידנקייט און אינטעלעקטועלער זור־כעניש. יעדנפאַלס אין זיין לאַנד, אין פּערו, איז די דאָזיקע תורה טרפה און מען רודפט נישט נאָר דעם גרינדער פון דער תורה, דעם גייסטיקן פירער, נאָר אויך די נאָכפאָלגער.

אַיאַ דע לא טאָררע איז שוין געווען אויף דער וועלט. ער האָט שטודירט אין אָקספאָרד אוניווערסיטעט און אין מאָסקווע. ער האָט געהאַט באַגעגענישן מיט די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון דער וועלט, איינגעשלאָסן סטאַלין. ער איז געווען אַ פאַנאַטישער קעגנער פון יעדן סאָרט אימפּעריאַליזם, איינגעשלאָסן דעם יענקישן, וועלכן ער האָט יאָרנלאַנג ביטער באַקעמפט. ערשט די לעצטע צייט האָט ער געביטן זיין מיינונג וועגן אַמעריקע. ער האָט זיך איבערגעצייגט אין רוזוועלטס ערלעכקייט, אין זיין אָפּזאָגן זיך פון עקספּלואַטירן פרעמדע פעלקער. ער איז אַציגד איינער פון די איבערגעגעבנסטע פריינט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. זיין פריינטשאַפט האָט אַ גרויסע ווערט נישט נאָר אין זיין אייגן לאַנד, וואו ער ווערט פאַרערט און געליבט פון ברייטע פאָלקסמאַסן, נאָר אויך אין אַנדערע טיילן פון לאַטיין־אַמעריקע, וואו זיין נאָמען איז ווייט און ברייט באַקאַנט.

מען האָט ליב רוזוועלטן איבער לאַטיין־אַמעריקע. עס איז קיין סוד נישט. ווען דער וויצע־פּרעזידענט הענרי וואַלעס האָט נישט לאַנג צוריק געמאַכט אַ רייזע איבער דרום־אַמעריקע, האָבן די דאָרטיקע פאָלקסמענטשן אויסגעדריקט ליבע נישט נאָר צום גאַסט, נאָר דורכן גאַסט — דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער איז ביי זיי, לויט מר. וואַלעסעס אייגענער באַמערקונג, ״דער סימבאָל פון די באַליבטסטע באַגערן און די טייערסטע וואונטשן און האָפנונגען אויף היינט און אויף נאָך דער מלחמה.״ דאָס, זאָגט וואַלעס, האָט ער געהערט פון דעם אָרימסטן פּויער ביז דעם העכסטן באַאַמטן. אַפילו אין אַרגענטינע איז רוזוועלטס נאָמען גוואַלדיק פּאָפּולער ביי די ברייטע מאַסן. און צווישן רוזוועלטן און דעם פּרעזידענט פון פּאַראַגוואַי, איכיניא מאָריניגאָ, עקזיסטירט אַ רירנדיקע פריינטשאַפט פון גאָר אַן אייגנאַרטיקן סאָרט. עס איז אַ גאַנצע מעשה דערביי.

דער פּרעזידענט פון פּאַראַגוואַי איז נאָך אַ יונגער מענטש. ער איז ערשט אַרום פערציק יאָר אַלט. מיט אַ צייט צוריק (אין 1941) איז זיין זון קראַנק געוואָרן אויף אינפאַנטאַיל פּאַראַליזיס. דער פאָטער איז געווען אַ צובראָכענער מענטש. רוזוועלט האָט זיך וועגן דעם

דערוואוסט און ער האָט געשריבן צום פּאַראַגוואיער פּרעזידענט, אַז ער זאָל שיקן זיין זון קיין וואָרם ספּרינגס, דזשאָרדזשיא, זיך היילן. סעניאָר מאָריניגאָ האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. וואָס פאַר אַ געפילן עס האָבן זיך אין אים דערוועקט צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן קאָן מען זיך משער זיין. און ווי אַזוי אַזאַ זאַך ווירקט אויף אַ פאָלק וועמעס פּרעזידענט ווערט אַזוי באַהאַנדלט, איז אויך נישט שווער צו פאַרשטיין. פון אַזעלכע פאַלן און צופאַלן איז רוזוועלטס נאָמען איבערן קאָנטינענט אויסגעוואַקסן צום גוטן ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער אין דער געשיכטע פון אַ צפון־אַמעריקאַנישן פּרעזידענט בנוגע לאַטיין־אַמעריקע. ווען אַ הויפּט פון אַ לאַטיין־אַמעריקאַניש לאַנד באַזוכט דאָס ווייסע הויז קומט ער דערנאָך אַהיים אַ וואַרימער פריינט פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון דעם גראַנדיעזן לאַנד וואָס מען פלעגט פריער זען אַלס געפאַר פאַר זיך און אַצינד זעט מען עס אַלס אַ קאָנטינענטאַלע שוץ קעגן דרויסנדיקע שונאים.

רוזוועלטס טאַקט און רוזוועלטס געדולד בנוגע אַנדערע לענדער איז אָפט ביטער קריטיקירט געוואָרן פון זיינע פּאָליטישע שונאים. אַפילו זיינע פריינט און אָנהענגער פלעגן נישט איינמאָל פאַראיבל האָבן אויף אים פאַר זיין צו־ווייך, צו־טאָלעראַנט צו דרויסנדיקע עוולות, וואָס האָבן, דירעקט צי אינדירעקט, אָנגעגרירט די פאַראייניקטע שטאַטן. איך מיין, אַז די צייט האָט שוין באַוויזן נישט איינמאָל, אַז דאָרט וואו מען דאַרף קאָן רוזוועלט רעדן מיט באַקצייגער און האַנדלען מיט אַ שטאַרקער האַנט. אָבער נישט אַלעמאָל דאַרף מען עס. נישט ביי יעדער געלעגנהייט קאָן מען עס אָנווענדן. עס איז שוין צייט, אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין, אַז עס איז געזינטער פאַר יעדן צד ווען איין מלוכה מישט זיך וואָס ווינציקער אין די אינטערעסן פון אַן אַנדערער מלוכה. סיידן — סיידן די נעמלעכע אַנדערע מלוכה פּראָוואָצירט בכיוון אַן אינטערווענץ, דורך פאַרשידענע טאָטן.

עס איז זיכער, אַז אַ דערקלערונג פון אַ צפון־אַמעריקאַנישן פּרעזידענט מיט אַזאַ מין אינהאַלט איז נישט צו־אָנגענעם פאַר דעם לאַטיין־אַמעריקאַנישן אויער:

"די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן פאַרבלייבן אין גוטע באַציאונגען מיט יעדן לאַנד וואָס פירט זיך אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין; אָבער מיר וועלן תיכף אינטערווענירן, ווען עס וועט זיין נויטיק אַכטונג צו געבן אויף אַ לאַנד."

דאָס איז אַ דערקלערונג וואָס טעאָדאָר רוזוועלט האָט געמאַכט אין 1904, האָבנדיק אין זין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער.

מען האָט געקאָנט פאַרשטיין דעם כעס וואָס האָט געברענט אין אַ סך אַמעריקאַנישע בירגער ווען פריער צוויי לענדער און נאָכדעם אַן איינציק לאַנד פונם קאָנטינענט האָבן זיך איינגעשפּאַרט און האָבן דווקא געוואָלט ברעכן די איניקייט פון די פּאַן־אמעריקאנישע מלוכות בנוגע דער אקס. היצקעפּ האָבן געוואָלט, אַז וואַשינגטאָן זאָל עפּעס טאָן דערצו: סטראַשען, שיקן נאָטעס, מאַכן אַ באָיקאָט, אָפּברעכן באַ־ציאונגען, א. אז. וו. אָבער רוזוועלט און זיין סטעיט דעפּאַרטמענט האָבן זיך נישט געלאָזט אָנרעדן צו קיין שום דראַסטישע שריט. אַז אַ לאַנד וויל אין אַזאַ קריטישער צייט דווקא זיין "אָריגינעל", קאָן מען עס נישט צווינגען מיט אַ קולאַק צו זיין אַנדערש. די בירגער פון דעם דערמאָנטן לאַנד וועלן סוף כל סוף פּאָדערן אַ חשבון. די גערעכטע שטראָף וועט אויסגעטיילט ווערן. אמת, די האַנט פון דער גערעכטי־קייט איז טיילמאָל עטוואָס צו־לאַנגזאַם, אָבער זי דערגרייכט איר פּונקט. איר געדענקט נאָך די נעמען מוסאָליני פון יענער זייט ים און קאַס־טיזשא און ראמירעז און ראָבער, (אַדמיראַל ראָבער פון מאַרטיניק) פון דער זייט ים? קיינער וועט נישט זאָגן, אַז די האַנט פון דער גע־רעכטיקייט האָט זיי נישט אַוועקגעזעצט אויף די ריכטיקע פּלעצער.

ווען נאָך אין דער געשיכטע פון דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן צפון אַמעריקע און מעקסיקאָ איז געווען אַזאַ אויפריכטיקע פריינטשאַפט צווישן די צוויי פעלקער? ווען נאָך האָט אַ הויפּט פון אַ וואַשינגטאָנער רעגירונג געקראָגן אַזאַ עכט־וואַרימען קבלת־פּנים ווי פּרעזידענט רוזוועלט האָט געקראָגן אין מאָנטערעי מיט אַ צייט צוריק, ווען ער האָט באַגעגנט סעניאָר מאַנועל אַווילאַ קאַמאַטשאָ אויף יענער זייט ריאָ גראנדע ווי אַ גוטער שכן באַגעגנט אַן אַנדערן גוטן שכן אויף זיין ערד? ווען די פּרעזידענטישע פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן אויף מאָנטערעיס הויפּטגאַס, סאראַגאָסא, און דאָס פּאָלק, פון רייך ביז אָרים, איז געשטאַנען אויף די שמאָלע טראָטואַרן און עס האָט, ווי פון איין האַלז אַרויס, געשריגן "וויווא על פּרעזידענטע רוזוועלט! וויווא על פּרעזידענטע אווילא קאמאטשאָ!" — האָט מען נישט גע־דאַרפט קיין בעסערן באַווייז ווי אַזוי דאָס מעקסיקאַנישע פּאָלק פילט וועגן די היינטיקע "גרינגאָס"*) מיט זייער פּרעזידענט.

און ווען נאָך פריער האָט א שטאָט, ווי ניו יאָרק, געפייערט אין סיטי האָל דעם מעקסיקאַנישן באַפרייאונג יום טוב, דעם טאָג פון אומ־

*) גרינגאָ — זידל־וואָרט פאַר צפון־אַמעריקאַנער אין מעקסיקא.

**אָפּהענגיקייט, דעם 16-טן סעפּטעמבער? היינט איז עס מעגלעך. היינט,** מיט די געענדערטע באַציאונגען, מיט דער געענדערטער לאַגע, איז אַלץ מעגלעך. מען האָט געדאַרפט וואוינען אין מעקסיקא אַ לענגערע צייט און אין פאַרשידענע פּעריאָדן, ווי דער שרייבער פון די שורות, אָפּצושאַצן די כסדרדיקע ענדערונג פון מעקסיקאַנישן פאָלק, פון דער מעקסיקאַנישער אינטעליגענץ און, צום סוף, אַפילו פון דער מעקסיקאַנישער פּרעסע, בנוגע דעם גרויסן שכן פון צפון. אויב אַ מעקסיקאַנער האָט אין 1930 אַרויסגעוויזן העפלעכקייט צו אַ "גרינגאָ" (ווייל דער מעקסיקאַנער איז בכלל אַ העפלעכער), האָט ער אים אָבער אין האַרץ נישט ליב געהאַט. שפּעטער, אונטער פּאַרטעס כיל, אבעלאַרדאָ ראָדריגעס און אָרטיס רוביאָ, איז די ליבע נישט געוואַקסן גרעסער. ביי לאַזאַראָ קאַרדענאַס, דעם גוט־מיינענדיקן אָבער עטוואָס קורצזיכטיקן רעוואָלוציאָנער, איז געקומען דער קריזיס. מיט זיין **עקספּראָפּריאַציע** פון דעם אויל, וואָס האָט געהערט צו אַמעריקאַנישע קאָמפּאַניס, האָט געקאָנט געשען בלויז איינע פון די צוויי זאַכן: **אָדער אַ ריס** צווישן די צוויי לענדער — אַן עקאָנאָמישער, **אַ דיפּלאָמאַטישער און** אַפילו אַ מיליטערישער — אָדער אַ געדולדיקע, אויסגעהאַלטענע פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

געשען איז דאָס לעצטע. די עטלעכע צפון־אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן זענען נישט בדלות געוואָרן און וואַשינגטאָן האָט נישט אָפּגעשטויסן פון זיך אַ קומענדיקן גוטן פריינט, ווי אווילאַ קאַמאַטשאָ. דער סוף איז געווען, אַז מעקסיקא צאָלט אַפילו אירע חובות צו די אויל־קאָמפּאַניס — לויט איר אייגענעם גוטן ווילן, ווי אַ סואווערענער שטאַט האָט דאָס רעכט צו טאָן.

נישקשה, וואַשינגטאָן האָט נישט אויף וואָס חרטה צו האָבן. מעקסיקא קאָן, ווייזט אויס, אָפּשאַצן אַ גוטן שכן. נישט נאָר האָט דאָס לאַנד פון די אַצטעקן געטאָן אַ סך אין אויסרויכערן די פינפטע קאָלומנע דאָרטן, נאָר עס האָט, נאָך פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן, אָפּגעבראָכן באַציאונגען מיט יאַפּאַן. עס האָט קאָנפיסקירט דייטשע שיפן. עס שטעלט־צו אָנקל סעם ראָבער (גומע) וואָס איז אַזוי נויטיק פאַר דער מלחמה. זאָל נאָר דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק זיין אַביסל טאַקטישער צו די מעקסיקאַנישע מיטבירגער אויף דער זייט ריאָ גראַנדע; זאָל נאָר די דיסקרימינאַציע אין דער סאַוט־וועסט אַביסל אויפהערן, דאַן זענען פאַראַן אַלע מעגלעכקייטן, אַז די באַציאונגען צווישן די צוויי פעלקער וועלן באמת ווערן פריינטלעכע און ברידערלעכע, ווי עס דאַרפן זיין די באַציאונגען פון צוויי אַזעלכע נאָענטע שכנים.

און וואָס איז נוגע מעקסיקאָ איז נוגע טשילע. איר פּריינטשאַפּט האָט אונז נישט נאָר געבראַכט די פּאַרזיכערונג פון אירע פּאַציפישע ים־ברעגן (וואָס זענען לענגער ווי די פון די פאַראייניקטע שטאַטן), נאָר זי העלפט אונזערע פאַרמערס באַשפּייזן אונזער באַפעלקערונג מיט ליפערן דעם אזוי בויטיקן ״סאָדיום נייטרעיט״ פאַר די פעלדער. בראַזיל, דער לאַיאַלער פריינט, שטעלט־צו מאַנגאַנעז, ביסמוט, אייזן, בלעך, גומע, בעריליום, וועדזשעטעיבל־אויל, און אַנדערע וויכטיקע זאַכן. דאָס זעלבע, אָדער כמעט דאָס זעלבע, קאָן געזאָגט ווערן וועגן אַ גרויסן טייל פון די צוואַנציק רעפּובליקן פון דרום און צענטראל אמע־ריקע. נאָך קיינמאָל נישט פריער האָט געהערשט אַזאַ צוטרוי פון יענע לענדער צו אַנקל סעם. פון אַלע זייטן, פון מעקסיקאָ, פון ווענע־זועלאַ, פון טשילע, פון פּערו, א. אז. וו. קומען איינלאַדונגען, אַז דער רייכער אַנקל זאָל אינוועסטירן קאַפּיטאַל אין זייערע לענדער. מען האָט נישט קיין מורא, אַז וואַשינגטאָן זאָל פאַרכאַפּן מערק, אינדוסטריעך, טעריטאָריעס. מען געטרויט אַצינד וואַשינגטאָן — אַ זאַך וואָס האָט שוין נישט עקזיסטירט יאָרן און יאָרן.

און מען זאָל נישט מיינען, אַז די דאָזיקע פריינטשאַפט און דער צוטרוי איז אינגאַנצן אָן איינזייטיקער. ערשט נישט לאַנג צוריק איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אַ גרופּע רעפּרעזענטאַנטן פון קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן וועט אינגיכן אַריינטראָגן אַ רעקאָמענדאַציע אין קאָנגרעס, אַז עטלעכע דרום אמעריקאַנישע לענדער, דערהויפּט בראַזיל, זאָלן קריגן פון אַנקל סעם אַ מתנה עטלעכע קריגשיפן באַלד נאָך דער מלחמה. די דאָזיקע שיפן וועלן דינען דעם געמיינזאַמען צוועק פון פאַרהיטן דעם קאָנטינענט פון דרויסנדיקע שונאים. דאָס איז זייער אַ וויט־גייענדיקער שריט און ער דאַרף באַגריסט ווערן פון אַלע וואָס ווילן זען האַרמאָניע און שלום אויף דער זייט ים.

דאָס אַלץ איז נישט געוואָרן איבער נאַכט. עס האָט גענומען דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע עלף יאָר צייט דאָס צו דערגרייכן. און ווען עס קומען מענטשן, ווי סענאַטאָר היו באַטלער, און ווילן איבער־קערן דעם עמער מילך מיט איין מאָך פונם פוס, איז עס אַ גרויסער ווייטיק. אַפילו ווען דאָס וואָס ער זאָגט זאָל זיין אמת, אַז די פאַר־אייניקטע שטאַטן האָבן אינוועסטירט אַ קאַפּיטאַל פון זעקס ביליאָן דאָלאַר אין לאַטיין־אַמעריקע, וואָלט ער אויך געמעגט האָבן אַביסל מער געדולד און אונטערוואַרטן מיט זיין באַשולדיקונג. אפשר וועט עס ברענגען רעזולטאַטן וואָס וועלן ווערט זיין מער. און אַביסעלע מער טאַקט פון אַ סענאַטאָר אין אַזאַ דעליקאַטער צייט ווי די היינ־

טיקע האָט מען דאָך אויך דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען. בפרט, אַז די גאַנצע מעשה מיט די זעקס ביליאָן איז נישט ריכטיק. דער סענאַטאָר האָט זיך פאַרחשבונט אין די ציפערן אין איינער פון די לאַטיין־אַמע־ריקאַנישע הויפּטשטעט וואָס ליגן טויזנטער פוס איבערן ים, און וואו דער געדאַנק איז אַביסל צו־שיטער און לויפּעריש.

מען קאָן נישט פאַרענדיקן אַ קאַפּיטל פון דעם אמעריקאנישן קאָנ־טינענט און דורכלאָזן קאַנאַדע. כאָטש עס זענען קיינמאָל נישט געווען די זעלבע פּראָבלעמען מיט די אַלע קאָמפּלעקסן ווי מיט די אַנדערע מלוכות פון דרום, איז פונדעסטוועגן כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אויך מיט דעם שכן פון צפון זענען די באַציאונגען קיינ־מאָל נישט געווען בעסער ווי היינט. דער אויפנעם, וואָס רוזוועלט האָט געקראָגן אין קוויבעק און אין אטאווא, אין אויגוסט, 1943, רעדט פאַר זיך אַליין. בלויז די קעניגלעכע פּאָר פון דעם מוטער־לאַנד, ענגלאַנד, האָט זיך געקאָנט פאַרמעסטן מיט דעם כבוד וואָס מען האָט רוזוועלטן אָנגעטאָן און מיט דער ליבע וואָס מען האָט אים אַנטקעגנ־געטראָגן. עס איז ווידער די זעלבע זאַך: עס זענען נישטאָ קיין נסים אויף דער וועלט. מען שניידט דאָס וואָס מען פאַרזייט. און פרענקלין ד. רוזוועלט האָט פאַרזייט גוטע פרוכט, פיינע קערנער, צוגעפּאַסט צו דער היינטיקער צייט. דאָ ליגט דער שליסל צו דעם גאַנצן רעטעניש וואָס איז דורכאויס נישט קיין רעטעניש.

ווי האָט געזאָגט דער ניין־יאָריקער פרענסיס מק׳מאנוס נאָכדעם ווי ער האָט געהערט רוזוועלטן רעדן אין אטאווא:

״ער זעט אויס ווי אַ גרויסער מענטש דאַרף אויסזען, דערצו איז ער נאָך אַ גוטער רעדנער. איך האָב געקאָנט הערן יעדעס וואָרט וואָס ער האָט געזאָגט.״

נישט נאָר הערט מען וואָס רוזוועלט זאָגט, נאָר מען פאַרשטייט עס. און נישט נאָר פאַרשטייט מען עס, נאָר מען דערפילט עס אַזוי, אַז נאָך אַזאַ אמת איז שוין שווער צו געפינען.

# רוזוועלט און ווילסאָן

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט פאַר־רעכנט אַלס די עלטסטע פּאָליטישע פּאַרטיי אין לאַנד. דאָס אַליין איז שוין אַ שטיקל יחוס. דער יחוס אירער ווערט נאָך אָבער גרעסער דער־מיט וואָס איר גרינדער איז געווען טאָמאָס דזשעפערסאָן, איינער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן וואָס דאָס יונגע לאַנד האָט ארויסגעגעבן. און פון דאמאָלס אָן — פון 1792, ביזן היינטיקן טאָג — ציט זיך אַ קייט פון מענטשן וועמעס נעמען האָבן באַשיינט און באַקרוינט די דאָזיקע פּאַרטיי.

עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט ביי איר גרינדונג געהייסן די ״רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי״ — אַ נאָמען וואָס איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו דער צווייטער גרויסער פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער אין יענער צייט האָט דער נאָמען ״רעפּובליקאַניש״ געהאַט אַ באַזונדערן באַדייט. עס האָט געמיינט אַנטי־קעניגלעך, אַנטי־מאָנאַרכיסטיש. ווייל אין יענער צייט, אין סוף פונם אכצנטן יאָרהונדערט, האָט נאָך די קייזער־און־קעניגלעכע אינדוסטריע געבליט אין אייראָפּע און אין אַזיע און טיילווייז אפילו אויף דעם אַמע־ריקאַנישן קאָנטינענט. מיט דעם נאָמען ״רעפּובליקאַניש״ האָט דערי־בער טאָמאָס דזשעפערסאָן בכיוון געוואָלט אונטערשטרייכן זיין אַנט־שלאָסנקייט, אַז די נייע רעפּובליק, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט באַ־פרייט פון אַ מאָנאַרכיסטישער מאַכט, וועט פאַרבלייבן געטריי צו אירע פּרינציפּן, וועט פאַרבלייבן אַ לאַנד בלויז פאַרן פאָלק.

און עס איז טאַקע געווען דאָס גליק פאַרן לאַנד, וואָס איז זיך מיט דער צייט צעוואַקסן אין דעם רייכסטן און מעכטיקסטן שטאַט אין דער וועלט, וואָס עס זענען אין יענע ערשטע טעג פון געבורט געשטאַנען ביים רודער אַזעלכע מענטשן ווי דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, טאָמאָס דזשעפערסאָן, דזשעימס מעדיסאָן. יעדער פון זיי האָט געקאָנט זיין אַן אוואַנטוריסט און אַ מאַכט־זוכער, און יעדער פון זיי וואָלט מסתמא געהאַט גענוג מיטלען און וועגן צו פאַרווירקלעכן אַזעלכע אַמביציעס און זיך קרוינען פאַר אַ זעלבסטהערשער. אַזעלכע זאַכן זענען נישט

אומבאַקאַנט דער געשיכטע. אזעלכע זאַכן זענען פון די מעגלעכסטע דערשיינונגען ביי אזעלכע אומשטענדן. אויב דאָס האָט אָבער נישט פּאַסירט און די פאַראייניקטע שטאַטן זענען געוואָרן דאָס, וואָס זיי זענען היינט—אַ פרייע און מעכטיקע רעפובליק—איז, ווי געזאָגט, וואָס דער גורל האָט איר צוגעשפּילט און אירע פּאָטערס זענען געווען אידעאַליסטן פון דעם ריינסטן סאָרט.

טאָמאָס דזשעפערסאָן, אָדער דער "לאַנגער טאָם", ווי מ'האָט אים גערופן, פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ. ער איז צום בעסטן כאַראַקטע־ריזירט געוואָרן פון זיך אליין. און דווקא אין געציילטע ווערטער. "דאָ ליגט באַערדיקט טאָמאָס דזשעפערסאָן," — האָט ער אַליין צוגע־גרייט דעם אויפשריפט פאַר זיין מצבה, — "דער אויטאָר פון דער דעק־לאַראַציע פון דער אמעריקאנער אומאָפּהענגיקייט, פון דעם סטאַטוט פון ווירדזשיניא פאַר רעליגיעזער פרייהייט, און דער פּאָטער פון דעם אוניווערסיטעט פון ווירדזשיניאַ."

דאָס איז דער תמצית פון אַ מענטשס לעבן. און — גלויבט מיר — עס איז שוין איינמאָל אַ תמצית!

דער קליין-געוויקסיקער דזשעימס מעדיסאָן, וועלכער האָט אַכט יאָר פאַרנומען די פּרעזידענט־שטול אין וואַשינגטאָן, איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע פּרעזידענטן וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן ארויסגעגעבן. כאַראַקטעריסטיש איז וואָס ער האָט שטודירט אין פּרינסטאָן, פון וואַנען נאָך אַ גרויסער דעמאָקראַטישער פּרעזידענט איז ארויסגעקומען — וואודראו ווילסאָן. זאָל ניו דזשוירזי זיין שטאָלץ, כאָטש ביידע, מעדיסאָן און ווילסאָן, זענען געבוירן געוואָרן אין וויר־דזשיניאַ.

אזוי גייט אַ צעטל פון גרויסע נעמען און פון גרויסע דערגרייכונ־גען. דזשעימס מאנראָו, דער ערשטער וואָס האָט געלייגט דעם פונ־דאַמענט פאַר קאָנטינענטאלער זיכערקייט קעגן די לענדער פון אנדערע קאָנטינענטן. ענדריו דזשעקסאָן, אפשר איינער פון די צוויי קאָליר־פולסטע פּרעזידענטן וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן ארויסגעגעבן. דזשעימס פּאָלק — ווערט אַרויסגערעדט פּאָוק—וועלכער איז שוין דער־מאָנט געוואָרן אין דעם בוך. וואודראָו ווילסאָן און פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט.

מענטשן האָבן אַ שוואַכקייט צו מעסטן די גרויסקייט אָדער קליינ־קייט פון אַנדערע, ווי מען מעסט אָן אַ בגד אויפן לייב. עס איז דער־ריבער נאַטירלעך, אַז עס זאָל אָפּט פאַלן די פראַגע: ווער איז געווען גרעסער — ווילסאָן, צי רוזוועלט? אַז ביידע זענען פון די גרעסטע

פּרעזידענטן וואָס זענען ווען עס איז געזעסן אין ווייסן הויז — דאָס שטימט מען איין. אָבער — ווער איז פּאָרט גרעסער?

ווען עס זאָל זיין דערלויבט זיך אַ וויצל צו טאָן אינמיטן פון אַן ערנסטער ארבעט, וואָלט, דאַכט זיך מיר, דער פּאַסיקסטער ענטפער גע־דאַרפט זיין: זיי זענען ביידע גרעסער. ווייל ביידע, סיי ווילסאָן און סיי רוזוועלט, זענען, פאַר אַלעם, אידעאַליסטן פון דעם עכטסטן מין. ביידע מענטשן פאַרנעמען גלייך דעם צער פון דער מענטשהייט. ביידע וואָלטן מי יודע וואָס מקריב געווען אײַנצושטעלן אַ בעסערע וועלט. בלויז די מעטאָדן זענען ביי זיי נישט אַלעמאָל גלייך. אָבער דאָס איז פאַרשטענדלעך. ווייל די פּערזענלעכקייטן זענען אַזוי אַנדערש און פאַרשידנאַרטיק. ווילסאָן איז דער ראָמאַנטיקער און דער בעל־חלום. רוזוועלט איז דער רעאַליסט און וואַכער. ווילסאָן האָט אין זיין גרויסן אידעאַליזם אויסגעחלומט אַ נייע וועלט, אין וועלכער מענטשן זאָלן קאָנען לעבן — טאַקע ווי מענטשן וואָלטן באַדאַרפט לעבן: האַרמאָניש און פרידלעך. אָבער ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן שיינעם און נאָבעלן חלום האָט ווילסאָן נישט געוואוסט. און אפילו ווען ער ווייסט, וואָלט ער אויך געווען אוממעכטיק עפּעס צו טאָן, כאָטש ער האָט געטראָגן דעם טיטל פון פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע.

פרענקלין ד. רוזוועלט חלומט אויך פון אַ שענערער און בעסערער וועלט. אָבער די פליגל פון זיין פאַנטאַזיע זענען ארומגעזוימט מיט רעאַליסטישע פעדערן. רוזוועלט ווייסט וואו זיך אָפּצושטעלן. ער ווייסט וואו עס הערט־אויף די אוטאָפּיע און וואו עס הויבט זיך אָן די מעגלעכקייט פאַר אַ שיינער געזעלשאַפט. דאָס איז דער גרונט־אונ־טערשיד צווישן די צוויי גרויסע דעמאָקראַטישע פּרעזידענטן. אויסער דעם גייען זיי זיך צוזאַמען און פונאַנדער אין אַן אַ שיר זאַכן, כאָטש ביידנס שטרעבן און ביידנס ציל איז אין תוך אַזוי אלצאיינס.

פאַר אַלעם איז וויכטיק כסדר צו האָבן אין זינען, אַז ווילסאָן האָט געהאַט צו טאָן מיט אַן אַנדער דייטשלאַנד איידער רוזוועלט. וועלן דערפאַר אַראָפּפאַלן אַ סך טענות וואָס מען האָט צו דעם פּרעזידענט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַר זיין פאַרהעלטניסמעסיק מילדער שטעלונג צו איר. אמת, דאָס פּרייסישע יונקערטום האָט שוין דאַמאָלס געשאַרפט די ציין נאָך פרעמדע טעריטאָריעס און נאָך פרעמדע מאַרקן. קייזער ווילהעלם האָט טאַקע געוואָלט אַ "גראָס דויטשלאַנד". אָבער די אמביציעס זענען דאָך נישט געווען אַזוי אַנגעשוואָלן ווי הײַנט. עס איז טאַקע דאַמאָלס אויך געווען "דייטשלאַנד איבער אַלעס", אָבער נישט

אויף אַזאַ משוגענעם אופן ווי היינט. ווילהעלם האָט געחלומט פון אַ באַן־ליניע בערלין־באַגדאַד. היטלער האָט פאַרחלומט אַ באַן־ליניע בערלין־טאָקיאָ. ווילהעלם האָט אינדערשטיל געחלומט ווען נישט איז זיך אויסצוגלייכן מיט ענגלאַנד אויף די ימען. היטלער האָט געוואָלט רעדוצירן די בריטישע אימפעריע אַלס זיין אונטערטאַן און איר מעכ־טיקן פלאָט — אַלס זיין יאַכט־שיף. דאָס דייטשלאַנד פון קייזער וויל־העלם האָט נישט געהאַט איינגעפירט קיין ראסן־טעאָריעס, קיין קאָנ־צענטראַציע־לאַגערס פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג, קיין אינקווי־זיציע־מכשירים, קיין גאַז־קאַמערן. ווילהעלמס דייטשלאַנד האָט דאָ און דאָרטן אַרויסגעוויזן די כאַראַקטעריסטישע פרייסישע אכזריות אויף די שלאַכטפעלדער אָדער אין די מלחמה־זאָנעס. די מיליטערישע אָקו־פאַנטן האָבן דאָ און דאָרט אויסגעהרגעט עטלעכע צענטליק ציווילע מענטשן פון די פאַרנומענע טעריטאָריעס. אָבער אין פאַרגלייך מיט דער נאַצישער סיסטעמאַטישער, אויסגערעכנטער, קאַלטבלוטיקער אויס־מערדערונג פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, ציווילע און מילי־טערישע געפאַנגענע, איז דאָך דאָס דייטשלאַנד פון קייזער ווילהעלם געווען אַ רואיק, שטיפעריש לעמעלע.

דאָס דאַרף מען געדענקען, ווען מען קריטיקירט ווילסאָנס הומאַ־ניטאַרן צוגאַנג צו אַ געשלאָגענער דייטשלאַנד פון 1918.

ווילסאָנס שולד איז אַ סך באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט גע־האַט אומבאַגרעניצטן צוטרוי צו זיך. זיין הומאַניטאַריש געפיל האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז זיינע פערצן פונקטן וואָס ער האָט אַרויס־געשטעלט אַלס באַזע פאַר פאַרהאַנדלונגען מיטן נעכטיקן שונא זענען גוטע און גערעכטע; אַז זיין אידעי פון וועלט־פאַרברידערונג (די ליגע פון פעלקער) איז אַ פיינע. אויב אַזוי, איז צו וואָס צוויפלען, אַז אַלע וועלן דאָס תיכף איינזען און אים העלפן אין דער נאָבעלער אַרבעט? ווילסאָן איז געווען אַ פּראָפעסאָר, אַ בוך־מענטש, אַ וויזיאָנער. ער האָט געהאַט אין זיך די פאַטענצן פון אַ משיח, אַן אויסלייזער. צום באַ־דויערן איז ער געווען צו־ווינציק באַקאַנט מיט דער פסיכאָלאָגיע פון דעם מאַסן־מענטש און אפילו מיט דעם האַלבן אינטעלעקטואַל און האַלבן געזעצמאַכער. אים איז שווער געווען צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער אַמעריקאַנישער סענאַט האָט נישט געוואָלט ראַטיפיצירן זיין שלום. ער האָט נישט געקאָנט באַנעמען פאַרוואָס מען האָט אָפּגעוואָרפן זיין פּלאַן פאַר אַ פעלקער־ליגע. ער האָט נישט געקענט דאָס מיטל־מענטשעלע. דאָס איז אַ מענטשעלע פון גאָר אַ באַזונדערן מין. דאָס איז אַ מענטשעלע וואָס איז תמיד אויסגעהונגערט נאָך מאַכט און פרעסטיזש. דאָס מיטל־מענטשעלע וואָס שטעלט צוזאַמען די אַמעריקאַנישע געזעץ־אינסטי־

טוציעס וויל בלויז איין זאַך: מען זאָל זיך מיט אים רעכענען. פרעג מיך און איך וועל דיר אנטקעגנקומען מיט אַן ענטפער וואָס וועט דיר געפעלן. אבי פרעג מיך. אבי רעכן זיך מיט מיר . . .

וואודראָו ווילסאָן איז באַגאַנגען דעם דאָזיקן טעות. ער האָט זיך נישט אָנגעפרעגט ביי קיינעם. זיין געוויסן איז געווען ריין. ער ארבעט פאַר אַ גוטן ציל. פאַרוואָס זאָל מען עפּעס נישט זיין איינשטימיק מיט אים? ער וויל זיך דען דערווערבן פּערזענלעכע מאַכט? ער ארבעט דאָך בלויז פאַר דער מענטשהייט — פאַר דער גאַנצער מענטשהייט! . . .

איז דאָס געווען נאאיוויטעט? אפשר איז עס נישט טאַקטיש אזוינס צו זאָגן. אַן עלעמענט פון נאאיוויטעט האָט עס זיכער פאַרמאָגט, אָט זיין איינגעגלויבטקייט אין זיך און אין דעם וואָס ער האָט געטאָן. איז ווידער דאָס זעלבע: ער האָט נישט געקענט קיין מענטשן. ער האָט נישט געקאָנט פאָראויסזען ווי אזוי זיינע האַנדלונגען וועלן אויפגענומען ווערן פון אנדערע. ער האָט נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט איינזען, אַז די האַנדלונגען פון אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווערן כסדר דורכגענומען פון דעם פאָלקס עקס־רעי שטראַלן. און ווילסאָנס פאַל איז עס געווען אַן עקס־רעי פון דער גאַנצער וועלט. ווען איין מענטש, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע ער זאָל נישט פאַרנעמען, רעדט אינם נאָמען פונם לאַנד און פונם פאָלק, מוז ער האָבן דעם לאַנדס צושטימונג דערצו, דעם פאָלקס גוטן ווילן. קומען צו העכער הונדערט מיליאָן בירגער און זיי זאָגן, אַז איך האָב אויפגעטאָן אזוינס און אַזעלכס אין אייער נאָמען — האָט נישט געשטימט מיט דעמאָקראַטיע, זיכער נישט מיט דער דעמאָקראַטיע פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע.

ווילסאָן איז געווען דער גרויסער מייסטער פון רעטאָריק. ער איז פשוט געשוואומען אין שיינע ווערטער און אין געפליגלטע פראַזן. ווען ער האָט, אַ שטייגער, דעם 11־טן אויגוסט, 1917, געזאָגט צו די אָפיצירן פון דעם אטלאַנטישן פלאָט, אַז "דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט יונגע מענטשן, און כאָטש איך האָב עס זיי קיינמאָל נישט צוגעגעבן, האָב איך אָבער געלערנט פון זיי אַ סך מער איידער זיי פון מיר," האָט ער עס געמיינט. פונדעסטוועגן, ווען עס איז געקומען צו באַשליסן גרויסע זאַכן, זאַכן פון אַ וועלט־פאַר־נעם, האָט ער אין מערסטע פאַלן געשטעלט אויף זיין אייגענעם חוש, אויף דעם אופן ווי ער אליין האָט געזען אַ סיטואציע.

רוזוועלט איז אויך אַ מאַן מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. ער איז אויך איינגעגלויבט אין זיך סיי אַלס פּאָליטיקער, סיי אַלס הומאַני־טאַריער. מענטשן אין אַזאַ פּאָזיציע קאָנען זיך נישט שפּילן אין איבער־געטריבענער באַשיידנקייט. אָדער זיי נוצן אויס די מאַכט וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן און עס ווערט עפּעס געטאָן אָדער עס ווערט גאָר־נישט געטאָן. פונדעסטוועגן קאָנען די פּאַרביסנסטע פּאָליטישע קעגנער רוזוועלטס נישט קומען און זאָגן, אַז ער פירט זיך ווי אַן אויטאָקראַט, ווען עס קומט צו אַנטשיידנדיקע פראַגעס פאַרן לאַנד. אויב עס זענען ביי דער אָדער יענער ברענענדיקער געלעגנהייט פאַראַן עטלעכע ״קרענקס״ וואָס קריטיקירן דעם פּרעזידענט פאַר דער אָדער יענער זאַך, איז דאָס נישט מער ווי אַ קול אין דעם מדבר. נישט זיי פאַר־טרעטן עמיצן, נישט עס הערט זיך ווער צו צו זיי. ווייל דער אמת איז, אַז ביז איצט האָט פּרעזידענט רוזוועלט ביי יעדן נאַציאָנאַלן קריזיס געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיט די סענטימענטן פון דעם אמע־ריקאַנישן פאָלק. איך זאָג: ביז איצט. ווייל רוזוועלט האָט נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט זיין עובדא פון קירעווען די שיף וואָס טראָגט דעם נאָמען ״אָנקל סעם״. ער איז ערשט אינמיטן וועג. אינמיטן די שטורעמ־דיקע כוואַליעס פון די געשעענישן.

ווילסאָן איז געווען אַן איינגעשפּאַרטער מענטש. טיילמאָל — שוין צו־איינגעשפּאַרט. באַזונדערס ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּרינציפּ. דאמאָלס איז ער געווען אומקאָמפּראָמיסלעך. עס איז געווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די זיגערס זענען געזעסן ביי די גרויסע לאַנד־קאַרטעס און האָבן צעשניטן לענדער ווי מען צעשניידט טאָרטן אויף אַ שמחה. די סאַרווערס זענען געווען אין אַ גוטער שטימונג און מען האָט געטיילט שטיקער ערד, פּאָרטן, באַפעל־קערונגען מיט אַ ברייטער האַנט. מען איז צוגעקומען צו פיומע, אַ פּאָרט ביים אַדריאַטישן ים. וועמען זאָל מען עס געבן? עס האָבן זיך געשטרעקט אַ סך הענט נאָך דעם. איטאַליע, איינע פון די הויפּט־שותפים פון די דאַמאָלסדיקע ״עלאַיס״, האָט געוואָלט דעם פּאָרט פאַר זיך. אָרלאַנדאָ, דער איטאַליענישער פּרעמיער און אַ מיטגליד פון די ״גרויסע פיר״ (ווילסאָן, קלעמאַנסאָ, לאָיד דזשאָרדזש און אָרלאַנדאָ), האָט איינגעלייגט וועלטן. אָבער ווילסאָן איז געבליבן איינגעשפּאַרט. דער פּאָרט איז דאַן אָפּגעגעבן געוואָרן דער פאַרגרעסערטער סערביע, אָדער יוגאָסלאַוויע. קלוג, צי נישט — ווילסאָן האָט געמיינט, אַז ער האַנדלט מיט יושר. איטאַליע האָט געהאַט אַנדערע פּאָרטן. איטאַליע האָט געהאַט דעם מיטללענדישן ים. יוגאָסלאַוויע, דער ערשטער קרבן פון יענער וועלט־מלחמה, האָט זיך גענויטיקט אין אַ גרויסן פּאָרט.

ווילסאָן, דער בעל־יושר, האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט קיין אנדערער זאַך.

און אָט איז אַן ענלעכער פּאַל פאָרגעקומען מיט רוזוועלטן פאַר אונזערע אויגן. גענעראַל שאַרל דע גאָל איז איצט דער אנערקענטער פירער פון די פראַנצויזן אויסער דער אָקופּירטער טעריטאָריע. לויט אַלע מאָסן מיט וואָס מען קאָן מעסטן אַזאַ זאַך איז ער אויך פּאָפּולער און באַליבט פון די גרויסע פאָלקסמאָסן אין פראַנקרייך גופא. אָבער רוזוועלט איז אַלץ נישט געווען זיכער אין דעם און ער האָט זיך אָפּגע־זאָגט אים צו אנערקענען אַלס דעם הויפּט פון דער פראַנצויזישער רע־גירונג. אַלס פירער און איניציאַטאָר פון די פרייע און קעמפערישע פראַנצויזן — יאָ. אַלס מיליטערישער קאָלעגע אין אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן אַ געמיינזאַמען שונא — יאָ. אָבער צי ער קאָן אויך רעדן אין נאָמען פון גאַנץ פראַנקרייך פּאָליטיש — אין דעם האָט רוז־וועלט געצווייפלט. דאָס דאָזיקע צווייפלען זיינס האָט אים געקאָסט אַ סך פּרעסטיזש — סיי אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד. עס האָט אים שוין פאַרשאַפט שונאים אויך — ביי די מעגלעך נייע בויער פון דעם באַנייטן פראַנקרייך. רוזוועלט האָט דאָס אַלץ געוואוסט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט האַנדלען אנדערש ווי ער האָט געהאַנדלט. עס איז אַ פּרינציפּ־זאַך. דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט אָפיציעל נישט געגעבן דע גאָלן דעם מאַנדאַט צו רעדן אין זיין נאָמען. צוליב ארויפ־געצוואונגענער הערשאַפט און זעלבסטקרוינונג קומט אייגנטלעך פאַר דער גאַנצער שווערער, בלוטיקער קאַמף. אמת, עס איז דאָ אַן אונטער־שיד צווישן דע גאָלן און פּעטעין, שוין נישט דערמאָנענדיק לאַוואַל אין איין אָטעם מיט דע גאָל. רוזוועלט ווייסט עס. עס איז דאָ אַן אונ־טערשיד צווישן דע גאָלן און באַדאָליאָן, וועלכער האָט אויך קיינמאָל נישט געקראָגן קיין מאַנדאַט פון דעם איטאַליענישן פאָלק. רוזוועלט פאַרשטייט עס. אָבער ווייל דע גאָל איז כמעט אַן אייגענער מענטש מיט וועלכן מען דאַרף נישט פּראַוון דעם געצוואונגענעם פּאָליטישן שאַך־שפּיל ווי מיט אנדערע קאָן מען זיך פאַרגינען צו זיין אויפריכטיק און האַנדלען אין איינקלאַנג מיט די הומאַניטאַרע צילן פאַר וועלכע מען קעמפט און פון וועלכע גענעראַל דע גאָל איז אַן אַנהענגער.

ווילסאָן האָט געהאַט איין גרויסן "חסרון" ביי די אַמעריקאַנער פּאָליטישנס. ער איז געווען אַן אינטעלעקטואַל. אין אייראָפּע איז אַזאַ זאַך נישט קיין עבירה. דאָ איז עס אַן אומפאַרגיבלעכער חטא. אַלע פּעלערן וואָס יעדער שטערבלעכער קאָן באַגיין שרייבט מען צו צו דעם אינטעלעקטואַליזם. וועגן רוזוועלטן קאָנען אַפילו די פּאָליטישנס וועלכע באַרימען זיך, אַז זיי האָבן קיינמאָל קיין בוך נישט איבערגע־

לייענט, אזוינס נישט זאָגן. אַז רוזוועלט איז נישט קיין פּראַסטאַק אַ מענטש נעמט מען אָן. אַז מען קאָן מיט אים נישט פאַרשעמט ווערן ביי לייטן, קאָן מען נאָך אַרונטערשלינגען. אָבער קיין אינטעלעקטואַל איז ער, חלילה, נישט. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

און ווייל ער איז נישט קיין אינטעלעקטואַל, נאָר אַ פּראַקטישער מענטש, מיט אָפענע אויגן, מיט אַן אָפענעם מח, קאָן ער זיך פאַר־גינען און ארויסקומען מיט אַזאַ דערקלערונג וואָס ער האָט געמאַכט פערזענלעך ביי דעם 78־טן קאָנגרעס, דעם 7־טן יאַנואַר, 1943:

„עס איז קלאָר, אַז אויב דייטשלאַנד און איטאַליע און יאַפּאַן — אָדער יעדע איינע פון זיי — זאָלן בלייבן באַוואָפנט נאָך דער איצטיקער מלחמה, אָדער מען זאָל זיי געבן די דערלויבעניש זיך ווידער צו באַוואָפענען, וועלן זיי זיך אומפאַרמיידלעך ווידער אַמאָל אַוועקלאָזן אויף דעם וועג פון וועלט־פאַרכאַפּונג.

„זיי מוזן אנטוואָפנט ווערן און געהאַלטן ווערן אנטוואָפנט, און זיי מוזן אויפגעבן די פילאָזאָפיע, און די לערע פון דער דאָזיקער פי־לאָזאָפיע, וואָס האָט געבראַכט דער וועלט אַזוי פיל ליידן.“

דאָס האָט געזאָגט רוזוועלט דער פּראַקטיקער. וואָלט עס אויך געקאָנט זאָגן ווילסאָן דער „אינטעלעקטואַל“? קאָן זיין, אַז יאָ. האָט דאָך דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט אַזוי פיל מאָל באַוויזן, אַז ער האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן חוש פאַר דערווירקלעכקייט. נישט מער: עס זענען געווען אַנדערע צייטן — לייכטזיניקערע, וואָלט איך געזאָגט, און מען האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צו־להכעיס שפּילן. דאָס בלוט־באָד איז נישט געווען אַזוי גרויס. דער וועלט־חורבן האָט, אין פאַר־גלייך מיט היינט, אויסגעקוקט ווי אַ קינדער־שפּיל. דאָס אמעריקאַנישע פאָלק איז געווען מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר יינגער. און פּאָליטיש — מיט הונדערט יאָר אָפּגעשטאַנענער ווי היינט. אַ קריזיס רייפט אַ יחיד ווי אַ כלל. דאָס אמעריקאַנישע פאָלק האָט טאַקע נישט דורכ־געלעבט קיין באַמבאַרדירונגען אויף שטעט און אויף די היימען. דער־פאַר ווייסט יעדע פאַמיליע וואָס עס טוט זיך אויף די שלאַכטפעלדער דורך אירע נאָענטסטע פאַרטרעטער. און די מערסטע ווייסן, אַז געע־קומען איז דאָס אומגליק צום גרויסן טייל דערפאַר וואָס די אידעי פון זייער גרויסן פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

וועט מען עפּעס אָפּלערנען דערפון? עס איז צו האָפן, אַז יאָ. דער איצטיקער פּרעזידענט, פרענקלין ד. רוזוועלט, וועלכער קאָן באַצייכנט ווערן אַלס די גליקלעכע פאָרזעצונג פון ווילסאָנען, איז אַ

גוטער שילער. "נאַציעס, ווי יחידים, באַגייען טעותן." — האָט ער אין אָקטאָבער, 1943, געזאָגט צום קאָנגרעס. "מיר דאַרפן זיין גרויס גענוג צו אנערקענען אונזערע טעותן פון דער פאַרגאַנגענהייט און זיי אויסבעסערן."

מען באַשולדיקט ווילסאָנען, אַז ער האָט אליין אויסגעאַרבעט נישט נאָר די פערצן פונקטן, און וואָס ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי אָננעמען ביז צום סאַמע פּינטל, נאָר אַז ער האָט אויך אויס־געפאַנטאַזירט אויף זיין רייכער פאַנטאַזיע ווי אַזוי די קומענדיקע אייראָפּע זאָל אויסזען און ער האָט דאָס אַלץ איבערגעזעצט אויף זיין שיינער שפּראַך און אויף זיין רייכן סטיל. ווילסאָן, האָלט מען, איז געווען אויטאָקראַטיש אין זיין צוגאַנג צו אַנדערע מענטשן, וועלכע זענען אויך נישט געווען אַבי־ווער. אויב דאָס איז אמת, קאָן מען דאָס זעלבע זיכער נישט זאָגן וועגן דעם איצטיקן פּרעזידענט. פראַנקלין ד. רוזוועלט איז אין דעם זין ברייט און טאָלעראַנט ווי זיין באַרימטער שמייכל. ער איז גרייט זיך צו טיילן מיט דעם כבוד אי מיט טשוירטשילן, אי מיט האַלן, אי מיט וועמען עס זאָל נישט זיין. עס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן, אַז אַ פּרעזידענט זאָל אַזוי אַרויפשטופּן זיין ערשטן מיניסטער צום אויבן־אָן, ווי עס איז דער פאַל מיט קאָרדעל האַל. האָל פאָרט קיין מאָסקווע און האָל שרייבט אונטער אָפּמאַכן וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט און האָל אַרבעט אויס אַ פּראָגראַם פאַר אַ נייער פעלקער־פאַראייניקונג. אַלצדינג האַל. און ער, דער פּרעזידענט אַליין, וואָס טוט ? בישקשה, ער טוט שוין גענוג. אָבער דער דאָזיקער פאַקט פון ברייטקייט און פאַרגינען יענעם רעדט פאַר זיך אַליין. די וואָס ווילן דאָס נישט איינזען, פאַרלירן אַ גרויסע געלעגנהייט פון אַראָפּנעמען זיך אַ גוטע לעקציע.

רוזוועלטס איינלייגן וועלטן צוזאַמענצוברענגען די קאָנפערענץ פון די צוויי "גרויסע דרייען" איז אויך אַ היפשער מהלך פון ווילסאָנס איזאָלירטן דענקען. ווילסאָנס אידעאַלן זענען רוזוועלטן טייער, אָבער די מעטאָדן זענען ביי דעם איצטיקן פּרעזידענט אינגאַנצן אַנדערש. אפשר האָט עס אַ סך צו טאָן דערמיט וואָס ווילסאָן, כאָטש אַ פריינט־לעכער און אַ העפלעכער, מיט גוטע מאַניערן, איז דאָך, אין תוך, געווען און פאַרבליבן דער קאַבינעט־מענטש, דער אָפּגעשלאָסענער און איינגעשלאָסענער אין זיך. רוזוועלט, פאַרקערט, איז געזעלשאַפטלעכער. ער האָט ליב צו עסן מיט אַנדערע, צו לאַכן מיט אַנדערע און אפילו צו מאַכן פּלענער מיט אַנדערע. ער ווייסט טאַקע די ווערט פון זיין אייגענעם געדאַנק. ער אנערקענט אָבער אויך די ווערט פון אַן אַנ־

דערנס געדאַנק. און ווען צוויי אָדער מער גוטע געדאַנקען פּאַר אַ וויכטיקן צוועק ווערן צוזאַמענגעשמאָלצן קומט אַלעמאָל ארויס עפּעס ווערטפולס.

דעריבער לאָזט רוזוועלט טראַכטן טשוירטשילן, סטאַלינען, האַלן, מאַרשאַלן און אייזנהאַוערן. ער לאָזט טראַכטן סענאַטאָרן און קאָנגרעס־לייט. ער איז ברייט און קלוג גענוג צו וויסן, אַז זיין געדאַנק וועט נישט דערטרונקען ווערן אין קיין אַנדערן געדאַנק, אַז זיין וואונטש און זיין שטרעבן וועט נישט אויסגעוועפּט ווערן ווען ער וועט עס פּאַראייניקן מיט דעם זעלבן וואונטש און שטרעבן פון אנדערע. דער־פאַר קאָן ער זיך פּאַרגינען צו געבן פולע לויב און אנערקענונג אנדערע, נישט מורא האָבנדיק, אַז דאָס וועט שאַטן זיין אייגענעם פּרעסטיזש.

״מיר ווילן נישט באַזיגן קיינעם״, האָט ווילסאָן געזאָגט ביי זיין צווייטער איינשווערונג, אין 1917. ״און מיר פּאַרלאַנגען נישט קיין פּאַרצוג איבער קיינעם. מיר ווילן גאָרנישט אויפן חשבון פון אנדערע פעלקער . . . ״

עס איז נישט קלאָר, צי ווילסאָן האָט שוין דאַמאָלס געטראַכט וועגן אריינגיין אין דער מלחמה, צי נישט. דער פאַקט איז, אַז ער האָט שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אין דער מלחמה, אויך אזוי גע־רעדט. די זעלבע אידעאַליסטישע רייד, די זעלבע אידעאַליסטישע צילן אין אַ וועלט פון כאַאָס און לאַפּ און הפקרות. ווען נישט דער גע־אָגראַפישער צופאַל וואָס די שלאַכטן זענען פאָרגעקומען אויפן איראָ־פּעאישן באָדן און אמעריקע איז אויטאָמאַטיש נישט אָנגערירט געוואָרן וואָלטן די פאַראייניקטע שטאַטן געוועזן ארויס פון יענער מלחמה אין גאָר נישט קיין גוטער לאַגע. איך האָף, אַז קיינער וועט מיך נישט באַשולדיקן אין אימפּעריאַליזם, ווען איך וועל בלויז ברענגען אַ פּאַר־גלייך וואָס אַנדערע לענדער האָבן געקראָגן אין יענער ערשטער וועלט־מלחמה נאָכדעם ווען דייטשלאַנד איז געשלאָגן געוואָרן און וואָס אמערי־קע האָט געקראָגן. הויבט אָן מיט ענגלאַנד. זי האָט געקראָגן דייטשע קאָלאָניעס און אַ גרויסן טייל פון דעם דייטשן פלאָט. פראַנקרייך האָט געקראָגן טעריטאָריע (עלזאַס לאָטרינגען) און קאָנטריבוציעס. יאַפּאַן האָט אָן שום בלוט־פאַרגיסונג געקראָגן דייטשע באַזעס אינם פּאַצי־פישן ים. איטאַליע האָט געקראָגן אַ שטיק טעריטאָריע פון עסטרייך און קאָנטריבוציע. פּוילן איז גאָר אויפגעריכט געוואָרן. רומעניע, די גוואַלדיקע קעמפּערין, איז איבערגעאַכט געוואָרן כמעט אַ גרויסמאַכט. פון דער קליינער סערביע איז געוואָרן אַ היפּשע יוגאָסלאַוויע. בעלגיע און דענעמאַרק זענען באַרייכערט געוואָרן מיט פּראָווינצן. וואָס האָט אמעריקע געקראָגן ? אָט וואָס :

חוזק אויף איר פּרעזידענט מצד די געשייטע דיפּלאָמאַטן לאָיד דזשאָרדזש און זשאָרזש קלעמאַנסאָ. פּאַראיבל פון די פעלקער, וועל־כע זי האָט געראַטעוועט פון דייטשער דאָמינירונג, אַלמאַי זי וויל אויפ־מאָנען אירע פּאַר מיליאָן דאָלאַר וואָס זיי זענען איר געווען שולדיק. די קרבנות וואָס דער רייכער אָנקל סעם האָט געבראַכט אויף די שלאַכטפעלדער פון פראַנקרייך האָבן זיך נישט גערעכנט. דאָס איז געווען דער שכר טרחה וואָס אַ ציניש צייט האָט אָפּגעצאָלט אַ לאַנד פאַר קומען איר צו הילף.

רוזוועלט איז אין דעם פּרט קליגער. זיין אידעאַליזם ליידט נישט צוליב זיין רעאַליזם. רוזוועלט קומט נישט אַרויס מיט דער דער־קלערונג, אַז מען שלאָגט זיך פאַר אַן אידעאַל וואָס איז אידעאַליסטיש פאַר אַלעמען — פאַר די פאַראייניקטע מלוכות און פאַר דער אַקס. רוזוועלט רעדט מיט אַלע באַקציין ווען ער זאָגט, אַז די מלחמה האָט אַלס איר הויפּט־ציל טאָטאַל צו פאַרניכטן אַ שונא וואָס איז נישט ווערט צו טראָגן דעם נאָמען מענטש. ביי יעדער געלעגנהייט קומט דער איצטיקער פּרעזידענט אַרויס מיט דער וואָרנונג, אַז די פאַר־אַנטוואָרטלעכע פון דעם איצטיקן וועלט־אומגליק וועלן מוזן באַצאָלן די פולע שטראָף פאַר זייערע שרעקלעכע פאַרברעכנס. נישטאָ קיין סימן און קיין אָנדייט אין זיינע רייד וועגן רחמנות און איינזעעניש מיט פאַרברעכער. די דאָזיקע קלאָרע שפּראַך זיינע איז דאָס שטאַרקסטע געווער אויף די שלאַכטפעלדער. אויב דער סאָוועטישער סאָלדאַט בויטיקט זיך נישט אין קיין רייד וואָס זאָלן אים אויפוויזן ווער און וואָס דער שונא איז, בויטיקט זיך אָבער אין דעם דער סאָלדאַט פון די ווייטע פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער האָט נישט צוגעזען דעם חורבן וואָס די ״איבערמענטשן״ האָבן פאַרשאַפט. דער אַמעריקאַנישער סאָל־דאַט איז פּאָליטיש נישט אַזוי רייף ווי זיין אייראָפּעאישער ברודער. אים איז נישט אַלעמאָל אַזוי גרינג זיך פונאַנדערצוקלייבן פאַרוואָס ער שלאָגט זיך. אָבער ווען זיין הויפּט־קאָמאַנדיר, פּרענקלין ד. רוז־וועלט, קומט אַרויס מיט קרישטאַל־קלאָרע רייד, אַז דער שונא איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ גענגסטער וועמען מען דאַרף אומבאַדינגט געבן די פאַרדינטע שטראָף, ווייסט ער דאַן אין וואָס עס גייט און ער שלאָגט זיך דעריבער אַזוי העלדיש אויף די וועגן פון איטאַליע, פון טוניסיע, פון פראַנקרייך און פון בורמאַ.

אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך פאַלן, ווען רוזוועלט וואָלט זיך גע־קאָנט אונטערשרייבן אונטער ווילסאָנס ווערטער. איין פאַל אַזאַ איז ווען ווילסאָן האָט דערקלערט מלחמה קעגן דעם קייזער ווילהעלם אין אַפּריל, 1917. ״די וועלט מוז זיין געזיכערט פאַר דעמאָקראַטיע . . .״

— האָט ווילסאָן דאַן געזאָגט. "מיר האָבן נישט קיין עגאָאיסטישע צילן. מיר זוכן נישט קיין פוסטע זיגן און מיר ווילן אויף קיינעם נישט ארויפצווינגען אונזער ווילן. מיר זוכן נישט קיין באַצאָלט פאַר אונזער מי און קיין מאטעריעלע באַפרידיקונג פאַר די קרבנות וואָס מיר וועלן ברענגען. אונזער איינציקער וואונטש איז צו קעמפן פאַר מענטשלעכער רעכט."

און ווילסאָן האָט דאַן פאָרענדיקט:

"עס וואַרטן אויף אונז חדשים פון נסיון און קרבנות. עס איז אַ מוראדיקע זאַך צו פירן דאָס דאָזיקע גרויסע פרידלעכע פאָלק אונזערס אין דער שרעקלעכסטער פון אַלע מלחמות. די גאַנצע ציוויליזאציע הענגט אויף אַ האָר. אָבער דאָס רעכט (צו לעבן ווי מענטשן) איז טייערער אפילו ווי שלום . . . מיר וועלן קעמפן פאַר רעכט און פריי־הייט פון קליינע פעלקער . . . צוליב אַזאַ זאַך קאָנען מיר אָפּגעבן אונזערע לעבנס און אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן. מיט דעם שטאָלץ פון די וואָס ווייסן, אַז דער טאָג איז געקומען ווען אמעריקע האָט די פּריװילעגיע צו פאַרגיסן איר בלוט און צו דעמאָנסטרירן איר מאַכט פאַר די פּרינציפּן וואָס האָבן איר געגעבן עקזיסטענץ, גליק און שלום."

רוזוועלטס סטיל וואָלט מסתמא געווען אַביסל אַנדערש. אָבער אונטער דער אידעי וואָלט ער זיך זיכער אונטערגעשריבן.

צו די אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן האָט ווילסאָן, דעם 4־טן סעפּטעמ־בער, 1917, געזאָגט:

"איר נעמט אויף זיך אַ גרויסע אויפגאַבע. דאָס האַרץ פונם גאַנצן פאָלק איז מיט אייך . . . די אויגן פון דער גאַנצער וועלט וועלן זיין געווענדט צו אייך דערפאַר ווייל איר זענט אין אַ ספּעציעלן זין די זעלנער פון פרייהייט.

"זאָל עס דעריבער זיין אַ שטאָלץ פאַר אייך צו ווייזן, אַז איר קאָנט זיין נישט נאָר גוטע סאָלדאַטן, נאָר אויך פיינע און ארנטלעכע מענטשן. לאָמיר זיך דערהויבן צו אַזאַ מדרגה פון מאָראל וואָס זאָל זיין אַן אינספּיראציע פאַר אַלע. מיין וואַרימסטער צוטרוי גייט מיט אייך מיט אין יעדער שלאַכט און אין יעדער אונטערנעמונג. זאָל גאָט איבער אייך וואַכן."

רוזוועלט באַניצט זיך בלויז מיט דער ערשטער העלפט פון דער דאָזיקער צושריפט — אין זיינע אייגענע ווערטער, פאַרשטייט זיך. רוזוועלט איז נישט קיין סטיליסט. ער רעדט נישט און ער שרייבט נישט ווי קיין שרייבער, נאָר ווי אַ פשוטער בשר ודם. אפשר איז דאָס גאָר אַ מעלה. אפשר דערפאַר דרינגען זיינע רייד אריין אין די טי־

פּעניש פונם פאָלקס האַרץ. ווייל דאָס פאָלק — דער גרויסער רוב — פאַרשטייט זיך נישט אויף קיין געפּליגלטע פּראַזן, מעג דער מיין דער־ביי זיין ווי גאָבל. רוזוועלט האָט שוין ביי אַ סך געלעגנהייטן אריבער־גערעדט צו זיינע זעלנער אין דעם זעלבן זין ווי ווילסאָן האָט גערעדט צו זייערע טאַטעס אין 1917־1918. שוין צום צווייטן מאָל אין אונזער יאָרהונדערט פּאַסירט דאָס זעלבע: אמעריקאַנישע לעבנס ווערן פאַר־לאָשן אין קאַמף נישט נאָר פאַר זיך און פאַר די נאָענטע, נאָר פאַר דער מענטשהייט אַלס גאַנצע. עס זענען אמת די רייד פון ביידע פּרעזידענטן, אַז די אויגן פון דער גאַנצער מענטשהייט זענען געווענדט צו דעם אמעריקאַנישן זעלנער, וועלכער איז, "אין אַ ספּעציעלן זין, דער זעלנער פון פרייהייט."

רוזוועלט לאָזט דורך דעם צווייטן טייל וועגן דעם מאָראַלישן אויפפיר פון דעם אמעריקאַנישן סאָלדאַט ווייל ער האָט צו אים צוטרוי. ער ווייסט און ער פילט, אַז ער וועט אים נישט פאַרשעמען — נישט מיליטעריש און נישט אַלס מענטש. אויך אין דעם זין זענען די צוויי דעמאָקראַטישע פּרעזידענטן פאַרשידן. ווילסאָן איז אין די קריטישסטע מאָמענטן פון קאַמף פאַרבליבן דער מאָראַליסט, דער רעפאָרמער, איידער דער קעמפער. רוזוועלט איז אָבער פאַר אַלעם און איבער אַלעם — דער קעמפער. ווען דער קאַמף וועט געוואונען ווערן וועט שוין במילא קומען די מאָראַלישע באַפרידיקונג. דאָס מיינט נישט, אַז ער וואַרפט אָפּ פלענער פאַר אַ יושרדיקער איינשטעלונג פון דער געזעלשאַפט נאָכדעם ווען די לעצטע שלאַכט וועט אויסגעפאָכטן ווערן. ער שטעלט אָבער דעם הויפּט־טראָפּ אויפן קאַמף גופא און קיינער קאָן אים פון דעם נישט אָפּווענדן. אין דעם פּרט איז ער דער בעסטער מלחמה־פּרעזידענט וואָס אמעריקע קאָן זיך ווינטשן.

מען שרייבט אַ סך וועגן דער העלדישקייט פונם היינטיקן אמערי־קאַנישן סאָלדאַט. מען איז פול מיט לויב פאַר אים. עס איז אמת, אַז אָנקל סעם האָט אלעמאָל געקאָנט שטאָלצירן מיט זיינע זין אויפן שלאַכטפעלד. פונדעסטוועגן ווייסן אַלע, אַז היינט שלאָגט זיך דזשאָן סמיט פון אמעריקע בעסער איידער אין דער פאַרגאַנגענער וועלט־מלחמה. דאָס מיינט נישט, אַז דזשאָן סמיטס פאָטער איז געווען ווייני־קער העלדיש ווי זיין זון. עס מיינט בלויז, אַז היינט ווייסט ער גיכער פאַרוואָס ער שלאָגט זיך — יעדנפאַלס, די מערהייט פון די סמיטס און די קאָהענס און די קעליס און אַלע אנדערע ווי זיי הייסן דאָרט. אין יענער מלחמה האָט וואודראָו ווילסאָן געשיקט יונגע מענטשן אָפּ־געבן זייערע לעבנס מיט דעם סלאָגאַן "מלחמה אָן אַ זיג." מיט דעם

גרעסטן רעספעקט צו דעם גרויסן פרעזידענט פון יענער וועלט-מלחמה, האָט זיך דאָך יעדער זעלנער געקאָנט שטעלן די פראַגע: אויב נישט צו זיגן, צו וואָס זיך שלאָגן?

ביי רוזוועלטן איז דאָס נישטאָ. ער זאָגט אָפן און קלאָר, אַז מען שלאָגט זיך, כדי צו דערשלאָגן דעם שונא אויף טויט — אזוי, אז ער זאָל מער קיינמאָל נישט קאָנען אויפשטיין קיין תחית המתים. ווייל דער שונא איז ברוטאל און געמיין, און אויב ער וועט נישט דערשלאָגן ווערן אין צייט, קאָנען מיר פון אים דערשלאָגן ווערן. אָט אזוי פשוט. דאָס פאַרשטייט נישט נאָר דער זעלנער אויפן פראָנט, נאָר זיינע אייגענע וואָס בלייבן אינדערהיים. מען האָט נישט ליב קיין מלחמה. מען וויל נישט פאַרלירן דאָס אייגענע לעבן אָדער דאָס לעבן פון אַ נאָענטן. אָבער מען קעמפט פאַר אַ ציל — אַ ציל צו ענדיקן מלחמות איינמאָל פאַר אַלעמאָל אזוי לאַנג, ווינציקסטנס, ווי דאָס אייגענע לעבן וועט געדויערן. דאָס, ווייסט מען, קאָן מען דערגרייכן נאָר דאַן ווען דער שונא וועט פולשטענדיק געשלאָגן ווערן.

ווי ווייט און פרעמד עס קלינגען איצטער די ווערטער פון וואוד־ראָו ווילסאָן, אַז "דער שלום (וואָס וועט קומען) וועט מוזן זיין באַזירט אויף די אויסגעפּרוּווטע פונדאמענטן פון פּאָליטישער פרייהייט . . . " (אין זיין מלחמה־דערקלערונג). עס זענען געווען אנדערע צייטן, משיחס צייטן, אין פאַרגלייך מיט דער היינטיקער צייט וואָס ווערט באַהערשט פונם טייוול.

וואָס זאָגט רוזוועלט וועגן קומענדיקן שלום? אַז די פאַרדעכטיק־טע וועלן געשטעלט ווערן צום משפט און צום שאַנד־קלאָץ; אַז די וואָס וועלן געפינען ווערן שולדיק אין די שרעקלעכע פאַרברעכנס, וועלן באַשטראָפט ווערן — שווער באַשטראָפט ווערן, אַזוי אַז דאָס וועט זיין אַ לעקציע פאַר קומענדיקע מאַכט-גיריקע און סאדיסטיש-געשטימטע חברהלייט.

רוזוועלט וואָלט אויך נישט געקאָנט זאָגן אין יאָר 1944 וואָס ווילסאָן האָט געזאָגט אין 1917, אַז "מיר האָבן נישט קיין שום טענה צום דייטשן פאָלק. מיר האָבן צו זיי בלויז אַ געפיל פון סימפּאַטיע און פריינטשאַפט. עס איז נישט געווען זייער שולד וואָס זייער רע־גירונג האָט זיי אריינגעצויגן אין דער מלחמה. עס איז געטאָן געוואָרן אָן זייער וויסן און אָן זייער צושטימונג." און כדי צו בלייבן גערעכט צו דעם אידעאַליסט ווילסאָן איז נויטיק צוצוגעבן, אַז ער אליין וואָלט היינט אזוי נישט גערעדט וועגן דעם דייטשן פאָלק. די פראַגע איז

בלויז, צי ס׳איז כדאי געווען צו באַצאָלן אַזאַ פּרייז אויסצוגעפינען די אמתע אייגנשאַפט פון אַ פאָלק . . .

כדי צו זיין גערעכט צו ווילסאָנען, ברענגען מיר דאָ אַ ציטאַט פון אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 14־טן יוני, 1917, לכבוד דעם פלאַג־טאָג. אָט וואָס ער האָט דאמאָלס געזאָגט:

"די מלחמה איז אָנגעהויבן געוואָרן פון די מיליטערישע מייסטערס פון דייטשלאַנד . . . די דאָזיקע מענטשן האָבן קיינמאָל נישט אָנ־ערקענט, אַז אנדערע פעלקער, אנדערע מענער, פרויען און קינדער פאַרמאָגן אין זיך דאָס זעלבע בלוט ווי זיי גופא . . . "

אָט האָט איר סמנים פון דעם דייטשן אַריעריזם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַבי עס וועלן קומען מענטשן און דערקלערן, אַז די דאָזיקע חולאת איז אַ דערפינדונג פון דעם הויז־שמירער שיקלגרובער און זיין "קאָפּ־מענטש" אלפרעד ראָזענבערג. די סופּעריאָריטעט־משוגעת לעבט שוין אין דעם דייטשן פאָלק ווער ווייסט ווי לאַנג. די היטלער־עפּאָכע האָט בלויז געגעבן איר נידעריקסטן און געמיינסטן אויסדרוק אָט די "אידעלע" אינסטינקטן.

עס איז שוין אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל דערמאָנט געוואָרן, אַז ווילסאָן ווערט פאַררעכנט אַלס אינדיווידואַליסט, וועלכער האָט ליב געהאַט צו פּלאַנירן און טאָן זאַכן בלויז ווי אים איז געפעלן און ער האָט זיך נישט צופיל גערעכנט מיט קיינעם. רוזוועלט, פאַרקערט, איז געזעלשאַפטלעכער אין אָננעמען און אין דורכפירן באַשלוסן. דאָס מעג זיך זיין אמת אויף ווי ווייט עס איז אָפּהענגיק בלויז אַ טייל פון זייערע ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן. ווען עס קומט אָבער צו אַ גרונט־פראַגע, דאַן איז רוזוועלט פּונקט אַזוי "אינדיווידועל" און "איינגעשפּאַרט" ווי זיין דעמאָקראַטישער פאָרגייער. עס איז דאָ פריי־ער דערמאָנט געוואָרן דער פאַל פראַנקרײַך און רוזוועלטס שטעלונג צו גענעראַל דע גאָל. אָט איז שפּאַניע. אַלע ווייסן ווער פראַנקאָ איז. אַלע ווייסן וואו זיינע סימפּאַטיעס ליגן. פונדעסטוועגן האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן ווינסטאָן טשוירטשילן אַרויסצוקומען מיט ליב־ווערטער פאַר אים. די וועלט איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל.

עס האָט קיין שום אויסערגעוויינלעכס נישט פּאַסירט. מען קאָן עס דערקלערן פּשוט און קורץ: הויכפּאָליטיק. די מלחמה דער־נענטערט זיך צו אַ סוף. דער באַלאַנס פון די איראָפּעאישע מאַכטן הויבט זיך שוין אָן איינצושטעלן. סאָוועט־רוסלאַנד וועט אַרויס אַלס די שטאַרקסטע מאַכט אויפן איראָפּעאישן קאָנטינענט. ענגלאַנד קאָן דאָס נישט דערלאָזן. זוכט זי באַציִיטנס פריינט. זוכט זי פראַנקרייך,

זוכט זי שפאניע. עס איז דערביי קיין שום נייעס און פלאנטער נישט פאראן.

אבער רוזוועלט, כאטש ער איז טשוירטשילס פערזענלעכער פריינט; כאטש זיי קעמפן צוזאמען פאר א געמיינזאמען צוועק, קאן פונדעסטוועגן נישט גיין מיט אים דעם גאנצן וועג. נעמט ער איינמאל אן טשוירטשילס א צוג און איינמאל נישט. דאס באוויזט, אז ער איז געוועזן און פארבליבן א מענטש מיט אן אייגענער מיינונג, און אז ער וועט גיין אויפן וועג וואס איז גוט פאר זיין לאנד און פאר זיין פאלק און וואס איז אין איינקלאנג מיט זיין געוויסן.

ווי עס איז באקאנט, האט די ערשטע וועלט־מלחמה זיך געענדיקט דערמיט וואס דייטשלאנד האט זיך "אונטערגעגעבן." ווילסאן, דער פיין־שמעקער, דער עטישער מענטש, האט אויסגעארבעט פערצן פונקטן — פונקטן וואס זאלן חלילה נישט אנרירן דעם כבוד פונם פארלירער. פונקטן פול מיט מדת הרחמים קעגן די "ארימע" מיט־שפילער, וועלכע האבן געשפילט א שפיל און האבן נעבאך פארלוירן. אמת, ווילסאן האט דא און דארט געלאזט פאלן א שטארק ווארט קעגן די דייטשע "מיליטערישע מייסטערס". אבער קיין שלעכטע מאגנס האבן פון די רייד די פרייסישע יונקערס נישט געקראגן. אי זיי האבן פארגאסן בלוט, געשטילט זייער מלחמה־דורשט אויף א ווילע, אי זיי זענען אוועק אהיים מיט אלע זייערע מכשירים, וועלכע זיי האבן בלויז געדארפט אוועקלייגן אויף א זיכער פלאץ ביז דער קומענדי־קער יאגד.

ביי רוזוועלטן גייט דאס נישט און עס וועט נישט גיין. דעם 17־טן דעצעמבער, 1943, אין א צושריפט צום קאנגרעס אין וואשינג־טאן, האט רוזוועלט, צווישן אנדערע זאכן, געזאגט:

" . . . אבער איין זאך וויל איך מאכן קלאר ווי מעגלעך: ווען היטלער און די נאציס וועלן גיין, וועט די פרייסישע מיליטערישע קליקע גיין מיט זיי. די מלחמה־העצערישע באנדע מיליטאריסטן וועט מוזן אויסגעווארצלט ווערן פון דייטשלאנד — און פון יאפאן — אויב מיר ווילן האבן אן אמתע פארזיכערונג פארן שלום פון דער צוקונפט."

דעם 11־טן נאוועמבער, 1918, איז אונטערגעשריבן געווארן דער וואפנשטילשטאנד צווישן די דאמאלסדיקע פאראייניקטע מלוכות און דייטשלאנד. דעם זעלבן טאג האט פרעזידענט ווילסאן ארויסגעגעבן א בולעטין צום אמעריקאנישן פאלק וועגן דער פאסירונג. אט וואס ער האט געשריבן:

„ברידער לאַנדסלייט:

„דער וואָפנשטילשטאַנד איז אונטערגעשריבן געוואָרן היינט אינ־דערפרי. אַלץ פאַר וואָס אַמעריקע האָט געקעמפט איז אויסגעקעמפט געוואָרן. איצט וועט זיין אונזער אָנגענעמע פליכט צו העלפן מיט אַלץ וואָס איז מעגלעך איינצושטעלן אַן אמתע דעמאָקראַטיע אויף דער וועלט.

„וואָודראָו ווילסאָן."

וואָלט רוזוועלט (פרענקלין ד.) אויך געקאָנט אזוי גלויבן — ווען ער זאָל געווען זיין פּרעזידענט אין יענער צייט? עס איז אַ גרויסע פראַגע. עס איז שוין אין דעם בוך דערמאָנט געוואָרן, אַז דער דאַמאָלסט יונגער פרענקלין ד. רוזוועלט האָט נאָך אין יאָר 1920 אָנגעהויבן אַגיטירן פאַר אַ גרויסן פלאָט. פאַרוואָס? איז ער דאַמאָלס, אין די יונגע יאָרן זיינע, געווען אַ דזשינגאָאיסט? ניין. עס איז געווען בלויז דערפאַר ווייל ער האָט מיט אַ געזונטן חוש דערשפּירט די אַטמאָספער פונם היינט און פונם מאָרגן. אַ דאַנק דעם דאָזיקן חוש זיינעם האָט ער אין יאַנואַר, אין 1933, באַלד ווי ער איז געוואָרן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, געענטפערט אויף אַ פראַגע, צי ער איז פאַר אַ פאַרגרעסערטן ים־פלאָט:

— פאַרוואָס פרעגט איר מיך נישט בעסער, צי איך בין פאַר אַ שטאַרקערער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג — איך וואָלט געזאָגט, אַז יאָ.

אין יענעם ערשטן יאָר פון זיין פּרעזידענטשאַפט האָט ער זיך, באַטירלעך, נישט געקאָנט פאַרגינען ארויסצוזאָגן אָפן, אַז אַמעריקע דאַרף זיך באַוואָפענען ווייל זי האָט נישט קיין צוטרוי צו די אַנדערע גרויסמאַכטן פון דער וועלט.

ביי ווילסאָנען איז געווען רעכט איינמאָל ארויסצוקומען צו זיינע סאָלדאַטן און זיי זאָגן צו באַניצן זיך מיט „מאַכט, מאַכט ביז ארונטער קעגן די דייטשן." אַ צווייט מאָל, באַלד נאָכדעם, האָט ער אָבער אַפּעלירט צו די זעלבע סאָלדאַטן צו לייענען די ביבל, צו זיין פרום, אָרנטלעך און פיין. רוזוועלט, ווי יעדער מענטש, האָט ווידערשפּרוכן אין זיין כאַראַקטער. אָבער ווייט נישט ווי זיין פאָרגייער. און אין באַצוג צו דער מלחמה מיט דייטשלאַנד און יאַפּאַן, שטייט ער ווי אַ דעמב, וועלכן מען קאָן נישט רירן פון אָרט. פאַר אים איז פאַראַן בלויז איין אויסגאַנג: „אומקאָנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע"; גאָרנישט ווינציקער.

דעם 28־טן נאָוועמבער, 1919, איידער ווילסאָן איז אָפּגעפאָרן קיין איירָאָפּע, האָט ער געזאָגט צו אַ גרופּע יידן:

"... איך וויס וואָס פאַר אַ גרויסע אויפגאַבע עס ליגט פאַר אונז. די פאַרגאַנגענהייט איז געזיכערט. אָבער די צוקונפט איז צוויי־פלהאַפט ... אין אַ געוויסן זין האָב איך דאָס געפיל, אַז אונזער אַרבעט פאַר אַ גערעכטער וועלט האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן."

פרענקלין ד. רוזוועלט האָט נישט קיין שום "געפילן" וועגן דעם. ער איז פולשטענדיק זיכער, אַז די ארבעט האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן — איצטער, אין 1944, נישט אין 1919.

רוזוועלט איז נישט טעמפּ צו דער וועלטס ליידן. ער וואָלט געוואָלט זען אַ נייע מענטשהייט אויפגיין פון דעם איצטיקן חורבן. ער איז אויך אַ וויזיאנער. ער האָט אויך פאַנטאַזיע. זיינע וויזיעס זענען אָבער אין די ראַמען פון מעגלעכקייטן. זיין פאַנטאַזיע האַלט זיך אָן אָן פאַקטן. רוזוועלט איז אַן אומבאַוואוסטזיניקער שפּינאָזיסט. אין קיין גרויסן עקסטאַז קאָן מען פון דער שפּינאַזא־פילאָזאָפיע נישט אריינ־פאַלן. ער ווייסט, אַז קיין גן עדן וועט אויף דער וועלט נישט אויפ־געבויט ווערן איבער נאַכט. ער קאָן די שוואַכקייטן פון פעלקער — דערהויפּט פון זייערע פירער. "אין שלום אמר אדני לרשעים." און די וועלט איז, צום באַדויערן, נאָך אזוי פול מיט רשעים! ...

רוזוועלט וואָלט, פונקט ווי ווילסאָן, געוואָלט צוזאָגן גוטס דער מענטשהייט. דאָס וואָלט אָבער נישט געווען אין די ראַמען פון זיין טבע. אין דעם פּרט איז ער ענלעכער צו ווינסטאָן טשוירטשיל איידער צו וואודראָו ווילסאָן. פונקט ווי טשוירטשיל, היט זיך רוזוועלט אויך מיט אַ וואָרט וואָס קאָן קלינגען צו־אָפּטימיסטיש, צו־האָפערדיק אין אָט־דער טראַגישער צייט אונזערער. ווען ער שיקט אַ באַגריסונג צו די פאַרוואונדעטע אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן (קריסטמעס, 1942), קאָן ער זיי בלויז זאָגן, אַז "מיר קאָנען אייך נישט ווינטשן קיין פריילעכן קריסטמעס. מיר קאָנען אייך סאַלוטירן — וואָס מיר טוען טאָקע; מיר קאָנען בעטן — וואָס מיר טוען טאָקע. זאָל גאָט אונטערהאַלטן אייער געזונט ווערן."

"אַן אמת גרויסער מענטש פילט נישט זיין אייגענע גרויסקייט." דאָס דאָזיקע האָט מיר געזאָגט מיס מאַלווינא טאָמפּסאָן וועגן מרס. עלינאָר רוזוועלט. פילט פּרעזידענט רוזוועלט זיין אייגענע גרויסקייט? אויב יאָ, קאָן מען עס נישט ארויסזען פון דעם ווי ער טיילט אויס אנערקענונג אנדערע. מען מעג האָבן אין זינען, אַז רוזוועלט איז נישט מער ווי אַ מענטש, אַ שטערבלעכער. עס שאַט נישט צו פּרואוון זיך אריינלעבן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ דעמאָקראַטישן פּרעזידענט נאָך דריי רעפּובליקאַנישע אדמיניסטראַציעס. עס איז מענטשלעך און

נאַטירלעך אי פאַר אים, אי פאַר אנדערע צו מאַכן אַ פאַרגלייך, צו ציען אַ פּאַראַלעל צווישן אים און דעם דעמאָקראַטישן פּרעזידענט פאַר אים — אַלצאַיינס, צי יענער איז געווען אַ וואודראָו ווילסאָן, צי ער וואָלט געווען אַ סך אַ קלענערע פערזענלעכקייט. לויט דער פּאָזיציע וואָס רוזוועלט פאַרנעמט אַצינד, לויט דער גוואַלדיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף אים און לויט דער באַרימטקייט וואָס ער ווייזט ארויס אין ספּראַווען זיך דערמיט, איז, דאַכט זיך, נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז ער זאָל זיך אין געדאַנק אויב נישט האַלטן גרעסער פון ווילסאָנען איז כּאַטשבי זיך פאַרגלייכן מיט אים. איז זעט, אדרבא, ווי ער רעדט וועגן זיין דעמאָקראַטישן פאָרגייער.

איך ברענג דאָ אייניקע אויסצוגן פון אַ רעדע וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט געהאַלטן דעם 4־טן מאַי, 1941, אין סטאַנטאָן, ווירדזשיניאַ, דאָס געבורטס־פּלאַץ פון געוועזענעם פּרעזידענט ווילסאָן.

„. . . פיזישע גבורה קאָן נישט לאַנגביישטיין דעם גייסטיקן כּח. וואודראָו ווילסאָנס גאַנצע קאַריערע איז געווען אַ טריאומף פון דעם גייסטיקן איבער דעם רויען און ברוטאַלן. אונטער זיין פירערשאַפט האָט דאָס לאַנד דורכגעמאַכט אַ גרויסן גייסטיקן פּראָגרעס.“

„. . . ער וועט שטענדיק פאַרבלייבן אין זכרון אַלס אַ שטאַטסמאַן וואָס האָט זיך ארויסגעהויבן איבער אנדערע ביי וועלכע נקמה און מאַטעריעלער וואוילזיין איז געשטאַנען העכער פון אַלץ. ווילסאָן האָט געשטרעבט צו דערלעבן דעם טאָג פון דער באַפרייאונג פון געוויסן און אנשטאַט ברוטאַלער מאַכט זאָל הערשן אויף דער וועלט פרייהייט צווישן פעלקער.“ (דאָס אַלץ איז גענומען געוואָרן פון די אָפיציעלע פּאַפּירן אין ווייסן הויז, מיט דער געפעליקער הילף פון מעידזשאָר דזשענעראַל עדווין מ. וואַטסאָן).

מען דאַרף נישט נאָר זיין אַ ברייטהאַרציקער פּרעזידענט אַזוי צו רעדן וועגן אַן אַנדערן פּרעזידענט, נאָר מען דאַרף אויך זיין דיך צו קאָנען אָנכאַפּן די דעליקאַטע פעדים פון אַ ווילסאָנישער נשמה.

עס וואָלט געווען טשיקאַווע צו הערן וואָס ווילסאָן וואָלט געהאַט צו זאָגן וועגן רוזוועלטן און זיינע אויפטואונגען, ווען ער וואָלט געקאָנט לאָזן הערן זיין קול. וואָלט ער דערמאָנט רוזוועלטס ווערטער וואָס קומען פון דער טיפעניש פון זיין האַרץ — ווערטער וואָס ער האָט, צום ביישפּיל, געזאָגט דעם 24־טן מערץ, 1944, וועגן די נאַצישע רדיפות אין אייראָפּע?

„. . . אין איינעם פון די שוואַרצסטע פאַרברעכנס פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע“ — האָט דער פּרעזידענט דאַן געזאָגט —

"וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן פון די נאַציס פאַר דער מלחמה און וואָס איז שפּעטער, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, פאַרפילפאַכט געוואָרן, גייט אָן אַ סיסטעמאַטישע אויסמערדערונג פון די יידן פון אייראָפּע אומגעשטערט און אָן אַן אָפּשטעל. מיט דער נאַצישער פאַרכאַפּונג פון אונגארן, ווערן נאָך הונדערטער טויזנטער יידן אויס־געשטעלט צו דער זעלבער טויט־געפאַר ווי זייערע געפאַלענע ברידער און שוועסטער אין מזרח אייראָפּע. עס וואָלט געווען אַ גרויסע טראַ־געדיע אַז די דאָזיקע אומשולדיקע מענטשן, וועלכע האָבן איבערגע־לעבט צען יאָר פון היטלערס מאַניאַקישער הערשאַפט איבער אייראָפּע, זאָלן אַצינד, ערב דער באַפרייאונג פונם קאָנטינענט, אומקומען."

און רוזוועלט האָט דערביי געמאַכט קלאָר ווי מעגלעך, אַז —

"עס איז נויטיק אונטערצושטרייכן אונזער אַנטשלאָסנקייט צו באַשטראָפן די אַלע וואָס האָבן אַ האַנט אין דער אכזריותדיקער אַר־בעט. די פאַראייניקטע פעלקער האָבן עס געמאַכט קלאָר ווי מעגלעך, אַז זיי וועלן פאַרפאָלגן די שולדיקע און זיי איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט . . . "

נישטאָ קיין סימן פון ווילסאָנס ווייכקייט אין די ווערטער און פון ווילסאָנס איינזעעניש מיט דעם דייטשן פאָלק וואָס איז נעבאָך "פאַר־פירט" געוואָרן פון עטלעכע פירער. רוזוועלט לעבט און ווירקט מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר נאָך ווילסאָנען. די דאָזיקע פינף־און־צוואַנציק יאָר נעמען אריין אין זיך אפשר הונדערטער יאָר לעבן אין אַן אַנ־דערער צייט. רוזוועלט איז אין דעם פּרט אַ פּראָדוקט פון זיינע אייגענע טעג. דער געזונטער חוש זיינער זאָגט אים אונטער ווי אַזוי מען דאַרף האַנדלען מיט די שולדיקע אָן קווענקלענישן און אָן אומ־זיסטע טרערן איף מענטשן וואָס פאַרשטייען בלויז מאַכט און פויסט.

ווילסאָנס געשיכטע איז שוין געשריבן געוואָרן; רוזוועלטס נאָך נישט. ווער עס שרייבט איצטער וועגן רוזוועלטן, גרייט בלויז צו מאַטעריאַלן פאַר דעם קומענדיקן גרויסן ווערק וואָס וועט זיך רופן פ ר ע נ ק ל י ן ד . ר ו ז ו ו ע ל ט . ווען וואודראָו ווילסאָן אין אין 1919 געפאָרן איבער די גאַסן פון פּאַריז, האָט די דאָרטיקע באַפעלקערונג אים באַוואָרפן מיט בלומען, און זיי האָבן אים אָנטקעגנגעטראָגן זייערע הערצער. ווילסאָנס סאָלדאַטן האָבן דאַ־מאָלס אָפּגעראַטעוועט בלויז אַ שטיק פון פראַנקרייך. היינט בלוטיקן רוזוועלטס סאָלדאַטן איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון דער פראַנצויזישער טעריטאָריע. ווי וועט דאָס פראַנצויזישע פאָלק אַמאָל קאָנען פאַרגעסן אַזאַ זאַך?

ווען ווילסאָן האָט צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער שווערער משא פון אַרבעט פאַר זיין פאָלק און פאַר דער גאַנצער וועלט, האָט ער געשמייכלט מיט זיין שיינעם, מידן שמייכל. ווען רוזוועלט איז געצוואונגען אונטער דער בייטש פון זיין דאָקטאָר אַוועקצופאָרן אויף בערנארד באַרוכס פאַרם זיך אָפּצורוען, שמייכלט ער אויך מיט זיין שיינעם און מידן שמייכל. עס איז אַ שמייכל פון שולדיקייט, פאַרוואָס ער מוז זיך פאַרן אָפּרוען אין דער צייט ווען זיינע באָיס אויף די שלאַכטפעלדער רוען נישט. ווען ווילסאָן האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, זענען בירגער געשטאַנען אין די גאַסן אויף זייערע קני און האָבן געמורמלט אַ תפלה. ווען עס פּאַסירט, חלילה, עפּעס מיט רוזוועלטן ביים היינטיקן טאָג, וואָלט זיך איבערגעחזרט די סצענע. פריינט און קעגנער וואָלטן געבעטן פאַר זיין געזונט.

ביידע פּרעזידענטן האָבן געגעבן זייער פאָלק און דער וועלט אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. ביידע וועלן זיי פאַרשריבן ווערן אין די אַנאַלן פון דער געשיכטע אַלס אומקאָמפּראָמיסלעכע קעמפער פאַר רעכט און פרייהייט פאַר אַלע. קעמפער נישט בלויז טעאָרעטיש, נאָר מיט שווייס און בלוט. פונקט ווי ווילסאָן האָט אָפּגעקירצט זיינע טעג אין סעפּטעמבער, 1919, ווען ער איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און האָט געהאַלטן פערציק רעדעס אין דריי וואָכן, ווען ער איז שוין געווען טויטלעך קראַנק, אַזוי האָט רוזוועלט, אַליין אַ קראַנקער, אָפּגעגעבן זיין בלוט פאַר אַנדערע, וועלכע זענען געטראָפן געוואָרן פון דער זעלבער קראַנקהייט ווי ער.

פרענקלין ד. רוזוועלט האָט נאָך נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט. ווען די לעצטע שורות פון דעם בוך ווערן געשריבן, איז די אינוואַזיע פון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע אַרמייען אין פראַנקרייך צוויי וואָכן אַלט. ווילן מיר דעריבער געבן אַן אויסצוג פון דער תפלה וואָס דער פּרעזידענט האָט פאַרפאַסט, ווען דער גרויסער באַפרייאונג־מאַרש האָט זיך אָנגעהויבן:

„מיט דיין ברכה (גאָט) וועלן מיר בייקומען דעם טייוולשן כח פון אונזער שונא. העלף אונז באַזיגן די אַפּאָסטאָלן פון גייציקייט און ראַסישער חוצפה. פיר אונז צו דער באַפרייאונג פון אונזער לאַנד, און מיר זאָלן, צוזאַמען מיט אונזערע פאַרבינדעטע פעלקער, איינפירן אַ זיכערן און אַ דויערנדיקן שלום אויף דער וועלט — אַ שלום, וואָס זאָל נישט קאָנען צושטערט ווערן פון בייזע מענטשן; אַ שלום, וואָס וועט געבן אַ מעגלעכקייט פאַר אַלע מענטשן צו לעבן אין פריי־

הייט און צו קאָנען שניידן דעם גערעכטן לוין פון זייער ערלעכער פּראָצע.

"זאָל דייך רצון געטאָן ווערן, גאָט אלמעכטיקער.

"אמן."

# אַ פּרעזידענט אין די וואָלקנס

די נערוון זענען געווען געשפּאַנט, כאָטש אַלע האָבן זיך באַמיט אויסצוזען רואיק. די פּאַסאַזשירן, פאַרהאַרטעוועטע מיליטער־מענטשן, געוואוינט צו דיסציפּלין און זעלבסטקאָנטראָל, האָבן געשוויגן. אָבער אין זייער שווייגן איז געלעגן באַהאַלטן דער אמתער זין פון דער איבערלעבונג. אפילו דער פּילאָט, וועלכער איז, דאכט זיך, געזעסן אויף זיין געוויינטלעך פּלאַץ און האָט געוואַרט צו לאָזן גיין די מאָטאָרן, גלייך ווי אים גייט גאָרנישט אָן, האָט אויך פון צייט צו צייט אַ דערפּיל געטאָן זיין האַרץ. עס איז געווען אַן אינדיווידועלע געשפּאַנטקייט פון יעדן יחיד אַרום באַזונדער. קאָלעקטיוו, אָבער, זענען אַלע געווען און פאַרבליבן שטייף און געפּאסט.

די מאָטאָרן האָבן זיך ענדלעך צוהודזשעט און דער לעצטער פּאָכע מיט דער האַנט האָט אַ גלעט געטאָן די שויב פונם עראָפּלאַן. ווען די פּאסאזשירן האָבן דערפילט די ערשטע סענסאציע פון פאַרלירן דעם באָדן אונטער זיך, האָבן זיי זיך אויטאָמאטיש איינגעפּעסטיקט אין זייערע פּלעצער.

די ערד האָט אָנגעהויבן צו ווערן קלענער, איינגיין. דורכקוקנ־דיק דורכן פענצטערל פונם עראָפּלאַן האָט מען געקאָנט זען ווי איין פּלאנעט טיילט זיך אָפּ פונם אנדערן. דער פּאסאזשיר פילט בשעת מעשה אַז ער איז געוואָרן אויס בירגער פון דער וועלט; אַז ער געפינט זיך ערגעץ אין קיינעמס לאַנד, וואָס ליגט נישט דאָ און נישט דאָרטן, וואָס איז נישט אַהין און נישט אַהער.

די לופט הויבט אָן צו ווערן שיטערער, כסדר שיטערער. דאכט זיך עס בלויז אויס אזוי? איז עס דערפאַר ווייל מען דערוואַרט דאָס אין פאָראויס? דער עראָפּלאַן וויגט זיך. דאכט זיך דאָס אויך? איז מען שוין אריינגעפאָרן אין די באַרימטע לופט־קעשענעס? אפשר איז עס בלויז וויבראציע פון דער לופט . . . אפשר גאָר וויבראציע פון געדאַנק . . .

איין פּאסאזשיר איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער אויף זיין פּלאַץ. וואוהין פליט ער? אַהין, וואוהין די מאַשין מיט די הודזשענדיקע

מאַטאָרן וועט אים נעמען, צי דאָרטן וואוהין ער וויל פליען? דער פּאַסאַזשיר וואָס זיצט איינגעפּעסטיקט אויף זיין פּלאַץ און טראַכט האָט אַ סך מאַכט אין זיינע הענט. ער איז דער הויפּט פון אַ גרויס לאַנד, פון אַ רייך פאָלק, אָבער קאָנטראָלירן דעם מאַשין קאָן ער נישט. קאָנטראָלירן דעם מאַשין קאָנטראָלירט די נאַטור, דער קלימאַט, דער ווינט, דער אינסטרומענט וואָס איז אַ טייל פונם מאַשין. אַלע אַנדערע, דער פּילאָט, די מיטפּאַסאַזשירן, ער אַליין — דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, — זיי זענען בלויז מיטפאָרער און מיטפליער מיט דעם גורל וואָס האַלט זיי ביי די הענט.

נישט ווייט פונם פּרעזידענט זיצט הערי האָפּקינס — אַ בלייכער, ווי שטענדיק, נאָר איצטער אבסיל מער. אַ סענסיטיווער סיסטעם ביי מר. האָפּקינס. דינע נערוון ביי אים. דער פּרעזידענט וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער עס איז שווער צו רעדן. די מאָטאָרן רוישן צו־שטאַרק. דעם פּרעזידענט רייצט דאָס אַביסעלע. ער האָט ליב צו רעדן אונטער־וועגס. ער קוקט אויף די אַנדערע מיטפאָרער — עס הויבט זיי, יוי ס׳ווייזט אויס, נישט אָן צו אַרן. דזשאָרדזש ס. מאַרשאַל, דער הויפּט פון גענעראַל־שטאַב, זיצט, אַ פוס איבער אַ פוס, די פּלייצע אָנגע־שפּאַרט אינם ווענטל פון שטול, די הענט אויף די קני פאַרפלאָכטן. עס גייט אים גאָר נישט אָן די גאַנצע מעשה מיטן פליען — וואוהין און פאַרוואָס. אַזוי מאַכט ער דעם איינדרוק. זיין ענערגיש פּנים איז סטאַטיש, די מוסקולן רירן זיך נישט. פילט ער נישט דאָס וויברירן פונם עראָפּלאַן ווי הערי האָפּקינס?

עס זיצט אַדמיראַל אוירנעסט דזש. קינג. ביי אים איז אויך אַלץ סטאַטוס קוואָ. די מענטשן האָבן נישט קיין נערוון אין זיך. ווי ווייט איז ער פון דער ערד? ווי נאָענט איז ער צו ערגעץ? וואָלט ער גע־קאָנט נעמען אַ בלייפעדער און אויסרעכענען? דער פּרעזידענט וועט עס פון אים נישט פאַרלאַנגען. אפשר וועט עס דער אַדמיראַל דער־הערן טעלעפּאַטיש. דאַמאָלס וועט מען זען, צי ער איז אַ גוטער בעל חשבון.

און אָט איז גענעראַל ה. ה. אַרנאָלד. ער פילט זיך גאָר ווי איינ־דערהיים. עראָפּלאַנען, וואָלקנס — דאָס זענען דאָך זיינע לייבלעכע ברידער. אַך, סאַראַ שיינע, זילבערנע וועלט! פלי, פלי, מאַשינדל! אַ וואָלקן אַריין, אַ וואָלקן אַרויס — ס׳איז אַלץ איין משפּחה. ס׳איז לוסטיק און פריילעך. לופט, רוים — אַ חיות! אַ שאָד וואָס אַזוי ווייניק פון זיינע מיטבירגער זענען אָפּגעריסן פון דער לופט. וואָס דען, אין ניו יאָרק קאָן מען לעבן, אין וואַשינגטאָן קאָן מען זיך אַ

דריי טאָן? פּאַר, פּאַר, מאַשינדעלע! פליט,וואָלקנדלעך! גליטשט זיך, קעשענעס! אַך, סאַראַ חיות! ס'איז מחיה נפשות.

עס שפּרייטן זיך וואָלקנס פאַר דעם פּרעזידענטס אויגן. ווייסע, גרויע, אַש־גרויע. וויפיל קאָלירן געפינען זיך אין איין וואָלקן? קאָן דאָס נאַקעטע אויג פון דעם מענטש אויפכאַפּן דעם אמתן קאָליר? און וואָס ליגט הינטער די וואָלקנס? ווען מען פאַרשטעלן זיי? אפשר זענען זייערע דינע ווירוסן דער תוך פון אַלץ — דער תוך פון אפריקע, וואו־הין ער פאָרט אַצינד. אפריקע. ווי ווייט איז עס פון דאַנען? און ווי ווייט איז דער תוך פון דער וועלט? קאָן מען פון דאַנען, פון דער הוילער לופט, אין סאַמע חלל פון דער וועלט, פאַרבינדן אמעריקע מיט אפריקע, אפריקע מיט אייראָפּע, אייראָפּע מיט אזיע, אזיע מיט אויס־טראַליע, אויסטראַליע מיט מעקאַרטורן, מעקאַרטור מיט אייזענהאַוערן, אייזענהאַוער מיט מאַרשאַלן, מאַרשאַל מיט . . .

ווי לאַנג פליט ער שוין אַזוי? אַ האַלבע שעה, אַ שעה, אַן אייבי־קייט. ווען וועט ער אָנקומען וואוהין ער מיינט, אַז ער וויל אָנקומען? אין עטלעכע טעג אַרום אָדער אין עטלעכע אייביקייטן אַרום? וועך, נאָכאַלע־מען, קאָן זאָגן מיט באַשטימטקייט וואו עס ענדיקט זיך דער טאָג און ווען עס הויבט זיך אָן די אייביקייט? ווייל די שליחות וואָס דער פּרע־זידענט פירט איצט מיט זיך איז דאָך אַ שליחות נישט אויף טעג און נישט אויף חדשים. עס איז אַ שליחות אויף אייביקייטן — צו פאַר־היטן קינדער און קינדסקינדער פון אַ רשעות וואָס פאַרנעמט זיך צו רעגירן טויזנט יאָר . . .

וואָס איז דער ערשטער ציל, דער געאָגראַפישער ציל? צפון אַפּ־ריקע. דאָרטן דאַרף דער פּרעזידענט זיך באַגעגענען מיט דעם ענגלישן פּריים מיניסטער, ווינסטאָן טשורטשיל. דאָרטן דאַרפן זיי זיך אויס־האַקן אַ פענצטער קיין אייראָפּע. אַ פענצטער און אַ טיר. אַזוי האָט אַמאָל געטאָן אַן אַנדערער הערשער פון אַ גרויס פאָלק. מיט צוויי הונדערט יאָר פריער האָט פּיאָטער דער גרויסער זיך אויך אויסגע־האַקט אַ פענצטער און אַ טיר קיין אייראָפּע. פאַרוואָס זוכן עפּעס הערשער פון ווייטע לענדער אַריינצוקוקן און אַריינצודרינגען קיין אייראָפּע? נישט אַלעמאָל איז עס צוליב דער זעלבער סיבה. אַמאָל וויל מען זיך אָננעמען מיט קולטור און מיט ציוויליזאַציע פון אָט־דעם מערקווירדיקן שטיקל ערד. אַן אַנדערש מאָל איז אָפּצוראַטעווען עס פון באַרבאַרישע הענט.

דאָס רעדעלע פון דער געשיכטע דרייט זיך. אַך, ווי עס דרייט זיך.

דערווייל פליט פרענקלין ד. רוזוועלט קיין צפון אַפריקע אָפּצו־שטעלן דאָס רעדל פון דער רולעטקע וואָס ווערט געקירעוועט פון דעם גרעסטן געמבלער אין דער מאָדערנער צייט. רוזוועלט האָט דעם כח דאָס צו טאָן. ער האָט די "טשיפּס" אין קעשענע. וועט אים פּאַסטן צוצוגיין צום רעדל? וועט ער וועלן מיטשפּילן דעם אַזאַרט שפּיל? יאָ. רוזוועלט איז אַ מוטיקער מענטש. אַז מען דאַרף זיך איינשמירן די הענט מיט אַ שמירער, כדי אים אַרויסצושמירן פון דער געזעלשאַפט, טוט מען עס.

דער עראָפּלאַן פליט איבער אומבאַקאַנט־באַקאַנטע שליאַכן — לופט־שליאַכן, מילך־שליאַכן. אומבאַקאַנט, ווייל דער פּרעזידענט איז איבער זיי פריער קיינמאָל נישט געפלויגן; באַקאַנט, ווייל ער קען גוט די וואַסערן וואָס אונטער אים אַצינד. דער פּרעזידענט האָט ליב וואַסער, ים. ער האָט נישט איינמאָל געשניטן די שוימיקע כוואַליעס פונם אַטלאַנטיק, איבער וועלכן ער פליט אַצינד. ער קוקט אַרונטער מיט בענקשאַפט אין זיינע אויגן. ווי גוט עס וואָלט איצט געווען, ווען די לופטשיף, אויף וועלכער ער פאָרט, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ים־שיף. עס שמעקט אַזוי אַן אַריינצואָטעמען אין זיך דעם געזאַל־צענעם ריח פונם אַטלאַנטיק! ווי וואָלט זיך זיין אויער געקוויקט צו דערהערן דאָס שטילע גערויש פונם ים, אַנשטאַט דעם הויכן געזשוזש פון די מאָטאָרן אָט־דאָ . . . "מיין מאַן האָט נישט ליב צו פליען . . ." — האָט מיר מרס. עלינאָר רוזוועלט געזאָגט, ווען איך האָב זי גע־פרעגט וועגן איר מאַנס רייזע קיין צפון אַפריקע.

ניין, דער פּרעזידענט האָט נישט ליב צו פליען, כאָטש טייל פון זיינע נישט־טאַקטישע שונאים האָבן אים עפּנטלעך חושד געווען, אַז ער איז געפלויגן אַזאַ גרויסע, געפערלעכע שטרעקע דערפאַר ווייל — ווייל ער האָט געוואָלט מאַכן אַ לוסט־רייזע. עס איז שוין איינמאָל אַ לוסט־רייזע צו געפינען זיך עטלעכע מייל פון דער ערד, וואו פראָסט ברענט און וואָלקן בלענדט און די לופט איז אַזוי שיטער, אַז מען קאָן קוים אַן אָטעם טאָן — קינסטלעך. גיכער זענען אפשר גערעכט די וואָס זאָגן, אַז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט נישט געטאָרט אונטערנעמען אַזאַ רייזע צוליב דער גרויסער געפאַר וואָס לאָקערט יעדע רגע. ווייל דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געהערט נישט זיך אַליין. זיין לעבן געהערט דעם גאַנצן פאָלק.

אָבער דער פּרעזידענט טראַכט איצטער נישט פון דער געפאַר פון זיין אייגן לעבן. ער טראַכט וועגן דער געפאַר וואָס שוועבט איבער מיליאָנען לעבנס — אין אַלע טיילן פון דער וועלט — אין היטלערס

וועלט און אין טאַדזשאַס וועלט. קאָן ער עפּעס טאָן די דאַזיקע גער־פּאַר אָפּצושטעלן אָדער זי פּאַרמינערן? ער וועט פּרוּוון. צוליב דעם געפינט ער זיך אַצינד דאָ, אויפן עראָפּלאַן. נישט צוליב קיין לוסטרייזעס. צוזאַמען מיט דעם ענגלישן פּריים מיניסטער וועט ער אַריינקוקן אין דעם צובלוטיקטן ווינקל פון אייראָפּע; דאָרט וואו עס איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער שטיין פון דעם בנין וואָס הייסט מאָדערנע ציוויליזאַציע. מען וועט זען צו געפינען אַ מיטל אַרויסצו־שליידערן פון דאָרטן די אָנגעלאָפּענע באַנדע.

נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. מען האָט שוין געקרייצט דעם דאַזיקן וועג פון מערב קיין מזרח און פאַרקערט. אַלערליי מענטשן האָבן שוין געשניטן די דאַזיקע שליאַכן. פונדעסטוועגן שאַפט איצטער רוזוועלט אַ פּרעצעדענט. ווייל קיינמאָל נישט פריער איז אַ פּרעזי־דענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געפלויגן אַזאַ לאַנגע און געפערלעכע שטרעקע. איז רוזוועלט באַוואוסטזיניק וועגן דעם? אָ, יאָ, ער האָט הנאה פון שאַפן פּרעצעדענטן. ווען ער זאָל געווען געבוירן ווערן אין אַן אַנדער סביבה, ביי אַנדערע אומשטענדן, וואָלט ער מסתמא געווען אויסגעוואַקסן אַן אמתער רעוואָלוציאָנער, אין דעם קעמפּעריש זין. אַזוי איז ער עס בלויז אויף אַ מילדן, כמעט שפּילערישן אופן.

ער איז מיד. זיין קאָפּ ליגט אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָנלען פון דער שטול. ער האָלט צוגעמאַכט די אויגן. שלאָפט ער? ניין. ער האָלט צוגעמאַכט די אויגן, כדי צו קאָנען אַריינקוקן אין דער וויים־קייט אַריין. כדי צו קאָנען זען דאָס וואָס מיט אָפענע אויגן וואָלט ער עס נישט געקאָנט דערזען. זיינע אָפענע אויגן וואָלטן זיך בלויז אָנ־געגעגנט מיט די אָביעקטן וואָס אַרום אים. פיזישע אָביעקטן: די קאַבינע פונם עראָפּלאַן. אַ פּאַסאַזשיר. נאָך אַ פּאַסאַזשיר. פּנימער. באַקאַנטע. טייל גוט־באַקאַנטע. אָבער ער וויל אַצינד זען אנדערע זאַכן. זיין פאַרלאַנג שטויסט אים אַצינד אַרויסצוברענגען אַנדערע וויזיעס וויזיעס, וואָס זאָלן פּייניקן זיין האַרץ און שטאַרקן זיין ווילן. וויזיעס, וואָס זאָלן באַרעכטיקן אָט־די געוואַגטע רייזע מיט די אַלע געפאַרן וואָס זי טראָגט מיט זיך.

צפון אַפריקע. פאַרוואָס עפּעס צפון אַפריקע? ווייל דאָרטן, מיינט ער, איז דאָס גוטע פּלאַץ וואו מען קאָן אויספּלעכטן אַ נעץ אַריינ־צוכאַפּן דעם געפערלעכסטן משוגענעם פונם יאַרהונדערט. דאָרטן קאָן מען אָנהויבן אויסשמידן אַן אייזערנע קייט, אַ קייט פון פייער און בלוט, צו קאָנען מיט איר איינקלאַמערן דעם וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דאָס געמיינסטע פון גאָטס ערד. ניין, בעסער נישט דערמאָנען גאָטס נאָמען

אין דער זעלבער צייט ווען מען טראַכט פון דעם נידעריקסטן באַשאַף אויף דער וועלט.

אַט, מיט צוגעמאַכטע אויגן, שטרעקט מען אויס אַ האַנט און מען פאַרשאַרט אַ פאַרהענגל פון דעם עראָפּלאַן־פענצטערל. מען קוקט אין דער ווייטקייט אַריין און מען זעט:

קאָנצענטראַציע לאַגערס. שאָטנס, וואָס זענען אַמאָל געווען מענטשן. שאָטנס, וואָס זענען אַמאָל געווען פּראָפעסאָרן, כעמיקער, פיזיקער, מעדיקער, קינסטלער. וועלטן האָבן מיט זיי געקלונגען. וועלטן האָבן מיט זייערע נעמען שטאָלצירט. זייערע דערגרייכונגען האָבן געבראַכט ליכט, פרייד, געזונט, געלעכטער צו מיליאָנען. היינט זענען זיי שאָטנס, אָן אַטעם און אָן גייסט. היינט זענען זיי שאָטנס — געטריבענע, געחוזקטע, געשמיסענע, באַשפּיגענע. די דאָזיקע שאָטנס לעבן נאָך אָבער אַ לעבן וואָס איז ערגער פון טויזנט טויטן. און זיי שטאַרבן ענדלעך מיט אַ טויט, וואָס איז די העכסטע פאַרשווערונג פון לעבן.

בית הקברותן. אַלטע לייט, וועלכע מען האָט נישט געלאָזט אויס־לעבן זייערע געשענקטע יאָרן פון גאָט. אַלטע לייט, וועמעס עלטער עס איז געקרייציקט געוואָרן פון גאָטלאָזע הונען. אַלטע לייט, וועלכע זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט חכמה און וויסן, ליגן מיט צו־שפּאָלטענע, צוריסענע שאַרבנס.

פרויען. יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט קיין צייט רייף צו ווערן. ליגן זיי געשענדעטע און באַליידיקטע. פאַרוואָס איז זיי געקומען די דאָזיקע שרעקלעכע שטראָף, גאָט? וועסטו אַמאָל געבן דיין ענטפער?

קינדער. עופהלעך. גאָטס מתנות פאַרשוועכט. די סאַמע גרעסטע פון אַלע גבלות. יונגע, בליענדיקע לעבנס אונטערגעהאַקט. פרישע זונען פאַרלאָשן. די פריידיקסטע און אומשולדיקסטע געלעכטערס דערשטיקט. וועסטו אַמאָל געבן דיין ענטפער, גאָט?

שטרעק אויס די צווייטע האַנט, פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און פאַרשאַר נאָך אַ שטיק פונם פאַרהענגל. אָט איז עסטרייך, דער ערשטער קרבן פון דעם דיקטאַטער־און קינסטלער פאָלק. אַ שיין, זינגעוודיק לאַנד געווען. פרויד, שניצלער, שטראַוס — געדענקסטו? וואָס איז דערפון געוואָרן? פון אויבן־אויף — גאָרנישט. די שטעט שטייען נאָך דערווייל אויף אָן אָרט. די הייזער זענען נאָך דערווייל אומבאַרירט. עס איז גאָרנישט געשען. בלויז די מענטשן זענען פאַרענדערט. דאָס אייגענע פּנים איז אָפּגעטאָן און אַ ניי פּנים איז

אַרויפגעקלעפּט געוואָרן אויף אַ פאָלק, אויף אַ גאַנץ פאָלק וואָס האָט ליב געהאַט אַזוינע זאַכן ווי קולטור, מוזיק, טאַנץ, שיינקייט, עסטעטיק. דאָס אַלץ איז פאַרביטן געוואָרן מיט בייטש, קאַנאָן, בלוט, ביכער־שרפות, הונגער און טרער. אויסער דעם, זעט אַלץ אויס ווי געוועזן.

אָט איז טשעכאָסלאָוואַקיע, דער צווייטער קרבן. אַ שיין, אַלט, בילדלעך לאַנד. עס איז געווען אַ לאַנד פון דעמאָקראַטיע, אַ לאַנד פון אַן אייגנאַרטיקן צוזאַמענשטעל. מען האָט ליב געהאַט דאָס אייגענע לעבן און מען האָט רעספּעקטירט דאָס לעבן פון אַנדערע — אַפילו פון די סודעטענער נאַציס. וואָס איז דערפון געוואָרן? אַ לאַנד פון לידיצעס, גרעסערע און קלענערע. די ערד ווײַנט פון ווייטיק און פון שאַנד. דאָס פאָלק גייט אַרום מיט געבויגענע קעפּ, ווי פינצטערע אבלים. עס איז שוין נישט אַזוי דער טויט. מענטשן מוזן שטאַרבן. עס איז נישט דער געדאַנק פון אַ פאַרלוירענער פרייהייט. דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק האָט שוין אַזוינס דורכגעלעבט. עס איז די שרעקלעכע אוממעכטיקייט, די הילפלאָזיקייט קעגן אַ שונא, וועמען ווערטער קאָנען נישט באַצייכענען. מען וואָלט געגאַנגען אויף דער גרעסטער מסירת נפש. מען וואָלט מיט פרייד מקריב געווען דאָס אייגענע לעבן צו קאָנען צוקוועטשן דעם שונא ווי מען צעקוועטשט אַ סמיקן אינזעקט, אָבער — — — —

אָבער די מורא פאַר די לעבנס פון די נאָענטע מאַכט דאָס בראַווע טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק אוממעכטיק. ווײַל די געמיינקייט פון דעם שונא האָט נישט קיין גרעניץ. ביי אים איז רעכט אויסצוראָטן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן פאַר איין בעסטיע אין אוניפאָרם פון דעם דריטן רייך. קעגן דעם דאָזיקן מיטל איז זייער, זייער שווער צו קעמפן.

אָט איז פוילן, דער דריטער קרבן. אויסגעווייקט אין זיבן זענען געווען די הענט פון די פוילישע רעגירער. אָבער דאָס פאָלק איז, אין גרעסטן טייל, נישט געווען שולדיק אין דעם. וואָס האָבן היטלערס שוואַרצע ראבן געמאַכט פון דעם פוילישן פאָלק? די האַנט זאָגט זיך אָפּ צו שרייבן וועגן דעם. דאָס פּאַפּיר וועט זיך אָנצינדן פון חרפה. מען וועט צוגיין צום שפּיגל און מען וועט אַהין אַריינקוקן. מען וועט קוקן און גאַפן. "איז עס מעגלעך," וועט מען זיך פרעגן, "אַז די וואָס האָבן געטאָן אַזעלכע זאַכן אין פוילן זענען אויך אַזעלכע באַשעפענישן ווי איך? קוק, זיי זעען דאָך אויס פונקט ווי איך און מיליאָנען אַנדערע מענטשן, וועלכע זענען באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט..."

דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט דעם הומאַניטאַרן געפיל פאַר יושר, פאַר שיינקייט, פאַר ברידערלעכקייט פון פעל־

קער, זיצט צוגעפעסטיקט צו זיין שטול און זיינע צוגעשלאָסענע אויגן ווערן דורכגעברענט פון די דאָזיקע זעאונגען. וואָס פאַר אַ קאַלאַ־סאַלע אַרבעט עס שטייט פאַר דאָס אַלץ אָפּצואווישן — אָפּצואווישן אַזוי, אַז עס זאָל מער קיין תחית המתים נישט אויפשטיין! אָט ליגט דער באַלקאַן אַ חרובער, אַ געשענדעטער. יוגאָסלאַוויע, גריכנלאַנד, אַלבאַניע. די קליינע פעלקער זענען געוואָגט און העלדיש. אָבער די גרויסע מאַכטן, די נאַטירלכע באַשיצער פון די קליינע פעלקער, האָבן זייער פליכט נישט געטאָן. האָבן פרויען, קינדער, אַלטע און קראַנקע, אַזוי גוט ווי צענטליקער טויזנטער יונגע בליענדיקע מענטשן, געצאָלט מיט זייער בלוט פאַר דער קורצזיכטיקייט פון די גרויסע פעלקער. וועט דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוט זיך אַמאָל איינשטילן? וועלן די געוויסנס פון די פירער פון די גרויסע פעלקער אויפהערן צו ברענען?

אָט איז דאָס סקאַנדינאַווישע האַלב־אינזל. נאָרוועגיע, דענמאַרק. וואָס פאַר אַ זינד זענען זיי באַגאַנגען קעגן דער "אויסדערוויילטער ראַסע"? זענען זיי דאָך אַליין אויך "אַריער". דער "עקספערט" אַל־פרעד ראָזענבערג אַליין זאָגט דאָך עס . . . אָך, יאָ — שיר פאַרגעסן. די נאָרוועגער זענען יאָ באַגאַנגען אַ זינד קעגן די דייטשן. זיי האָבן געהאָדעוועט זייערע יתומים פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. גע־האַלטן זיי ביי זיך און זיי געהאָדעוועט מיט דעם שענסטן און בעסטן. מיזעראַבלע שלאַנגען וואָלטן שוין געווען דאַנקבאַרער, איידער די דאָ־זיקע מענטשן־שלאַנגען פון דעם "מייסטער־פאָלק" . . .

אָט זענען אידן. אומעטום איז זיי צו זען. אַ פאָלק וואָס האָט געגעבן דער מענטשהייט די ביבל, אַ משהן, אַן איינשטיינען, אַ פרוידן, אַ שפינאָזאַן, אַ בערגסאָנען, אַ דר. עהרליך, אַ היינען, אַ מענדעלסזאָן — דאָס דאָזיקע פאָלק האָט נישט קיין אייגן ווינקל, קיין אייגן שטיקל ערד, וואָס עס זאָל קאָנען אָנרופן "מיין היים", ווי דאָס מינדסטע חיהלע אין דער נעסט. נעם־זשע, מענטש, פשוטער בשר ודם צי פרעזידענט, און פאַררוק נאָך אַ שטיקל פון דעם פאָרהענגל און קוק, זע וואָס עס איז פון זיי געוואָרן . . .

עס איז נאָך דאָ אַ רוסלאַנד, אַ האָלאַנד, אַ בעלגיע, אַ פראַנקרייך. דער עראָפּלאַן פליט. ער דרייט זיך אַצינד צווישן אַ קנויל לופט־קעשענעס. די פּאַסאַזשירן פילן כסדר דעם פלאַטער פון דעם מאַשין. דער פרעזידענט אויך. אָבער דער געדאַנק ברענט, צוזאַמען מיט די צוגעשלאָסענע אויגן. אָך, סאַראַ קאָלאָסאַלע אַרבעט עס שטייט פאַר! סאַראַ קאָלאָסאַלע פליכט אויף די פּלייצעס!

ער וויל שלאָפֿן, אָבער עס שלאָפֿט זיך נישט. ער וויל אויפֿהערן טראַכטן פֿון דעם נאַר־וואָס געזעענעם און ער קאָן נישט. מענטשן מיינען, אַז ער איז אַ בריה אויף אַנטשלאָפֿן צו ווערן ווען ער וויל; אויף צו רוען ווען ער וויל. אַזוי מיינען מענטשן. אַזוי האָט ער אַליין אַמאָל געמיינט. אָבער עס הויבט זיך נישט אָן. נישט עס שלאָפֿט זיך און נישט עס רוט זיך היינטיקע טעג. די שרעקלעכע זעאונגען וואָס ער האָט אָפּט, עסן זיך איין אין זכרון. פֿון זכרון שפּרייטן זיי זיך איבער אַלע אברים. עס איז אוממעגלעך דאָס אָפּצושטעלן.

וואו האַלט מען ערשט מיט דער מלחמה. ביי צפֿון אַפֿריקע. עס איז אַ געווינס. די לאַנדונג איז געווען אַן אויפֿטו, אַ קונסטווערק, קאָן מען זאָגן. אָבער אין פֿאַרמעסט מיט דעם וואָס עס דאַרף נאָך געטאָן ווערן, איז עס אַ טראָפּן אין ים. אָט ווי מען וואָלט אַצינד אַראָפּגע־נידערט מיט דעם עראָפּלאַן און אַנגעשעפּט אַ גלאָז וואַסער . . .

ניין, צפֿון אַפֿריקע איז מער ווי אַ טראָפּן אין ים. עס איז אַ קוואָרט בלוט אָפּגעצאַפּט ביי דעם ברוטאַלן שונא. וואָס קומט ווייַ־טער? סיציליע. וואָס ווייטער? איטאַליע. און נאָכדעם? אָ, נאָכ־דעם וועט זיין גענוג וואָס צו טאָן. מען וועט דאַרפֿן אַזוי פֿיל לענדער און פֿעלקער אַרויסראַטעווען פֿון די דעספּעראַדאָס. עס וועט דאַרפֿן קאָסטן אַזוי פֿיל בלוט!

האָט מען עס טאַקע נישט געקאָנט פֿאַרמיידן, אָט דאָס בלוטיקע ספּעקטאַקל? בעסער נישט פֿרעגן. איצט איז פֿאַראַן אַן אַרבעט אָפּ־צוטאָן. און זי דאַרף געטאָן ווערן וואָס שנעלער און גרינטלעכער, כדי די וואָס וועלן בלייבן לעבן זאָלן קאָנען איבער אַנייעס איינאָרדענען זייער וועלט.

מען רעדט עפּעס צום פּרעזידענט. אַ מיט־פּאַסאַזשיר בייגט זיך אָן צו זיין אויער. דער פּרעזידענט הערט. ער הערט אַלעמאָל און אַלעמען אויס. אַפֿילו ווען זיינע געדאַנקען זענען פֿאַרטראָגן ווער ווייסט וואו, גיט ער דעם איינדרוק, אַז ער הערט זיך צו צו יענעם מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט.

מען זיצט ביים טיש און מען עסט. מען רעדט וועגן אַלץ, אָבער נישט וועגן תמצית. ווי ווייט איז נאָך ביז קאַסאַבלאַנקאַ? דער פּרע־זידענט קוקט אויף דער מאַפּע. וואו געפֿינט מען זיך אַצינד? עס איז אַ לאַנגער, גרויער וועג. די וואַסער־אָדערן ציען זיך, דאַכט זיך, אָן אויפֿהער. ווער איז שוין איבער דער־אַ שטרעקע נישט געשוואו־מען? די גרעסטע און די קלענסטע. געשיכטע־מאַכער און אומבאַ־

דייטנדיקע נולן. קריסטאָפער קאָלאָמבוס האָט דאָ אַרויסגעשטעקט זיין לאַרנעט. ווען נישט יענער מיסטעריעזער אַוואַנטוריסט וואָלט איצטער ער, פרענקלין ד. רוזוועלט, געפלויגן אויף אַזאַ מיסיע? מאָדנע וועגן האָט די געשיכטע. לאַבירינטישע צופאַלן. רוזוועלט וועט אָנקומען, ער וועט רעדן מיט מענטשן, מען וועט זיך צוהערן צו זיין וואָרט, מען וועט שאַפן געשיכטע. וואָס אָבער ווען דעם מאַשין גיט זיך אַ פאַר־גלוסט צו שאַפן זיין אייגענע געשיכטע? איין פאַלשן קירעווע פון דעם פילאָט — און — — —

אָ, ווי שטאָלץ און מעכטיק איז דער מענטש ווען מאַשינען ליגן אין זיין האַנט, אין זיין קאָנטראָל! . . .

— לאַנד! — האָט עמיץ אויסגערופן. גאָר ווי אַמאָליקע צייטן, ווען מען איז געפאָרן לאַנגע וואָכן, טיילמאָל חדשים, אויף אַ שיף און מען האָט דערזען לאַנד, אַזוי האָט מען זיך איצט דערפרייט. פונקט מיט פיר הונדערט און פופציק יאָר צוריק האָט איינער פון קאָלאָמ־בוסעס מאַטראָסן אַ געשריי געטאָן: לאַנד! לאַנד! עס איז אַ מאַגיש וואָרט, נאָכדעם ווען מען זעט זיך אָן כסדר — שעהן, טעג, וואָכן — מיט ים. נישט מער: קאָלאָמבוסעס מאַטראָז האָט דערזען די גראָ־זיקע ברעגן פון דער מערבדיקער העמיספער און דאָ האָט אַ בלאַסק געטאָן פאַרן אויג אַ שטיק אַפריקע.

מען האָט אָנגעבויגן קעפּ צו די פענצטערלעך. קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרפעלן צו זען די נייע וויסטאַ. די שטימונג איז עפּעס גלייך געוואָרן לייכטער. פאַרוואָס? אויסערלעך וואָלט אפשר נישט געווען אַזוי גרינג צו דערקלערן די סיבה. אָבער דער מאָמענט פון איבערקומען אַ געפערלעכע רייזע איז אַ גליקלעכער אפילו ביי די געוואַגטסטע, אומדערשראָקנסטע מענטשן.

„מיר זענען שוין אין אַפריקע" — האָט איינער פון די פּאַסאַזשירן אַ טראַכט געטאָן אינדערהויך. ביי אַלעמען האָט זיך אויפגעכאַפּט דער געדאַנק: אַפריקע. דער שוואַרצער קאָנטינענט, רופט מען אים. ווען מען זאָגט דאָס וועגן מזרח און מערב אַפריקע איז עס אמת. ווען מען זאָגט עס אָבער וועגן דרום אַפריקע, באַלידיקן זיך די בורן, וועלכע שטאַמען פון האָלענדער. ווען מען זאָגט דאָס וועגן צפון אַפריקע, האָבן מאַכמעדס קינדער פאַראיבל. ווייל אַראַבער ווערן פאַררעכנט פאַר ווייסע מענטשן, כאָטש זייער הויט איז טונקל און אָפּגעברענט פון דער מדבר־זון.

אַן אַלטער קאָנטינענט איז אַפריקע. באַזונדערס קאָלירפול איז דער טייל וואָס ליגט לעבן מיטללענדישן ים. גרויס און רייך זענען

אַמאָל געווען די קינדער פון ישמעאל. דער איסלאַם האָט באַהערשט ריזיקע שטרעקעס וואָס האָבן זיך אַריינגעשטאָכן טיף אין די אייראָ־פּעאישע גרעניצן. מאַכמעד האָט געהאַלטן אויסגעשפּרייט זיין ברייטן מאַנטל איבער דער וועלט. וואָס איז געוואָרן פון זיין גדולה? ישמעאלס קינדער זענען נאָך היינט אויך גרויס אין צאָל, אָבער נישט אין מאַכט. אַנדערע פעלקער האָבן פאַרכאַפּט די שווערד און זיי רעגירן איבער דער וועלט — דערווייל.

דער עראָפּלאַן נידערט, נידערט צו דער ערד צו. דער פּילאָט, מעידזשאָר אָטיס פּ. ברייען, דערפילט אַ גרינגקייט אין זיינע הענט. אויך פון אים טוט זיך אָפּ אַ משא. בלויז פּוסטע באַרימערס וועלן אָפּלייקענען די מענטשלעכע מורא וואָס לעבט אין זיי. באַזונדערס ווען איינער איז נאָך דערצו פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם לעבן פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פאַר די לעבנס פון אַנדערע הויכע פּערזענלעכקייטן. דער מאַשין רירט אָן דעם באָדן. די מאָטאָרן צוזינגען זיך אַצינד מיט גאָר אַנדערע טענער. ס׳איז אַ נחת פאַרן אויער צו הערן.

דאָס אויג שלאָגט זיך אָן אָן אַ טיפּיש־אַראַבישער לאַנדשאַפט. ווייסע, נידעריקע געביידעס. קיילעכדיק־פאַרשפּיצטע דעכער פון די מאָסקן, וואָס גלאַנצן אָפּ אין דער זון. אַמאָל איז זייער גלאַנץ געווען אַן עכטער. היינט זענען זיי אויס מער ווי אָרנאַמענטן צו אַ תוך איידער דער תוך גופא. פון דער נאָענטן זענען די געבעט־הייזער אויס גאָר נעבעכדיק. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי זייער איצטיקע הויפּט־עובדה וואָלט באַשטאַנען אין זיין אַ מקום־מקלט פאַר בעטלער און טוריסטן. די לידער פון די בעטלער זענען אַלטע, די ניגונים שטאַמען שוין ווער ווייסט פון וויפיל טויזנטער יאָר אָן. פאַר דעם אויער פון אַן אַנגלאָ־זאַקס איז דער דאָזיקער ריטם לאַנג ווי אַן עטלעכע טויזנט מייליקע רייזע אויף אַן עראָפּלאַן.

קאַסאַבלאַנקא — אַ מערקווירדיקער נאָמען פאַר איינעם וואָס קומט אַליין פון קאַסאַ בלאַנקאַ (דאָס ווייסע הויז).ביים פּרעזידענט פאַר־מירט זיך אַ שמייכל אויף די ליפּן ביי דעם געדאַנק.

אָט איז דאָס לופט־פעלד. די פּאַסאַזשירן שטייגן אויס. דעם פּרעזידענטס פּנים איז פריש און רואיק, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַריינ־געשטייגט אינעם עראָפּלאַן. אָבער אונטער דער פרישקייט און רואיקייט ליגט באַהאַלטן געשפּאַנטקייט און דערוואַרטונג. די פּרעזידענטישע ווירדע מוז אָנגעהאַלטן ווערן. אָבער אונטער דעם שטורעמט עס

מיט נייגעריקייט. וואָס קומט? זאָל זיך דער פאַרהאַנג פונאַנדער־עפענען!

מען דריקט זיך די הענט. באַקאַנטע פּנימער שווימען־אויף פאַרן אויג. נייע פּנימער זעען אויך אויס ווי באַקאַנטע. מען האָט זיך שוין אַזוי פיל מאָל געזען אויף בילדער. מען האָט אַזוי אָפט דערמאַנט דעם אַנדערן ביי וויכטיקע קאָנפערענצן, אַז עס איז שווער אונטער־צושיידן וועמען מען האָט יאָ באַגעגנט — און וויפיל מאָל — און וועמען נישט. דיפּלאָמאַטן און מיליטער־לייט מישן זיך אויס. אַלע זענען אַצינד פאַראייניקט אין איין זאַך. אַ חוץ דעם: די גענעראַלן פון די אַנגלאָ־זאַקסישע פעלקער זענען נישט אויס קיין סך אַנדערש ווי די דיפּלאָמאַטן. די גענעראַלן פון די צוויי גרויסע אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער גייען פּשוט אָנגעטאָן. אָן קנעפּ און אָן באַפּוצעכץ, ווי די יונקערישע דייטשן און די גענעראַלן פון די קלענערע לענדער אַפילו. איין גענעראַל טראָגט לאַנגע הויזן און איינער קורצע. דאָס איז כמעט דער גאַנצער אונטערשיד צווישן די ענגלישע און אַמעריקאַנישע מי־ליטערישע פירער.

אַמעריקאַנישע און בריטישע גענעראַלן זענען נישט קיין אידע־אַליסטן. קיינער וויל דאָס אויף זיי נישט אויסטראַכטן. זיי זענען פּראָ־פעסיאָנעלע זעלנער, אמת. אָבער קיין הנאה פון בלוט־פאַרגיסן האָבן זיי נישט. זיי זענען זייער ווייט פון יענע גענעראַלן, וועלכע זענען זיך געזעסן אין זייערע שטאָבן, ווייט פונם פראָנט, און צווישן איין הוליאַנקע און דער אַנדערער, האָבן זיי געכאַפּט אַ קוק אויף דער מאַפּע און געגעבן אַ באַפעל (נישט זעלטן אין אַ שכורן צושטאַנד), אַז טויזנטער יונגע מענטשן זאָלן גיין באַגעגענען דעם טויט. זיי, פאַרקערט, גע־פינען זיך נאָענט צום שלאַכטפעלד. די מערסטע פון זיי לעבן נישט באַקוועמער ווי זייערע סאָלדאַטן.

אָט איז טשוירטשיל. ער איז אָנגעקומען פאַר דעם פּרעזידענט. אַ מאַן פון קנאַפּע זיבעציק יאָר און זיין פּנים שיינט מיט אַ אינגלשער פרישקייט. ער מאַכט טאַקע אָפּט דעם איינדרוק פון אַן איבערגעוועל־טערט אינגל מיט אַ מענערשן ציגאַר אין מויל, ווי ער וואָלט וועלן איבערצייגן דער וועלט, אַז ער איז שוין אַ דערוואַקסענער. זיינע פולע באַקן, אויף וועלכע עס שפּילט אַ פּערמאַנענטע יוגנטלעכע רוגזה, וועלן, ווייזט אויס, קיינמאָל נישט עלטער ווערן. ער האַלט גרייט דעם V צייכן אין זיין האַנט אומעטום, וואו ער גייט און פאָרט. דאָס טוט ער אויך וואוילעריש און פאַרשייט. נאָך בערנאַרד שאָא איז ער אפשר דער אינגסטער ענגלענדער.

דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האַלט פון אים שטאַרק. און פאַרקערט אויך. די צוויי קעפּ פון די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער זענען שוין דורכגעגאַנגען די פּרימאַדאָנישע סטאַדיעס. עס איז שוין נישטאָ ביי זיי די מורא, אַז דער אַנדערער שוישפּילער וועט אויסכאַפּן די פּראָזע. איינער זוכט נישט איבערצושפּילן דעם אַנדערן. דערפּאַר טאַקע — אַזאַ זיכערע האַרמאָניע צווישן זיי. דערפּאַר — אַזאַ גרויסע מוטיקע אנערקענונג פון איינער צום אַנדערן, סיי צווישן זיך פּערזענלעך, סיי פאַר דער וועלט. "דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן פון דער אינוואַזיע (אין צפון אַפריקע)" — האָט טשוירטשיל געזאָגט — "און איך בין בלויז זיין וואַרימער אַרויסהעלפער." וואו נאָך קאָן מען געפינען אַזאַ גרייטקייט צו הויבן יענעם אויפן אייגענעם חשבון? "די ערשטע זאַך וואָס דער פּרעזידענט האָט געפרעגט" — שרייבט מרס. עלינאָר רוזוועלט באַלד נאָכדעם ווען דער פּרעזידענט איז צוריקגעקומען פון זיין עפּאָכע־מאַכנדיקער רייזע קיין קאַירא און טעהעראַן — "איז געווען וועגן מר. טשוירטשילס צושטאַנד."

(טשוירטשיל איז, ווי באַקאַנט, קראַנק געוואָרן אויף ניומאָניע נאָך די דערמאָנטע צוויי היסטאָרישע קאָנפערענצן אין וועלכע ער האָט זיך אויך באַטייליקט)

מען טרעט באַלד צו צו דער אַרבעט פון צוזאַמענשטעלן א וועלט. עס איז אינמיטן יאַנואַר. דאָס יאָר איז 1943. דער שונא הויבט אָן גיין זיין נאָטירלעכן באַרג־אַראָפּ גאַנג. אָבער עס איז נאָך פאַראַן אַ סך וואָס צו טאָן. ענגלישע און אַמעריקאַנישע גענעראַלן מאַכן קלאָר די צוויי פירער פון זייערע לענדער, אַז ווי די לאַגע האָט זיך נישט געביטן צום בעסערן, האַלט עס נאָך ווייט פון דעם געגאַרטן סוף. מען לאַדט איין די צוויי פראַנצויזישע גענעראַלן, דעגאָל און זשיראָ. ביידע דערשיינען מיט זייערע ווירדיקע הויכגעשטאַלטיקע פיגורן. ביידע מאַכן דעם איינדרוק פון שטיקלעך מאַרטירער אין דעם צוזאַמענקום. זשיראָ — מער; דע גאָל — ווייניקער. רוזוועלט פּרוּווט מאַכן שלום צווישן זיי. ער מיינט גוט. ער בעט זיי צו פּאָזירן פאַר דעם פאָטאָגראַפער. ער בעט זיי זיך צו דערלאַנגען די הענט. זיי טוען עס. אָבער — כאַפּט דער פּרעזידענט די דעליקאַטקייט פון דער לאַגע? די צוויי גענעראַלן זענען הויך־סענסיטיווע מענטשן. זיי זענען געוואוינט צו געבן באַפעלן, נישט צו נעמען — אַפילו נישט פון אַ גוט־מיינענדיקן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אָט איז קוירנעל עליאָט, דער זון. ער סאַלוטירט זיין הויפּט־קאָ־מאַנדיר. דער פּרעזידענט איז אָבער, אויסער דעם, אַ פֿאָטער אויך.

— האו אַר יו, עליאָט? — דריקט ער אים די האַנט.

— פיין, סער. — ענטפערט יענער. און שטילערהייט:

— איט׳ס גוד טו סי יו, דעד.

דער פּרעזידענט פֿאָרט אַרום צווישן זיינע סאָלדאַטן. ווי קוקן זיי אויס אויף פרעמדער ערד? זענען זיי צופרידן? ווייסן זיי פֿאַרוואָס זיי שלאָגן זיך? קען ער דאָך גוט זיין פֿאָלק. ווייסט ער דאָך גוט ווי אומבאַקוועם עס פילט זיך אין מיליטערישע קליידער. איז זיי נישט דערווידער דער גאַנצער עסק?

יאָ, עס איז זיי דערווידער. די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן מאַכן נישט קיין סוד דערפון. אָבער עס איז אַ זאַך וואָס דאַרף געטאָן ווערן — דאָס פֿאַרשטייען אַלע. וואָס פֿאַר אַ געזאַנג ווילן זיי זינגען נאָך זייערע פֿאַרזייעטע טרערן? דאָס פשוטע געזאַנג פון אַמעריקע. איינער זאָגט: "איך שלאָג זיך פֿאַר מיין מיידל." נישט מער. עס מיינט מסתמא, אַז ער וויל זיין פריי צו זען זיין מיידל ווען ער וויל און נישט ווען עפּעס אַ "פירער" וועט אים דערלויבן. אַ צווייטער זאָגט: "איך קעמף פֿאַר מיין היים, פֿאַר מיין מיידל, פֿאַר דער שטאָט וואו איך האָב געוואוינט." ער וויל אַ היים, זאָגט ער, וואו ער קאָן לעבן ווי זיין פֿאָטער האָט גע־לעבט; וואו זיינע קינדער זאָלן נישט וויסן פון קיין הונגער. אַ דריטער וויל פֿאָרן מיט אַלמאַן אויף זיין ביציקלעט איבער אָושען פֿאַרקוועי. אַ פערטער — אַ דאָקטאָר — זאָגט, אַז ער שלאָגט זיך ווייל ער וויל אַז אַמעריקע זאָל זיין — אַמעריקע. דער תמצית, אפשר, פון אַלעמענס רייד און באַגערן.

צען טעג האָט יענע קאָנפערענץ אָנגעהאַלטן אין קאַסאַבלאַנקא. דער רעזולטאַט האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם פּרעזידענטס לאַקאָ־נישער דערקלערונג וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי ווערטער: "אַנקאָנ־דישאַנעל סאָרענדער." דער שונא וועט זיך דאַרפן אונטערגעבן אָן באַדינגונגען, הייסט עס.

קלוגע מענטשן האָבן דאַמאָלס קריטיקירט דעם פּרעזידענט פֿאַר דער דאָזיקער דערקלערונג. דאָס וועט בלויז פֿאַרלענגערן די מלחמה, האָבן זיי געזאָגט. דאָס דייטשע פֿאָלק, האָבן זיי געפּשטלט אויף זייערע שרייב־מאַשינען, וועט זיך דערשרעקן פֿאַר די שרעקלעכע ווערטער און עס וועט זיך נישט וועלן אונטערגעבן. פֿאַרקערט, עס וועט נאָך איצטער קעמפן מיט מער עקשנות און ביטערקייט. פּרעזידענט וויל־סאָנס דעקלאַראַציע מיט די פערצן פּונקטן איז שוין געווען אַ קליגערער

שריט. דאָס האָט טאַקע צוגעאײַלט דײַטשלאַנדס קאַפּיטולאַציע אין 1918.

אויפן פּאַפּיר קומט אַלץ אויס פֿײַן און גלאַטיק. די זעלבע סטראַטעגן וואָס ווייסן אַלצדינג האָבן פֿאַרגעסן אַרײַנצונעמען אין חשבון עטלעכע זאַכן.

ערשטנס, אַז מען קאָן איצטער נישט רעדן וועגן אַ דײַטשיש פֿאָלק וואָס קאָן אויפֿנעמען אַ דערקלערונג פֿון אויסלאַנד מיט פֿרייד אָדער מיט מורא. דאָס דײַטשע פֿאָלק שרעקט זיך, ווען געבעלס וויל, אַז עס זאָל זיך שרעקן און עס פֿרייט זיך מיט דעם ווילן פֿון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין. אין פּשוטערע ווערטער: עס דערגייט נישט צום דײַטש קיין זאַך וואָס ווערט נישט פֿריער דורכגעפֿילטרירט פֿון די נאַצישע רעזערוואוארן. איז דעריבער נאַאיוו צו מיינען, אַז אַ דעקלאַראַציע פֿון פּרעזידענט רוזוועלט, ענלעך צו ווילסאָנס פֿערצן פּונקטן, וואָלט געהאַט וועלכן נישט איז שאַנס צו דערגיין צו די דײַטשע אויערן.

צווייטנס, מען פֿירט נישט די מלחמה קעגן דײַטשן פֿאָלק, נאָר קעגן די נאַצישע גענגסטערס (וואָס באַשטייען, צום באַדויערן, אין שווערע מיליאָנען). און די לעצטע ווייסן דאָס. פֿאַר זיי איז פֿאַראַן בלויז איין אויסוועג — געווינען די מלחמה און אויסטרינקען דעם בעכער בלוט ביז צום דנאָי. אויב נישט דאָס, ווייסן זיי, אַז זייער סוף מוז קומען און עס וועלן דעריבער זײַן אַרויסגעוואָרפֿן אַלע גוטע רייד און צוזאָגן.

דריטנס, דאָס דײַטשע פֿאָלק, פֿונם עלטסטן ביזן אינגסטן, דאַרף איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל קריגן די לעקציע וואָס עס פֿאַרדינט. עס דאַרף געצוואונגען ווערן צו צאָלן דעם העכסטן און שווערסטן פּרײַז — אין שוויס און אין בלוט. עס דאַרף דערנידעריקט ווערן ווי עס האָט דערנידעריקט אַנדערע שטאָלצע פֿעלקער. עס דאַרף פֿאַרזוכן דעם טעם וואָס עס מיינט נישט נאָר באָמבעס און גראַנאַטן, נאָר וואָס עס מיינט צו זײַן אונטערטעניק צו אַנדערע. מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ זאָל דאָס דײַטשע פֿאָלק אַרומגיין עטלעכע דורות נאָכאַנאַנד, עס זאָל פֿאַרשעלטן דעם געביין פֿון די וואָס האָבן עס פֿאַרשיכורט מיט אַזעלכע ווילדע רייד, ווי סופּער־מענטש און האַרן־פֿאָלק. עס זאָל זיך רייניקן און טובלען אין די אייגענע יסורים יאָרן נאָכאַנאַנד. ערשט דעמאָלט וועלן אַלע פֿאַרשטיין דעם זין פֿון "אַנקאָנדישאַנעל סאָרענדער" — — און מיט אַלע — דאָס דײַטשע פֿאָלק.

* * *

עס איז די צווייטע העלפֿט פֿון נאָוועמבער, 1943. דער עראָפּלאַן וואָס פֿירט דעם פּרעזידענט קיין קאַירא שנײַדט ווידער די וואָלקנס.

רוזוועלטס מיסיע איז איצטער נאָך אַ ברייטערע ווי די מיט צען חדשים פריער. דאמאָלס האָט זיך געהאַנדלט דערהויפּט וועגן דער אייראָפּעאישער מלחמה און געהאַט האָט ער אַן אַפּאָינטמענט מיט בלויז איינעם פון די פיר ״קעפּ״ פון די גרויסע מלוכות. איצטער דאַרף ער זיך באַגעגענען מיט אַלע דריי — נאָכאַמאָל מיט מר. טשוירטשיל, אויך מיט מר. סטאלין און מיט גענעראַליסימאַ טשיאַנג קאַי־שעק. יענע רייזע, מיט צען חדשים צוריק, האָט פאַראורזאַכט דאָס פאַלן פון בע־ניטאָ מוסאָליני. די איצטיקע רייזע דאַרף פאַרזיכערן דעם זעלבן גורל פון די אַנדערע צוויי אַקס שותפים, היטלער און טאָדזשאָ.

אדאָלף היטלער . . . הידעקי טאָדזשאָ . . . דעם פּרעזידענטס אויערן ווערן אויפגערייצט פון די דאָזיקע צוויי נעמען. דער פּרעזידענט איז נישט קיין האַסער פון מענטשן. ער קאָן באַקעמפן אַ קעגנער און אים אויסשטרעקן אַ פריינטלעכע האַנט. אָבער נישט אזעלכע ווי די צוויי סופּער־אַריער פון אייראָפּע און אזיע . . . אַלע רשעותן פון דער וועלט זענען פאַרקערפּערט אין די צוויי נעמען.

די דערוואַרטונג פון די פאַרשטייענדיקע באַגעגענישן זענען אזוי גרויס, דער געדאַנק איז אזוי פאַרנומען, אַז די רייזע, כאָטש לענגער ווי די ערשטע, געדויערט רעלאַטיוו אַ סך ווייניקער. רוזוועלטס שפּאַנונג צו באַגעגענען דעם כינעזישן גענעראַליסימאַ איז גרויס. נאָך גרעסער איז זיין שפּאַנונג צו באַגעגענען מאַרשאַל יאָסיף סטאַלין. די דאָזיקע צוויי מענער, איינער פון מזרח און דער אנדערער אַ געמיש פון מזרח און מערב, האַלטן שוין לאַנג פאַראינטריגירט זיין נייגער.

קאַיראָ, קאַיראָ! וויפיל האָט ער זיך נישט אָנגעהערט און אָנגע־לייענט וועגן דער דאָזיקער אַלטער שטאָט? נאָך אַלס אינגל האָט אים דער דאָזיקער נאָמען פאַראינטריגירט. ווי אַלט איז שוין קאַיראָ? אפשר דריי, פיר, פינף טויזנט יאָר. ווער ווייסט דען גענוי? זי האָט היינט גרויסע מאָדערנע גאַסן, ברוקירטע. עס יאָגן זיך אויף זיי אַרום מאָדערנע טראַמווייען. גרויסע עלעקטרישע שילדן קאָנקורירן מיט זייערע נעמען פון סחורות און פאַרוויילונג־פּלעצער מיט די שילדן פון ניו יאָרק, לאָנדאָן און פּאַריז. אָבער קאַיראָ האָט אויך קליינע, שמאָלע, געדרייטע געסלעך, וואו מענטשן וואוינען אין דירות וואָס וואָלטן געפּאַסט פאַר די דורות פון פיר טויזנט יאָר צוריק.

ווען רוזוועלט האָט ארויסגעשטיגן פון דעם ריזיקן עראָפּלאַן און ער איז אריין אין זיין ספּעציעלן ״דזשיפּ״, האָט זיך פאַר זיינע אויגן געעפנט אַ פּאַנאָראַמע, וואָס ער האָט פריער קיינמאָל נישט געהאַט גע־זען. נישט נאָר דער פיזישער אויסקוק פון דעם נייעם לאַנד האָט אים פאַרכאַפּט, נאָר עס האָט אים אויך פאַרחידושט די אָפּגעקערטע בליקן

פון די רייען סאָלדאַטן דורך וועלכע ער איז פאַרבייגעפאָרן. די זעלבע סאָלדאַטן, וועלכע וואָלטן אין זיין אייגן לאַנד, אפילו אין ענגלאַנד, געקוקט אויף אים פריי און אָפן, האָבן דאָ געקוקט . . . אין דעם מדבר. אזוי איז געווען דער באַפעל. פאַרוואָס? אפשר אויס מורא, אַז מען וועט אים געבן אַ "גוט אויג" . . . נישט איינמאָל האָט דער פּרעזידענט בשעת מעשה געהאַט דעם פאַרלאַנג אויסצורופן אַ נאָמען און אַ רעד טאָן צו אַ זעלנער. אַ פרעג טאָן "האַו אַר יו, דזשים?" אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן. מסתמא, האָט ער געטראַכט, איז דאָ אַ מיין דערביי, אָט ביי דער אויסערגעוויינטלעכער פאַרזיכט. און ער איז אַ פאַרחידושטער, פאַרבייגעפאָרן זיינע באַזיס.

דער טאָג פון דעם 22־טן נאָוועמבער, 1943, וועט פאַרבלייבן אין געדעכעניש דער באַפעלקערונג פון קאַיראָ אויף לאַנגע יאָרן. קאַיראָ די הויפּטשטאָט אזוי גוט ווי דאָס לאַנד מצרים האָט שוין אין איר פיר טויזנט יאָריקער געשיכטע (טייל ווילן האָבן, אַז די געשיכטע פון מצרים איז שוין זעקס טויזנט יאָר אַלט) געזען אַ סך הערשער פון פרעמדע לענדער. אָבער קיינמאָל פריער זענען זיך אויף דער דאָזיקער ערד נישט צוזאַמענגעקומען אין איין טאָג קעפּ פון דריי לענדער וואָס רעגירן איבער העכער אַ ביליאָן מענטשן. אָט איז טשיאַנג קאַי־שעק, אַן איידל־געבויטער מיט דינע ליפּן, דורך וועלכע עס זייט זיך דורך אַ קוים מערקבאַר שמייכעלע. קאַי־שעק איז אַן אָריענטאַלישער הערשער און עס איז זייער שווער צו וויסן וואָס זיין שמייכעלע זאָגט. עס קאָן פונקט אזוי זיין אַ שמייכל פון נצחון און טריאומף, ווי אַ שמייכל פון פאַרלעגנהייט וואָס די הויכע געזעלשאַפט פון די צוויי פאַרשטייער פון די מעכטיקע מערב־מלוכות רופן ארויס. לעבן אים געפינט זיך זיין אינטערעסאַנטע לעבנסבאַגלייטערן, מאדאם קאַי־שעק. די מינע אויף איר בלייך, קרענקלעך פּנים איז שוין אַביסל פרייער און זיכערער. זי האָט שוין באַגעגנט דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז שוין געווען אפילו זיין גאַסט אין ווייסן הויז. אויך מיט מר. טשוירטשיל קען זי זיך. זי רעדט זייער שפּראַך. זי איז דער סינטעז פון מזרח און מערב. דורך אירע ליפּן וועט איר מאַן רעדן צו די אליאירטע פריינט זיינע. דורך אירע ליפּן וועט איר מאַן הערן די פאַרזיכערונג פון די מערבדיקע פאַרבינדעטע, אַז עס איז אַ מלחמה מיט איין ציל, מיט איינאייניציקן מעגלעכן רעזולטאַט: די פולשטענדיקע ליקווידירונג פון דער יאַפּאַנישער אימפּעריע.

אָט איז ווידער טשוירטשיל מיט דעם אומפאַרמיידלעכן ציגאַר אין מויל. ער איז שוין קראַנק. ער האָט פיבער. דאָקטוירים האָבן אים

פאַרבאַטן צו פאָרן אַזאַ ווייטע שטרעקע. ער האָט, ווי געוויינלעך, נישט געפאָלגט. ער האָט זיך נאָך, צוליב פריילעכקייט וועגן, מיטגעבראַכט זיין טאָכטער און אײדים. זאָלן אנדערע אויך טיילן דעם אינטערעס פון דער עפּאָכע־מאַכנדיקער רייזע.

מען באַזעצט די הויכע געסט אין די "34 ווילאס", הינטער דער שטאָט. די ווילאס זענען פונאנדערגעטיילט אויף דריי חלקים — פאַר די "דריי גרויסע". דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט צוגעטיילט דאָס בעסטע דריטל. וועגן דעם האָט שוין מסתמא געזאָרגט מר. טשוירטשיל, וועלכער איז אַ שטיקל מחותן מיט די עגיפּטישע אוי־טאָריטעטן. יעדע גרופּע ווילאס איז אַרומגענומען מיט שטעכיק דראָט און איז גוט באַוואַכט פון מיליטער. אפילו קיין אנטי־לופט קאַנאָנען פעלן נישט. פאַר רוזוועלטן איז דאָס אַלץ ניי און אינטערעסאַנט. ער שלינגט יעדע שטיקל איבערלעבונג. ווי אינטערעסאַנט עס זאָל אים נישט זיין די ארבעט אינם ווייסן הויז אין וואשינגטאָן, ווערט זי דאָך פאַרוואַנדלט אין אַן אומפאַרמײדלעכער רוטין. און רוזוועלט איז אַן אומרואיקער, שטימונגפולער מענטש. ער האָט נישט ליב קיין רוטין. ער האָט ליב אנדערשקייט. ער האָט ליב בילדער וואָס זאָלן זיך כסדר בייטן פאַר זיין אויג. דערפאַר אימפאָנירט אים אזוי די נייע סיטואציע. דער גאַנצער צוזאַמענשטעל, דער אטמאָספערישער און דעקאָראַטיווער, פילט אים אָן מיט אינטריגירנדיקער צופרידנקייט. אמת, ער איז אַ געפאַנגענער פון זיין ראַנג. אָבער דורך די פענצטער פון זיין געפאַנ־גענשאַפט האָט ער געגנוג רוים אויפצוכאַפּן די נייע וויסטא.

די באַראַטונגען פון די "דריי גרויסע" און זייערע שטאַבן קומען פאַר אין דעם מענא־הויז. דאָס איז אַ לוקסוריעזער האָטעל וואָס באַ־שטייט פון פינף־און־פערציק צימערן. דאָס "הויז" טראָגט דעם נאָמען פון דעם עגיפּטישן קעניג מענא, וועלכער האָט געקיניגט איבערן מדברדיקן לאַנד מיט העכער פיר טויזנט יאָר צוריק. זיין פאַרדינסט זאָל באַשטיין אין דעם וואָס ער האָט פאַראייניקט דאָס דאַן צוריסענע עגיפּטן און ער איז אויך געווען דער ערשטער איינצושפּאַנען דעם טייך ניל פאַר באַוואַסערן דעם באָדן. אויב דאָס איז טאַקע אזוי, איז עס געווען אַ גרויסער געדאַנק פאַר יענער צייט און ער האָט זיך ערלעך פאַרדינט אַ האָטעל אויף זיין נאָמען פינף מייל הינטער דער שטאָט.

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז געווען אַ ביי־טערע פיל פאַר די יאפּאנעזישע אימפּעריאליסטן. כאָטש זיי האָבן בלומרשט געשמייכלט מיט חוזק, ווען זיי זענען באַקאַנט געוואָרן מיטן טעקסט פון דעם היסטאָרישן דאָקומענט. אלע דריי פירער פון די גרויסע

לענדער, (רוזוועלט, טשוירטשיל, טשיאנג קאַי־שעק) האָבן איינשטימיק באַשלאָסן, אַז:

יאַפּאַן וועט זיך מוזן אונטערגעבן אָן באַדינגונגען.

זי וועט געמאַכט ווערן אומפּעאיק ווייטער צו רויבן פרעמדע לענ־דער און מאָרדן פרעמדע פעלקער.

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן אַלע אַנגעראַבירטע טעריטאָריעס פון אַזוי לאַנג צוריק ווי פון 1895, ווען זי האָט אָנגעהויבן איר פאַר גוואַלטיקונג־מאַרש אויף כינע (זי האָט דאַן ביי איר צוגענומען פאָר־מאָסאַ און די פּעסקאַדאָרעס אינזלען).

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן די קאָרעער זייער לאַנד, וואָס זי האָט צוגענומען אין יאָר 1910.

זי וועט דאַרפן אָפּגעבן מאַנדזשוריע, וואָס זי האָט פאַרכאַפּט אין יאָר 1931 (דאָס איז אַ טעריטאָריע פון פינף הונדערט טויזנט קוואַד־ראַט מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון פערציק מיליאָן).

זי וועט דאַרפן אָפּגעבן אינדאָ־כינע וואָס די באַנקראָטירטע ווישי רעגירונג האָט איר געגעבן (דאָס איז אַ טעריטאָריע פון אַרום 260,000 קוואַדראַט מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון דריי־און־צוואַנציק מיליאָן).

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן טאַילאַנד (סיאַם), וואָס זי האָט גע־נומען מיט געוואַלד אין דעצעמבער, 1941 (די טעריטאָריע פון טאַי־לאַנד האַלט אַ קנאַפּן פערטל מיליאָן קוו. מייל און איר באַפעלקערונג איז זעכצן מיליאָן).

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן די פיליפּינען אינזלען, וואָס זי האָט פאַרכאַפּט מיט אַזאַ ברוטאַלער מאַכט (דער שטח פון די פיליפּינען באַ־שטייט פון 115,000 קוואַדראַט מייל און די באַפעלקערונג באַשטייט פון זעכצן מיליאָן).

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן די איסט אינדיעס צו די האָלענדער מיט די אומגעהייער רייכע אויל קוואַלן און גומע פּלאַנטאַציעס (דער שטח פון די איסט אינדיעס איז 737,000 קוו. מייל און די באַפעלקערונג איז זעכציק מיליאָן).

זי וועט דאַרפן צוריק אָפּגעבן מאַלעיאַ, וואָס שליסט איין דעם גיבראַלטאַר פון אַזיע, סינגאַפּאָר (די טעריטאָריע פון מאַלעיאַ איז ניינציק טויזנט קוו. מייל, די באַפעלקערונג איז דריי מיליאָן).

זי וועט דאַרפן אָפּגעבן די ענגלישע קרוין־קאָלאָניע האנג קאנג.

זי וועט דאַרפן אָפּגעבן בורמאַ (אַ טעריטאָריע פון 192,000 קוו. מייל און מיט אַ באַפעלקערונג פון צוועלף מיליאָן).

זי וועט דאַרפֿן אָפּגעבן יעדעס פּיצל כינעזישע ערד וואָס זי האָט אָנגערויבט.

זי וועט דאַרפֿן צוריק אָפּגעבן אַלע פּאַציפֿישע אינזלען וואָס זי האָט אָנגעהויבן איינצוזאַמלען פֿון 1914 אָן.

עס איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלן וואָס די יאַפּאַנעזישע מלחמה־לאָרדן האָבן געפֿילט ווען זיי האָבן איבערגעלייענט די דאָזיקע דעק־לאַראַציע. זיי זענען שוין נישט געווען אַזוי זיכער ביי זיך ווי מיט צוויי יאָר פֿריער. זיי האָבן שוין פֿאַרזוכט דעם ערשטן טעם פֿון אַ מיליטערישער מפּלה אויפֿן ים. זיי האָבן שוין געוואוסט ווי שטאַרק עס צעוואַקסט זיך די מאַכט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אויב זיי האָבן נאָך געהאַט וואָסערע נישט איז פֿעאיקייטן צו טראַכטן ווי מענט־שן, אַ חלום צו טאָן ווי מענטשן, וואָלט זיי נישט שווער געווען זיך צו דערזען נאַקעטע און אָפּגעשונדענע פֿון זייערע מאַסקעס און פֿון זייערע גבֿירישע בגדים וואָס זיי האָבן אַראָפּגעריסן פֿון אַנדערע לייבער. זיי וואָלטן זיך געזען ווי וואולגאַרע "סטריפּ טיז" טענצערס און זיי וואָלטן זיך אַליין דערשראָקן פֿאַר זייער מיאוסער נאַקעטקייט. זיי וואָלטן אויף גיך פֿאַרדעקט זייער שאַנד מיט די אַלטע קליידער זייערע, נאָך פֿון דער צייט איידער זיי זענען אריין אין די געשעפֿטן פֿון גנבֿה און גזלה.

ווען דער דאָזיקער נס זאָל דאַמאָלס (אין סוף 1943) געווען טרעפֿן מיט די יאַפּאַנעזישע גענעראַלן און אַדמיראַלן, וואָלטן זיי דערמיט גע־ווען איינגעשפּאָרט אַ סך לעבנס פֿון זייער פֿאָלק און זיי גופֿא וואָלטן נישט געווען אויסגעשטעלט צו אַ סוף פֿון חרפּה און האַראַ קירי.

נאָכן אונטערשרייבן די דעקלאַראַציע צוזאַמען מיט זיינע צוויי קאָלעגן, האָט רוזוועלט דערפֿילט אַ דערלייכטערונג אויפֿן געמיט. ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל ווי אַ האַלבע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן אויף צו ליקווידירן דעם אַזיאַטישן שונא. האָט ער אַצינד געוואָלט אָנ־קוקן די נייע וועלט: די שטאָט קאַירא, די פּיראַמידן, דעם באַרימטן ספֿינקס. אָבער ער איז נישט געווען פֿריי צו גיין וואוהין ער האָט געוואָלט און ווען ער האָט געוואָלט. אַ מענטש אין זיין הויכער פּאָ־זיציע דאַרף זיין פֿאָרזיכטיק. און אויב ער אַליין איז עס נישט, איז מען עס פֿאַר אים.

קאַירא, קאַירא! "די זיגרייכע" — הייסט זי אויף אַראַביש. וואָס איז מיט איר די גדולה? זי איז די הויפּט־שטאָט פֿון אַ זעכצן־מיליאָ־ניקער נאַציע. מיליטעריש איז זי נול. די קולטור אירע — אַ שוואַכע. היסטאָריש — יאָ, היסטאָריש איז זי "גרויס" דערמיט וואָס איר לאַנד

האָט געהאַלטן מענטשן פון אַן אַנדערן גאָט אין קנעכטשאַפט. ווייטער איז שווער צו דערגיין וואָס עס איז מיט איר אַזאַ גדולה. זי האָט אַמאָל געזיגט איבער אַן אַנדער פאָלק. יעדע נאַציע האָט אין איר געשיכטע צו פאַרצייכענען אַזאַ פאַל. טאָ וואָס־זשע גרויסטו זיך, קאירא? מיט דיינע פּיראַמידן? מיט דיינע גאַסן־בעטלער? מיט דיינע פאַרדעכטיקע הייזער?

דער פּרעזידענט האָט געוואָלט זען די שטאָט. איז מאַלע וואָס אַ פּרעזידענט וויל. מער ווי אַ בליק דאָ און דאָרטן האָט ער נישט געקאָנט כאַפּן. דערפאַר האָט ער געקאָנט אָנזעטיקן זיין אויג מיט די פּיראַמידן. צוזאַמען מיט מר. טשוירטשיל און מר. טשוירטשילס טאָכטער, סערא אליוועד, האָט ער אין זיך געלאָזט ארייַנרעדן פון האדזשי־אלי נומער איינס, דער "עקספּערט" איבער די פּיראמידן. האדזשי־אלי נומער איינס רעדט שוין אזוי פינף־און־דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד וועגן די וואונ־דער פון די פּיראַמידן און דעם דערבייאיקן ספינקס. ער קאָן שוין זיין תורה פון אויסנווייניק. אָבער מערסטע פון די, וועלכע ער דערציילט די דאָזיקע וואונדער, ווייסן שוין אויך זיין גאַנצע תורה, וואָס באַשטייט פון אַ צוואָנציק־מינוטיקער "לעקציע." די דאָזיקע "לעקציע" האָט זיך אין פאַרלויף פון פינף־און־דרייסיק יאָר נישט געענדערט מיט קיין וואָרט. מר. האדזשי־אלי נומער איינס איז, ווי עס ווייזט אויס, אַ קאָנ־סערוואטיווער און געזעצטער מענטש, וועלכער האָט פיינט צו מאַכן ענדערונגען אינם גאַנג פון לעבן.

אויף דעם זעלבן פּלאַץ וואו עס האָבן זיך איצטער געפונען מר. רוזוועלט און מר. טשוירטשיל איז אַמאָל, מיט אַ הונדערט און פינף־און־פערציק יאָר צוריק, געשטאַנען נאָך אַ גרויסע פיגור אין דער וועלט־געשיכטע — נאפּאָלעאָן באנאפּארט. עס איז קוים נויטיק אָנ־צואווייזן דעם אונטערשיד פון יענעם וועלט־דעראָבערער און די צוויי פירער פון די אנגלא־זאקסישע לענדער. האָט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן בשעת מעשה געטראַכט פון יענעם קארסיקאנער באַזוכער? מסתמא נישט. מר. רוזוועלטס געדאַנק איז געווען צו־אָנגעטרונקען מיט דעם פינף־טויזנט יאָריקן וואונדער. האָט ער בשעת מעשה אויך אַ טראַכט געטאָן ווי שענער עס וואָלט געווען דער וואונדער, ווען ער וואָלט געשאַפן געוואָרן מיט פרייע הענט און מיט אייגענעם ווילן? אזוי איז עס גרעסטנטייל אַ מאָנומענט פון שקלאַפעריי און פאַר־גוואַלטיקונג פון יענעמס ענערגיע, מיט וועלכן עס איז גאָר נישטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן.

אָט איז דער ספינקס. אַ ריזקער קערפּער פון אַ לייב מיט אַ

מענטשלעכן קאָפּ. ער האָלט הונדערט־און־פופציק פוס די לענג. דער קאָפּ אַליין איז דרייסיק פוס לאַנג. און די לאַפּעס, וואָס שטרעקן זיך אין דעם מדבר אריין, זענען פופציק פוס די לענג. צו דעם פאַרזעעניש האָט מען אַמאָל געדינט. ער האָט זיך גערופן דער זון־גאָט. שפּעטער, אין מיטלאַלטער, האָבן די אראַבער אים גערופן דער פאָטער פון פחד. איז עס נישט אַן איבעריקער באַווייז, אַז מענטשן באַשאַפן די געטער אײדער פאַרקערט — די געטער באַשאַפן די מענטשן?

שווייגסט, ספינקס. אפשר צוליב דיין שווייגן ביסטו אזוי שטאָלץ און וויכטיק ביי זיך. און נאַאיווע מענטשן פון אלע קאַליבערן באַוואונדערן דיך. דאָס מינדסטע מענטשן־קינד וואָלט געהאָט צו דערציילן אינטערעסאַנטערע זאַכן ווי דו, ווען מען נעמט אים אַזוי ערנסט ווי דיך. שווייג, שווייג. ברעך נישט די טראַדיציע אין דיינע עלטערע טעג. צושטער נישט די אילוזיע פון די וואָס זוכן מי יודע וואָס אין דיינע פאַררעגנטע, פאַרווינטיקטע קאַרבן.

גוד באַי, ספינקס. גוד באַי, פּיראַמידן. דער פּרעזידענט פּראַוועט אַ יום טוב אין דעם מדבר. עס איז טהענקסגיווינג אין אַמעריקע און פּרעזידענט רוזוועלט וויל אים אריבערברענגען אַהער, אין דעם לאַנד פון די פּרעהס. אין דעם פאַל קאָן מר. רוזוועלט אויספירן זיין פאַרלאַנג. אַלץ וואָס ער דאַרף טאָן איז באַשטעלן די ספּעציפישע טהענקסגיווינג־מאכלים און איינלאַדן עטלעכע געסט. אַן אַמעריקאַנישער ארקעסטער איז אויך פאַראַן ביי דער האַנט — "דער ארקעסטער פון דעם מדבר." מיט עטלעכע לידער דערצו, איז די גאַנצע שמחה פאַרפילט.

מר. רוזוועלט איז דערווירט. זיינע געסט באַשטייען פון ווינסטאָן טשוירטשיל, זיין טאָכטער סערא און איר מאַן, מר. אליוווער; ענגלאַנדס אויסלאַנד־מיניסטער, ענטאָני אידען; הערי האָפּקינס; אייווערעל הערימאַן, אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדאָר קיין סאָוועט־רוסלאַנד; דזשאָן ג. וויינענט, אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדאָר קיין ענגלאַנד; אַדמיראַל לעיהי; גענעראַל דזשאָוזעף סטילוועל; דעם פּרעזידענטס אייגענער זון עליאָט און זיין איידים, מעידזשאָר דזשאָן בעטידזשער.

דער ארקעסטער שפּילט באַקאַנטע ניגונים. די שטימונג איז אַ גוטע, די אַטמאָספערע — אַ היימישע. מען עסט די טראַדיציאָנעלע פאַרציעס אינדיק אומפאַרמעל. מען האָט הנאה פון די אַנדערע מאכלים. מען שיכורט נישט. מען שליקעכצט נישט פון איבערגעגעסנקייט. עס איז נישט פאַראַן דער מינדסטער סימן פון מלוכהדיקער עקסטראַוואַגאַנץ. עס טראָגט גיכער דעם כאַראַקטער פון אַ פאַמיליע־צוזאַמענקום.

די היימישקייט דערגייט אזוי ווייט, אַז מר. רוזוועלט הויבט אָן

זינגען אַ ליד. עס איז אַן אייגנאַרטיק ליד. קיינער האָט עס נאָך פריער נישט געהאַט געהערט. האָט ער עס אַליין פאַרפאַסט — טאָקע דאָ אויפן אָרט? קיינער פרעגט נישט. עס איז נישט קיין חילוק אויך. אָבער דאָס גיט דעם שליסל צו די ווייטערדיקע סצענעס. מר. טשוירטשיל, אַט דער קנאַפּע זיבעציק־יאָריקער יונגערמאַנטשיק, שטעלט זיך אויף און באַוויזט דעם עולם ווי אַזוי מען גייט אַ טענצל. דער אַפּלאָז איז אַ ספּאָנטאַנער און אַן איינשטימיקער. נאָכדעם הויבט זיך אָן אַ סדרה אַנקאָרס. מען פּאָדערט אויף די זינגער פון דעם אָרקעסטער צו געבן באַקאַנטע, פּאָפּולערע לידער. מר. טשוירטשיל וויל, אַז מען זאָל אים פאַרטראָגן צוריק קיין אַלט ווירדזשיניאַ. אָט דער זון פון אַן אַמעריקאַנישער מאַמען האָט זיך מיטאַמאָל פאַרבענקט נאָך דעם סטעיט וואו ״קאָטאָן, קאָרן און ׳טעיטאָס וואַקסן״. דער פּרעזידענט וויל מען זאָל אים זינגען ״האָום אָן די רעינדזש.״ עס איז אַ סענטימענטאַל ליד, וואָס איז אַריין אין דעם האַרץ פון זיין פאָלק, דעם אַמעריקאַנישן פאָלק פון שטילע פאַרבענקטע מענטשן, כאָטש מען מיינט, אַז עס האָט ליב צו טומלען און צו שרייען.

״אָ, גיוו מי עי האָום
וועער די באָפאַלאָ ראָום,
ענד דהי דיר ענד דהי ענטעלאָופּ פּלעי;
וועער נעווער איז הוירד
עי דיסקאָרעידזשינג וואָירד,
ענד דהי סקאַיס אַר נאַט קלאַודי אָל דעי.
האָום, האָום אָן די רעינדזש,
וועער דהי דיר ענד דהי ענטעלאָופּ פּלעי;
וועער נעווער איז הוירד
עי דיסקאָרעידזשינג וואָירד,
ענד דהי סקאַיס אַר נאַט קלאַודי אָל דעי.״

דורך דער זשוזשעריי פון די מאָטאָרן זענען די קלאַנגען דערגאַנגען צום פּרעזידענטס אויערן. ״ענד דהי סקאַיס אַר נאַט קלאַודי אָל דעי...״ דאָ קאָן מען עס נישט זאָגן. די האַלב־טראָפּישע הימלען זענען פול מיט וואָלקנס — גרויע, אַש־גרויע, רויטלעכע, ברוינלעכע, וואַסער־קאָלירטע. אפשר מיניען זיך די וואָלקנס דערפאַר ווייל מען שניידט זיך אַריין אין זייערע איינגעווייד און עס טוט זיי וויי . . .

דאָרטן, אין דער היים אויפן דאָרף, וואו זיין געדאַנק איז אַצינד אָנגעטשעפּעט, ליגט די אידיליע באַהאַלטן. דאָרטן שפּרינגען די ווילדע אָקסן אַרום ווי פרידלעכע שמעטערלעך. און דער הערש מיטן ענטעלאָפּ

שפילן זיך צוזאַמען, קיצלען איינס דאָס אַנדערע מיט די יונגע, בויגעוו־דיקע הערנער. און קיינער זאָרגט דאָרטן נישט. און קיינמאָל הערט מען נישט קיין וואָרט פון אַנטוישונג — אָט דאָרטן, אין דער היים אויפן דאָרף . . .

דער פּרעזידענט איז אויפן וועג קיין טעהעראַן, דער הויפּטשטאָט פון איראַן. עס איז אַ רייזע פון 1260 מייל פון קאַירא. "צוועלף הונ־דערט זעכציק", קלאַפּט אויס אַ מאָטאָר פונם עראָפּלאַן. "צוועלף הונדערט און זעכציק", קלאַפּט אויס אַ צווייטער מאָטאָר. דעם פּרעזי־דענטס פּנים איז שטייף און פאַרטראַכט. ער האָט מסתמא וועגן וואָס צו טראַכטן. אָבער באַלד טוט זיך עס אַ פּאָ און אַ ברייטער שמייכל גייט אויף דעם אַרויף. ער דערזעט פאַר זיך דאָס בילד ווי טשוירטשיל טאַנצט. און די טענער צו וועלכע ער טאַנצט זענען . . . "די טראַ־טואַרן פון ניו יאָרק". אַן ענגלישער פּריים מיניסטער און די טראָטו־אַרן פון ניו יאָרק . . . רוזוועלט כאַפּט וואָס דאָס באַדייט. האָט די ענגלישע אימפּעריע אַמאָל געהאַט אַזאַ קאַלירפולן פּריים מיניסטער אין איר געשיכטע? אפשר דיזראַעלי . . .

טשיאַנג קאַי־שעק. אַ מענטש וואָס רעדט שטיל און הערט שטי־לערהייט וואָס מען רעדט צו אים. ער וואָלט געקאָנט זיין דער הויפּט איבער דעם גרעסטן איינהייטלעכן פאָלק אין דער וועלט ווען זיין לאַנד זאָל זיין פאַראייניקט און באַפרייט פון דעם שונא. ער וואָלט געקאָנט ווערן דער קאָפּ פון אַ פערטל פון דער גאַנצער מענטשהייט. אויב דער גורל וועט אים צוהעלפן, וועט ער פאַרווירקלעכן אָט דעם גרויסן חלום. דער פּרעזידענט פאַרמאַכט די אויגן. וואָס פאַר אַ מאַן איז טשיאַנג קאַי־שעק? איז ער ראוי פאַר אַזאַ מעגלעכער מיסיע?

דער פּרעזידענט זעט די פיליפּינער פּריי, די קאָרעער פּריי. זיין האַרץ גיט אַ צאַפּל פון פרייד. דאָס איז זיין חלום, זיין וויזיע: צו זען מענטשן גלייכע און באַפרייטע. זיין האַרץ גיט אַ צאַפּל פון שטאָלץ. אויך ער וועט האָבן אַ שטיקל חלק אין דער אויפגעריכטקייט פון די פאַרשקלאַפטע פעלקער. צוליב דעם אליין איז כדאי צו לעבן אויף דער וועלט, איז כדאי צו האָבן מאַכט און זי אויסניצן פאַר אַזעלכע צוועקן — נאָר פאַר אַזעלכע צוועקן!

אָבער — וועט כינע, נאָכדעם ווען זי וועט באַפרייט ווערן פון דער יאַפּאַנעזישער צוואַנג, זיך קאָנען דערהויבן צו דער מאַכט וואָס זי וועט דאַרפן ווערן — אַ גרויסמאַכט נישט נאָר אין באַפעלקערונג, נאָר אין מיליטערישער שטאַרקייט און אין אָנהאַלטן די דאָזיקע שטאַרקייט מיט ווירדע? עס איז נישט אַזאַ לייכטער פּראָבלעם. כינע האָט קיינמאָל

נישט גענאָסן פון קיין מאַכט וואָס זי זאָל קאָנען אויסניצן קעגן אנדערע. כינע איז ביז איצט געווען אין דער לאַגע פון אַ קינד וואָס קאָן נישט שטיין אליין אויף די פיס. אָבער הויבט נאָר דאָס קינד אָן צו קאָנען גיין, וויל עס לויפן, גאלאָפּירן, שפּרינגען און פליען. כינע לערנט זיך איצטער גיין. זי באַנוצט זיך מיט מאָדערנע מיטלען דאָס צו דער־גרייכן. ווען זי וועט דאָס דערגרייכן, וועט זי זיין צופרידן מיט בלויז גיין, צי וועט זי וועלן לויפן און גאלאָפּירן? כינעזער זענען, סוף כל סוף, נישט מער ווי מענטשן. אַז זיי וועלן ארייננקריגן אַזאַ באַלעבאַטיש־קייט ווי אזיע וועלן זיי וועלן באַלעבאטעווען. יאַפּאַן וועט קיין קאָנ־קורענט נישט קאָנען זיין. אינדיע אוודאי נישט. קאָרעא אויך נישט. סיידן — סאָוועט־רוסלאַנד. וועט כינע קאָנען אויסקומען מיט נאָך אַ מיט־באַלעבאָס אין אזיע? וועלן דאָס אויסגעהונגערטע כינעזישע פאָלק (נאָך מאַכט) און די כינעזישע פירער קאָנען אָנהאַלטן אָט דעם נויטיקן באַלאַנס פון דעם מעכטיקן נישט איינצושלינגען דעם אומ־מעכטיקן? קאָן זיך נישט אַמאָל דאָס גאַנצע רעדל געבן אַ דריי איבער און די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע זאָל זיך נישט אַמאָל, מיט יאָרן שפּעטער, דאַרפן איינשטעלן פאַר אַ געקריוודעטער, שוואַכער יאַפּאַן קעגן אַן אגרעסיווער כינע?

די געשיכטע האָט שוין פאַרצייכנט אַזעלכע אנאָמאלישע פאַלן.

ער גיט זיך אַ שטאַרקן באַוועג אויף זיין פּלאַץ, ווי וועלנדיק אַראָפּטרעסלען פון זיך די שווערע געדאַנקען. זיין פּנים ענדערט זיך מאָמענטאל. דער שיכט ערנסטקייט טוט זיך אָפּ פון זיין פּנים און אַ שמייכלדיק ווינטל באַרירט זיין מויל. זיין געפּאַנצערטער לימוזין שטייט אים פאַר די אויגן. ער האָט אים אליין באַצייכנט אַלס זיין "הימישע טורמע" (קאַונטי דזשעיל), ווייל ער האָט זיך דאָרטן גע־פילט איינגעפּרעסט און אָפּגעזונדערט פון מענטשן, ווי אין אַ טורמע. און דער שאָפער וואָס האָט באַטריבן דעם מאַשין — קראָטאַ, דאַכט זיך (סארדזשענט האראלד א. קראָטא) — איז געווען אזוי צוטומלט, ווען ער האָט זיך געגריסט צו אים. מענטשן קאָנען זיך נאָך אַלץ, ווייזט אויס, נישט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז אַ פּרעזידענט איז אַ מענטש פּונקט ווי אַלע מענטשן.

אָט איז די הייליקע ערד פון די שייכן. עס וואָלט געקאָנט זיין איינע פון די רייכסטע לענדער אין דער וועלט, ווען דאָס פאָלק זאָל זיין רירעווודיקער און אויסניצן די רייכטימער וואָס עס פאַרמאָגט. אָבער דאָס פאָלק וויל בעסער גאָרנישט טאָן — אַ חוץ פירן ליבעס און זיך פאַרשטעלן פון דער זון. אפשר איז זיי בעסער אזוי. וואָס האָבן

שוין די ענגלענדער, וועלכע באַזיצן די מערסטע פון די אויל־קוואַלן אין איראַן? אויל קאָן טאַקע ברענגען געלט און מאַכט אָבער קיין גליק ברענגט דאָס נישט. אמת גליק — פון זיצן מיט די פיס הינטער זיך און בנעימות רויכערן אַ נאַרגילע און דאַנקען אַלאַה פאַר דעם פרידן וואָס ער שיקט צו — פון אַזאַ זאַך וויסן נישט די באַזיצער פון דער פעטער פליסיקייט.

איראַן איז אַמאָל געווען אַ גרויסע מאַכט. די "איראַני" זענען אַ קריגעריש פאָלק. אַמאָל האָבן זיי מיט דער שווערד געוואָלט צווינגען אַנדערע גלויביקע צו גלויבן אין אלאַה, דעם איינציקן גאָט, און אין זיין נביא מחמד. היינט איז איראַן אַן אומבאַדייטנדיק לאַנד פון זעכצן מיליאָן איינוואוינער וואָס וואָלט זיך נישט געקאָנט שטעלן קעגן אַן אַרמעי פון האָזן. ווען די איצטיקע מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז אויף דעם איראַנישן טראָן געזעסן דער שייך פאַהלעווי, היטלערס אַ פאַרערער. היינט זענען דאָרטן די אמתע באַלעבאַטים די רוסישע און בריטישע מיליטערישע עקספעדיציעס, וועלכע האָבן געמוזט פאַרנעמען דאָס לאַנד צייטווייליק ביז וואַנען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. דער שייך פאַהלעווי האָט געמוזט אַראָפּ פון דער בינע און זיין פּלאַץ פאַרנעמט אַצינד זיין זון, וואָס כאָטש אינגער, האָט ער מסתמא מער שכל איידער זיין טאַטע, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער קאָן, איבער ענגלאַנדס און סאָוועט־רוסלאַנדס קעפּ, אויסשטרעקן היטלערן אַ פאַשיסטישע האַנט.

און דאָ, אונטערן שאָטן פון אלאַה און אונטער דער שוץ פון די ענגלישע און סאָוועטישע ביקסן, איז געוואָרן דאָס היסטאָרישע טרעף־פּלאַץ פון די דריי גרעסטע פירער פון דער וועלט — רוזוועלט, סטאַלין און טשוירטשיל.

וויפיל מייל זענען עס די דריי מענטשן אָפּגעפלויגן כדי זיך צו באַגעגענען אין דעם לאַנד פון די טעפּעכער? אָט איז דער חשבון: פּרעזידענט רוזוועלטס רייזע פון וואַשינגטאָן קיין טעהעראַן נעמט אַריין 6,825 מייל; פּריים מיניסטער טשוירטשילס רייזע לאָנדאָן־טעהעראַן — 2,735 מייל; מאַרשאַל סטאַלינס רייזע — 1,535 מייל. צוזאַמען — 11,095 מייל. איז עס כדאי געווען? לאָמיר פּרואוון אַ קוק טאָן.

דער 28־טער נאָוועמבער פון דעם יאָר 1943 וועט זיין אַ געדענק־בארער טאָג פאַר דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין יענעם טאָג האָט ער פאַרווירקלעכט איינעם פון זיינע גרויסע וואונטשן: צו באַגעגענען זיך מיט דעם הויפּט פון דער סאָוועטישער רעגירונג,

מאַרשאַל יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין. דער דאָזיקער וואונטש האָט ביי מר. רוזוועלטן געטליעט שוין אַ לאַנגע צייט. דער נאָמען סטאַלין האָט אים פאַראינטריגירט נישט נאָר דערפאַר ווייל ער האָט רעפּרעזענטירט אַ גרויס און מעכטיק לאַנד, נאָר אויך דערפאַר ווייל ער האָט רעפּרעזענטירט אַ גרויסע, קאָלירפולע פּערזענלעכקייט. איינע פון רוזוועלטס וויכטיקסטע מעלות אַלס אַן אַמעריקאַנישער פּרעזידענט איז דאָס וואָס ער איז, אין קעגנזאַץ צו אַ סך אַנדערע פּרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַ קאָסמאָפּאָליט. ער ווייסט וואָס עס טוט זיך אין אויסלאַנד, נישט נאָר דיפּלאָמאַטיש, נישט נאָר פּאָליטיש און מיליטעריש, נאָר רייך־מענטשלעך. ער ווייסט פון וואָס פאַר אַ קאַליבער די קעפּ פון רעגירונגען זענען. אליין אַ פּערזענלעכקייט פון אַ הויכן פאָרנעם, ציט אים נישט צו מיטלמעסיקייטן, מיידט ער אויס האַלב־געבאַקענע מאַכטהאָבער. אין סטאַלינען האָט רוזוועלט דערשמעקט אַ פירער מיט אַ שטאַרקן ווילן, מיט אַ קלאָרן קאָפּ, מיט אַ טאַקט און אַ מאָס, וואָס איז שווער צו געפינען זיין גלייכן. רוזוועלט איז נישט קיין הינטערן־אויוון זיצער. ער האָט געוואוסט אַלצדינג וואָס מען זאָגט וועגן סטאַלינען — פריינט אַזוי גוט ווי שונאים. ער האָט אָבער אויך אין דעם, ווי אין אַלץ, געהאַט זיין אייגענע מיינונג. און אין איין זאַך איז ער געווען זיכער: אַז אַ פּערזענלעכקייט איז דער סאָוועטישער פּרעמ־יער אַ גרויסע, אַ באַצווינגענדיקע. דערפאַר האָט ער זיך געוואָלט מיט אים באַגעגענען, זיך דורכרעדן מיט אים, אַפּווישן די מיספאַרשטענ־דעניש וואָס עקזיסטירט אפשר צווישן די קעמפנדיקע פריינט, אָנ־קניפּן אַ פאָדים וואָס זאָל זיך ציען אַ סך ווייטער ווי אין די עטלעכע חדשים אָדער עטלעכע יאָר פון דער מלחמה.

ווען עס אים געלינגען? רוזוועלט האָט געהאַלטן, אַז יאָ. ווייל אליין אויך פון די נישט קליינע פּערזענלעכקייטן, מיט דער אומפאַר־מיידלעכער איינגעגלויבטקייט אין זיך, האָט ער באמת געוואונטשן אַ באַגעגעניש וואָס זאָל ברענגען גוטע רעזולטאַטן פאַר די צוויי באַ־טרעפנדיקע לענדער, אַזוי גוט ווי פאַר דער גאַנצער וועלט.

דער געשיכטע־זייגער האָט פאַרצייכנט, אַז די ערשטע באַגעגעניש צווישן רוזוועלטן און סטאַלינען איז פאָרגעקומען אין אַ זונטיק, דריי מיט פופצן מינוט נאָכמיטאָג. וואָס די צוויי מענטשן האָבן געפילט, ווען זיי האָבן זיך געדריקט די הענט אין יענער היסטאָרישער שעה ווייסן בלויז זיי אליין. דער ענגלישער שריפטשטעלער רודיארד קיפּ־לינג איז דאָ געווען צום הונדערטסטן מאָל אומגערעכט. מזרח האָט באַ־געגענט מערב און די זון האָט נישט פאַרשלונגען די לבנה — און אויך

נישט פאַרקערט. די צוויי פירער האָבן זיך נאָכדעם פאַרשלאָסן אויף אנדערטהאַלבן שעה צייט אין דער פּרעכטיקער רוסישער אמבאסאדע, וואָס געפינט זיך אין אַן אויסגעחלומטן אָריענטאַלישן גאָרטן. רוזוועלט איז איצטער געווען סטאַלינס גאַסט, דער גאַסט פון די סאָוועטישע פעל־קער, וועלכע האָבן ליב דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. וועגן וואָס די צוויי שטאַטלייט האָבן גערעדט, איז נישט שווער צו פאַר־שטיין און צו וועלכע שלוסן זיי זענען געקומען קאָן מען אורטיילן פון די וויטערדיקע באַציאונגען צווישן זיי און פון דער דעקלאַראַציע וואָס זיי האָבן ארויסגעגעבן, צוזאַמען מיט מר. טשוירטשילן.

מיט מר. טשוירטשילן איז געשען אַ מכשל. ער איז געוואָרן הייזע־ריק און האָט קוים געקאָנט רעדן. דער רייכער סטיל פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן מענטש איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ מאָמענט; ווי ברוטאַל דאָס לעבן באַהאַנדלט אַמאָל זיינע גרויסע קינדער!

אָבער די ארבעט איז דערפאַר נישט איבערגעריסן געוואָרן. די שטימונג איז נישט קאַליע געוואָרן. די דריי מענטשן — מענטשן פון אַזאַ פאַרשידענעם געזעלשאַפטלעכן און אינטעלעקטועלן צוזאַמענ־שטעל; פירער פון אַזעלכע פאַרשידנאַרטיקע לענדער — רוזוועלט, טשוירטשיל, סטאַלין — האָבן זיך איינגעלעבט אין דעם פּערסישן קלימאַט. זיי האָבן אריינגעצויגן די זעלבע לופט און האָבן ארויסגע־אָטעמט די זעלבע פאַרלאַנגען און די זעלבע צילן. עס איז נישטאָ מער ווי איין שונא. און ער מוז געשלאָגן און געבראָכן ווערן אויף תמיד און אויף אייביק. דער האַס צו דעם דאָזיקן שונא איז אַ געמיינזאַמער און אַן איינהייטלעכער. דער גוטמוטיקער רוזוועלט און דער אַריס־טאָקראַטישער טאָרי האָבן זיך פולשטענדיק געאייניקט אין דער שפּראַך מיט דעם ערנסטן פּרעמיער פון דעם לאַנד וואָס האָט אזוי בלוטיק גע־ליטן פון דעם שונא. אויך אין די מעטאָדן פון פירן דעם קאַמף זענען די דריי פירער געווען איינשטימיק, אויב נישט פּינקטלעך אין דער שעה פון אויפעפענען דעם געוואונטשטן צווייטן פראָנט. אָבער דער מאַן פון מאָסקווע האָט פאַרשטאַנען. דער מאַן מיט די גרויסע וואָנסעס און רואיקן פּנים האָט אויפגעכאַפּט די גוטע כוונה פון דעם מאַן פון וואשינגטאָן, זיין גאַסט אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אין דער שטאָט טעהעראַן.

רוזוועלט האָט זיך געפילט גוט אין דער דאָזיקער סאָוועטישער טעריטאָריע. פון אַלע זייטן האָט אויף אים געווייעט מיט פריינט־לעכקייט און מיט זיכערקייט. צוזאַמען מיט די אמעריקאַנישע שפּייזן

וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשטעלט פון אמעריקאַנישע קוכערס האָט ער אָפּטמאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך ערגעץ אויף אַ דאַטשע נאָך אַ לאַנגן טאָג ארבעט. און די דאַטשע געפינט זיך ערגעץ נישט ווייט פון זיין היים, פון וואשינגטאָן. דער נאָענטסטער אנבליק פון זיין זון עליאט און זיין איידים בעטידזשער, האָט נאָך פאַרשטאַרקט אין אים דאָס דאָזיקע געפיל.

די בריטישע לעגאַציע אין טעהעראַן איז אין דעם טאָג פון דעם 30-טן נאָוועמבער, 1943, געווען אויסגעפּוצט און העל באַלויכטן. מר. ווינסטאָן ספּענסער טשוירטשיל איז אַלט געוואָרן 69 יאָר און ער האָט באַשלאָסן זיך אליין מכבד צו זיין מיט אַ שמחהלע. דאָס איז געווען אַן עכט-טשוירטשיליאַנישער איינפאַל. באַטירלעך, איז דער הויפּט-מאָטיוו דערפון געווען אויסצוניצן די געלעגנהייט און נאָך מער צו דערנענטערן די דריי רעגירונגס-קעפּ איינס צו דאָס אנדערע, צו צעמענטירן דערמיט די פריינטשאַפט פון זייערע לענדער מיט אַ שטאַרקן, אומצושיידבארן בונד.

די שמחה איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן צימער, געבויט אין סטיל פון דער צייט פון קעניגין וויקטאָריאַ. ארום גרויסן טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט פאַרשידנאַרטיקע שפּייז און געטראַנקען פון אַ סך סאָרטן, זענען געזעסן די געסט — 34 אין צאָל. אויבן־אָן איז נאַטירלעך געזעסן דער בעל־שמחה אליין, אַ צושמייכלטער און אַ צוטשטראַלטער. ביי זיין רעכטער האַנט איז געזעסן מר. פרענקלין ד. רוזוועלט און ביי זיין לינקער האַנט, מר. יאָסיף סטאַלין. מרס. סערא אליווער, טשוירטשילס טאָכטער, איז געווען די איינציקע פרוי אויף דער שמחה. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג, אַלץ זאָל זיין צו דער האַנט.

די שטימונג איז געווען אַ פייערלעכע, אָבער נישט אָנגעשטרענגט. מען האָט געטרונקען, אָבער נישט געשיכורט. דער בעל־היובל האָט דערהאַלטן אַ סך מתנות. איין מתנה איז געווען פון זיין פריינט רוזוועלט: אַ פאָרצעלייענע שיסל פונם דרייצעטן יאָרהונדערט. די אויפשריפט האָט געזאָגט: "פאַר וו. ס. טש. (ווינסטאָן ספּענסער טשוירטשיל — ל. פּ.) צו זיין 69-טן געבוירנטאָג, אין טעהעראַן, איראַן, נאָוועמבער 30, 1943, מיט מיינע וואַרימסטע געפילן. מיר זאָלן נאָך זיין צוזאַמען אַ סך יאָר."

אויך סטאַלין האָט ארויסגעוויזן אַ סך אמתע פריינטשאַפט צו דעם עלטערן קאָלעגע פון גרויס־בריטאַניע. ער האָט זיך געהאַלטן איינ־

פאַך און חבריש צו אַלעמען. ער האָט געטרונקען פאַרן געזונט ״צו מיין קעמפּעריש פריינט טשוירטשיל״ און ״צו מיין קעמפּעריש פריינט רוזוועלט.״ דאָס האָט מסתמא געמיינט אַ סך ביי דעם מאַן פון האַנדלונג, נישט פון רייד. ער האָט אָנגעשלאָגן גלעזער מיט יעדן איינעם פון די געסט — 34 מאָל. ער איז ביי יעדעס מאָל אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ און צוגעגאַנגען צו דעם אַנדערן אָנצושלאָגן גלעזער. דאָס האָט ביי אַלעמען ארויסגערופן אַ סך אפּלאָז.

נאָך אַ שיינער זשעסט איז געקומען פון דעם מאַן, וועלכן אזוי ווינציק מענטשן קענען און וועלכער איז אזוי ווינציק אָפּגעשאצט גע־וואָרן פון דער וועלט פאַר זיינע אמתע דערגרייכונגען. ער האָט אויפ־געהויבן זיין גלאָז און הויך אויפן קול האָט ער ארויסגעזאָגט:

״אָן דער אַמעריקאַנישער פּראָדוקציע וואָלטן די פאַראייניקטע מלוכות קיינמאָל נישט געקאָנט געווינען די מלחמה.״

— זש . . . זש . . . זש . . . — רוישן ווידער די מאטאָרן פונם עראָפּלאַן וואָס איז אויפן וועג צוריק. די וואָלקנס ארום, פון רעכטס און פון לינקס, פון אויבן און פון אונטן, ברעכן זיך כסדר, רייסן זיך פונאנדער אונטער די שאַרפע שטאַנגען פון דעם שטאָלענעם פויגל, וואָס האַלט אָפּן זיין מויל און עסט־אויף איין שטיק רוים נאָכן אַנ־דערן. אָבער ער ווערט אַלץ נישט געזעטיקט. ער סאָפּעט און הודזשעט און זשומעט און שרייט: ״נאָך, נאָך רוים.״

עס איז שוין נאָך טעהעראַן און נאָך צוויי מאָל עגיפּטן. עס איז שוין נאָך מאלטא און נאָך מיטללענדישער ים. מען איז שוין באַלד אינדערהיים, אין אמעריקע.

וואָס איז דער סך הכל פון דעם אַלעם?

דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיצט נאָכאַמאָל איינ־געפּעסטיקט אין זיין שטול, פּונקט ווי מיט צוויי וואָכן פריער. דאַכט זיך, די זעלבע שטול און דאָס זעלבע הודזשעניש פון די מאטאָרן. די זעלבע קליינע פענצטערלעך און די זעלבע גרוי־גרוי־ברוינע־רויט־לעך־ברוינע־וואַסער־קאָלירקע הימלען. און די מיט־פּאַסאַזשירן. און אַלץ, און אַלץ . . . אַלץ?

ער מאַכט־צו די אויגן. ערשט איצטער הויבט ער אָן צו באַנעמען דעם גוואַלטיקן מאַרשרוט וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין די קנאַפּע צוויי וואָכן צייט. אַ מאַרשרוט, נישט נאָר קיין פיזישן, נישט קיין גע־

אָגראַפישן, נאָר אַן אָפּטישן, אַ פּסיכאָלאָגישן. וואָס זיין אויג האָט אין זיך איינגעזאַפּט און וואָס זיין געדאַנק האָט אין זיך אריינגענומען אין אָט דער קורצער צייט וועט אים, דאַכט זיך, קלעקן אויף אַ לעבן אַ גאַנצס. וואָס איז דען געשען? מען האָט גערעדט ווערטער און מען האָט פאַרשריבן אויף פּאַפּיר. דאָס איז דאָך אַזוי אַלט און אייביק און טאָג־טעגלעך. און ווער האָט זיך געזען? מענטש מיט מענטש. דאָס אויך איז דאָך אַזוי פּשוט און טאָג־טעגלעך.

וואָס־זשע איז דאָ פאַרגעקומען?

קליינע, אָפּגעריסענע בילדער האָבן אָנגעהויבן שוועבן פאַרביי זיינע צוגעמאַכטע אויגן. אָן אַ סדר זענען זיי געלאָפן. אַ בילד שאַרפער, אַ בילד בלאַסער. איינס האָט זיך פאַרהאַלטן אביסל לענגער פאַרן אויג. איינס איז באַלד איינגעגאַנגען. דאָס זעלבע מיטן אויער, מיטן געדאַנק. איין סצענע האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון מער, איינע ווייניקער. איין פּערזענלעכקייט האָט געפאָדערט מער פּלאַץ פאַרן אויג און אַ גרעסערן שטח פאַרן געדאַנק און אַן אנדערע פּערזענלעכקייט האָט בלויז אָנגערירט אַ שטיקל זכרון און אַ ווינקל פון אַן אויג.

סטאַלין. אַ מערקווירדיקער מענטש. וואָס ער זאָל נישט האָבן גע־הערט וועגן אים — פון מענטשן און פון ביכער — ער איז אַלץ אַ מערקווירדיקער מענטש. ער איז העפלעך, פריינטלעך, וואַרים. און גאָר נישט אַזוי אסקעטיש ווי מען זאָגט. ער קאָן זיין זייער געזעל־שאַפטלעך, אפילו הומאָריסטיש, אפילו גוט־ברודעריש. ווי ערנסט ער איז געווען, ווען ער האָט געמאַכט די דערקלערונג, אַז אָן דער אמערי־קאַנישער פּראָדוקציע וואָלטן די פאַראייניקטע מלוכות נישט געקאָנט געווינען די מלחמה. וועלכער הויפּט פון אַ קליינער מלוכה וואָלט געהאַט די גרויסקייט דאָס צו זאָגן? קאָנען אַזעלכע ווערטער ארויס־קומען פונם מויל פון אַ דעספּאָט? ניין. אַ דעספּאָט איז דאָך, פאַר אַלעם, אַן אַלץ־קענער און אַן אַלץ־דערגרייכער — אליין, אַוודאי. און קאָן איינער, אויף וועלכן מען זאָגט, אַז ער איז אַ טיראַן, אָנהאַלטן לעבנסלאַנגע פריינט אַרום זיך, ווי עס זענען מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, פּרעזידענט קאַלינין, און ווי עס איז געווען דער גרויסער שריפטשטע־לער מאַקסים גאָרקי? ער טעראָריזירט זיי? ער צווינגט זיי אים ליב צו האָבן? לעכערלעך.

טשורטשיל. דער אייביק־יונגער "ווינני." אויך אויף אים רעדט מען. אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש, אַן אימפּעריאַליסט, אַ טאָרי. ער קען דעם דאָזיקן מענטש. ער האָט אים שוין געזען ביי אַ סך געלע־

גענהייטן און אין פאַרשידענע שטימונגען. עס שמעקט פון אים מיט דעמאָקראַטישקייט און אומפּאַרמעלקייט. אָט האָט ער מיט זיך זיין טאָכטער סערא און זיין איידים — אַן אַקטיאָר. צי עס שטייט אים אָן דער דאָזיקער שידוך, צי נישט — ער איז פאָטערלעך צו זיי ביידע. ער ווייזט מיט גאָרנישט ארויס זיינע אמתע געפילן — אויב אַזוינע זענען פאַראַן — פון אַ געקריוודעטען פאָטער, ווענען אַ קאַפּריזנע טאָכטער האָט פאַרפלעקט דעם יחוס.

די סצענע מיט דער שווערד פון סטאַלינגראַד. ער וועט זי לאַנג געדענקען. אַ שיינע פייערלעכקייט, אַן איבעריקער באָמבאַסטיק און פּאָמפּ. סטאַלין האָט אים שפּעטער אריינגעבראַכט ווייזן די שווערד, וואָס ער האָט געקראָגן אַ מתנה פון דעם ענגלישן קעניג דזשאָרדזש דעם זעקסטן דורך מר. טשוירטשילס האַנט. אַ שווערד, אַ מייסטערשטיק. "פאַר די העלדן פון סטאַלינגראַד". יאָ, די העלדן פון סטאַלינגראַד האָבן פאַרדינט אַנערקענונג. זיי האָבן נישט אָפּגעראַטעוועט די שטאָט זייערע אליין. זיי האָבן געראַטעוועט זייער לאַנד. זיי האָבן צוגעטראָגן אַן אומגעהייערן טייל פון אָפּראַטעווען די וועלט פון אַ פּלאָג, וואָס האָט געקאָנט אומברענגען די מענטשהייט און ברענגען די דזשאַנגלס אין די שטעט אריין. די ענגלענדער זענען קלוגע מענטשן. מיט אלע זייערע חסרונות זענען די ענגלענדער קלוגע מענטשן. דאָס איז זייער גליק. אַנישט וואָלט אַזאַ קליין אינזלדיק פאָלק נישט געקאָנט רעגירן איבער אַ פערטל פון דער מענטשהייט.

די סאָוועטישע אמבאַסאדע איז געווען יום טובדיק אויסגעצירט. דער וועלט־מענטש טשוירטשיל, וואָס פילט זיך אומעטום אינדערהיים, האָט איבערגעגעבן סטאַלינען די שווערד. "אין נאָמען פון זיין מאַיעס־טעט" — האָט ער געזאָגט. ער אליין איז, הייסט עס, בלויז דער אויס־פירער פון דער שליחות. נאָך אַ זשעסט פון אַ גרויסן מאַן וואָס קאָן זיך פאַרגינען אַזאַ לוקסוס. סטאַלין האָט גענומען דאָס געשאַנק און אַ קוש געטאָן די בלאַנקע זייט. ביידע הימנעס, די סאָוועטישע און די בריטישע, האָבן נאָכגעפאָלגט און דערגאַנצט די פייערלעכע שטימונג.

ווי אַזוי האָבן די אַקס־מלוכות געפילט, ווען זיי האָבן נאָכדעם גע־לייענט וועגן דעם? וויפיל נאָך קאַרטן וועט געבעלס שטעלן אויף דער אומאייניקייט פון די פאַראייניקטע מלוכות?

דעם פּרעזידענט נעמט ארום אַן אַנגענעמע מידקייט פון די דאָזיקע בילדער. ער איז צופרידן. אַ טייל פון זיין ארבעט איז אָפּגעטאָן — אַן אַרבעט וואָס איז גרויס ווי דער קאָסמאָס גופא. עס שטייט נאָך פאָר אַ סך, זייער אַ סך. אָבער דער וועג ווערט געפלאַסטערט. ער

מעג זיך פֿאַרגינען צו זיין צופֿרידן אויף אַ שטילן, געלאַסענעם אופֿן. די דעקלאַראַציע פֿון אַלע דריי פֿירער, אַז ״קיין מאַכט אויף דער ערד וועט אונז נישט אָפּהאַלטן פֿון פֿאַרניכטן די דייטשע ארמייען אויפֿן לאַנד, זייערע אונטערוואַסער־שיפֿן אויפֿן ים און זייערע עראָפּלאַנען פֿון דער לופֿט״ וועט אָפּגעהיט ווערן. די דעקלאַראַציע האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט די דערמוטיקנדיקע ווערטער, אַז די דריי שטאַטלייט וואָס שאַפֿן געשיכטע פֿאַר הונדערטער און אפֿשר פֿאַר טויזנטער יאָר פֿאַרלאָזן די קאָנפֿערענץ ווי ״פֿריינט אין טאַט, אין גייסט און אין ציל.״

אָט איז טערקיי, דער אַלט־באַקאַנטער קראַנקער מאַן פֿון אייראָפּע. אָבער עס איז מאָדנע: דער חולה זעט גאָר אויס בעסער ווי אַמאָל. איז עס מעגלעך, אַז די יאָרן האָבן אים נישט נאָר רייף געמאַכט גייסטיק, נאָר זיי האָבן אויך געהאַט אַ פּעולה אויף זיין פֿיזישן צושטאַנד? אָדער איז עס צוליב דעם אַלטן אמת, אַז מען קאָן נישט אָפּטיילן איינס פֿון דאָס אנדערע. ״אַ געזונטער גייסט אין אַ געזונטן קערפּער.״ די גריכישע חכמים האָבן, ווייזט אויס, פֿאָרט געוואוסט וואָס זיי רעדן.

פּרעזידענט אינאָנו. ווי אַזוי האָט ער זיך געפֿילט צו זיצן צווישן די צוויי אַנגלאָ־זאַקסישע לייבן, טשוירטשיל און רוזוועלט? עס איז געווען דעם פּרעזידענט רוזוועלטס המצאה. ״לאָמיר זעצן דעם פּרעזידענט פֿון טערקיי צווישן אונז.״ טשוירטשיל האָט מסכּים געווען. טשוירטשיל איז אַלעמאָל מסכּים צו זאַכן וואָס פֿאַרמאָגן אין זיך לאָגיק. זענען זיי געזעסן: איסמעט אינאָנו, רוזוועלט און טשוירטשיל אַרום אים. גערעדט האָט מען פֿראַנצויזיש, וואָס אַלע דריי רעדן מסתּמא גלייך נישקשהדיק. אַזוי איז אַלצדינג געגאַנגען פֿיין און גלאַטיק. ביז וואַנען מען איז צוגעקומען צו אַן עיקר פֿראַגע, וואָס האָט אָנגערירט אַ ברען־פּונקט. דאַמאָלס האָט מר. אינאָנו אָנגעהויבן צו ליידן אויף זיין אַלטער קרענק, נעבאַך. ער איז געוואָרן שוואַך אויפֿן געהער. יאָ, דאָס איז מר. אינאָנוס אַן אַלטע שוואַכקייט. ער דערהערט נישט גוט. באַזונדערס איז אים שווער צו הערן, ווען מען פֿאַרלאַנגט עפּעס פֿון אים אָדער פֿון זיין לאַנד. דאַמאָלס דערוועקט זיך אין אים זיין קראַנקהייט אויף דעם שאַרפֿסטן אופֿן. אָרימער, מאַרטירערישער איסמעט אינאָנו! וואָס ער דאַרף זיך אויסשטיין צוליב זיין פּאַטריאָטיזם!...

רוזוועלט שמייכלט אויף זיין שטול. אים איז געווען באַקאַנט דער דאָזיקער פֿאַקט פֿון פֿריער. נישט איין גרויסן שטאַטמאַן האָט דער ערנסט־אויסקוקנדיקער אינאָנו שוין אויסגעקליגלט מיט דער דאָזיקער טויבקייט זיינער. האָט ער מיט זיי, מיט טשוירטשיל און אים, אויך געשפּילט די קאָמעדיע? עס קאָן זיין. אָבער אויב יאָ, איז זי נישט

געוועזן צו־איינזייטיק. פאַראַן דיפּלאָמאַטן וואָס פאַרשטייען זיך גאַנץ נישקשה אפילו אויף אַזאַ שרעקלעכער חולאת, ווי טויבקייט . . .

מאלטא. אַ קליין אינזעלע, וואָס איז אינגאַנצן זיבעצן מייל לאַנג און אַכט מייל די ברייט. אין 1814 האָבן די ענגלענדער עס צוגענומען אַן אַ שלאַכט נאָכדעם ווי נאַפּאָלעאָנס שטערן איז אינגאַנצן אונטערגע־גאַנגען. זיי האָבן עס פאַרוואַנדלט אין אַן אומדורכדרינגלעכער פעס־טונג. דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט טאַקע גע־געבן די העלדישע איינוואוינער פון מאלטא (וואָס באַשטייט פון 270,000) אַ שריפטלעכע אנערקענונג, אין וועלכער ער לויבט זייער העלדישקייט און זייער אויסערגעוויינטלעכן אויסדויער. דריי יאָר צייט האָבן זיי גע־מוזט אויסשטיין אַ כסדרדיקע, כמעט טאָג־טעגלעכע באָמבאַרדירונג פון דער פאַשיסטישער איטאַליע און דער נאַצישער דייטשלאַנד און זיי האָבן אויסגעהאַלטן. זייער מאָראַל איז געבליבן אייזן־שטאַרק. "מאַל־טאַס ליכטיקן ביישפּיל פון מוט און קוראַזש וועט דינען אַלס וועג־ווייזער פאַר די קומענדיקע דורות," האָט דער פּרעזידענט געזאָגט.

דער געדאַנק גיט זיך אַ פאַרקירעווע אויף צוריק. מען האָט אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט אנטוישט די פּערסיער. זיי האָבן זיך גע־פילט שטאַרק געקריוודעט און אָפּגענאַרט. זיי האָבן זיך נישט גערעכט, אַז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער האָט אַ שם פאַר אַזאַ פיינעם מאַן, וועט זיי אַזוינס אָפּטאָן. מען האָט אים געזען ארויסשטייגן פון זיין עראָפּלאַן אַנגעטאָן ווי אַ פּראָסטער וואַיאַזשאַר, דערצו נאָך אַ פאַרשטויבטן. צו וואָס האָט ער דאָס געטאָן? ווי פּאַסט עס פאַר אַ "שייך" פון אַזאַ רייך לאַנד, ווי אמעריקע? . . .

נאָך אַ פלי צוריק. ווען מען איז ארויסגעפלויגן פון קאירא, אויפן וועג צוריק אהיים, האָט דער פּרעזידענט געהייסן פאַרבייפאָרן דאָס פלאַץ וואו ראַמעל האָט געכאַפּט זיין ערשטע גרויסע מפּלה און וואו מאָנטגאָמערי האָט געשאַפן פאַר זיך אַן אומשטערבלעכן נאָמען. על אלאמעין! דאָ איז געשריבן געוואָרן געשיכטע פאַר דורות — מיטן בלוט פון דער אכטער ארמעי, וואָס איז באַשטאַנען פון ניי־זעלאַנדער און אויסטראַליער; הינדוסן און פּאַליאַקן; אידן און טשעכן; ענג־לענדער זענען אויך געווען . . .

— באַלד וועלן מיר זיין אין טאָברוק. — האָט דער פּרעזידענט גע־זאָגט. און ער האָט געטראָפן כמעט צו דער מינוט. זיינע מיט-פּאַ־סאַזשירן האָט געוואונדערט זיין געאָגראַפישע אָריענטאַציע.

קאַרטאַגאַניע (קאַרטעדזש, אין טוניסיע). דאָ האָט זיך מיט צוויי

טויזנט יאָר צוריק אָפּגעשפּילט איינע פון דער וועלטס גרעסטע אזארט־שפּילן. אפריקאַנישע העלפאנטן האָבן שיר נישט באַזיגט די מעכטיקע רוים. ווען דאָס זאָל געווען צושטאַנד קומען וואָלט איצטער, מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער, די וועלט געהאַט אַן אַנדער פּנים. אפשר אַ בעסערס ווי זי האָט. ווייל אַן ערגער פּנים איז זיך שווער אויס־צומאָלן.

דאָ האָט פּרעזידענט רוזוועלט זיך באַגעגנט מיט גענעראַל אייזענ־האוער. דאָ האָט ער אים איבערגעגעבן די פּלענער וואָס זענען אויס־געאַרבעט געוואָרן אין טעהעראַן. די דאָזיקע פּלענער וועלן פון דעם גענעראל פון אַלע אַליאירטע ארמייען פון מערב אייראָפּע דאַרפן דע־טאַליזירט ווערן ביזן קלענסטן פּינטעלע. דער פּרעזידענט האָט צו־טרוי צו אייזענהאוערן. זאָל דער דאָזיקער צוטרוי אים נישט אָפּנאַרן.

—זש . . . זש . . . זש . . . באַלד אינדערהיים. עס שמעקט שוין מיט אמעריקע. דער אטלאנטיק, כאָטש ער ליגט אונטן, ווייט פונם אויג, שמייכלט אַנטקעגן. עס איז גוט צו פאָרן — קיין עגיפּטן, קיין איראַן, קיין טוניסיע. עס איז גוט — ווייל מען דאַרף און מען מוז עס. אָבער די היימישע וואַסערן פונם אטלאנטיק שמעקן פאָרט באַ־טעמט. די ביינער זענען מיד. די אויגן זענען אָנגעשטרענגט. דער קאָפּ איז שווער. אין די אויערן הויבט אָן קלינגען אַ באַקאַנטער מאָטיוו:

„אָ גיוו מי עי האָום,
ווהער דהי באָפּאַלאָ ראָום,
ענד דהי דיר ענד ענטעלאָופּ פּלעי;
ווהער נעווער איז הוירד
עי דיסקאָרעדזשינג וואָירד,
ענד דהי סקאַיס אר נאָט קלאַודי אָל דעי.
האָום, האָום אָן דהי רעינדזש,
ווהער דהי דיר ענד דהי ענטעלאופּ פּלעי;
ווהער נעווער איז הוירד
עי דיסקאָרעדזשינג וואָירד,
ענד דהי סקאַיס אַר נאָט קלאַודי אָל דעי . . .“

# נאָכוואָרט

די לעצטע שורות פון דעם דאָזיקן בוך זענען פאַרענדיקט געוואָרן אין פרילינג פון 1944. דורך דער צייט זענען פאָרגעקומען אַ סך ענדערונגען אויף דער וועלט — איינגעשלאָסן די פרעזידענט-וואַלן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, ביי וועלכע רוזוועלט איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף אַ פערטן טערמין.

עס וואָלט, נאַטירלעך, געווען נאַאיוו צו פרעטענדירן אָנצושרייבן אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע פון פרענקלין ד. רוזוועלט איצטער, ווען דער מענטש איז נאָך טעטיק אין דעם גרעסטן פעריאָד פון דער מענטשלעכער געשיכטע. זאָל דעריבער דער דאָזיקער בוך דינען אַלס אַ קליינער טייל פון דעם גרויסן מאָנומענט פרענקלין ד. רוזוועלט וואָס האָלט אין געשאַפן ווערן פון אים אַליין.

דער אויטאָר